ד"ר ח. זשיטלאָווסקי

## געזאמלטע שריפטן

דרייצנטער באַנד

# דער סאציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע

פארלאַג ח. בזשאָזאַ

וואַרשע 1935

## אינהאלט:

# פֿאָרוואָרט

אין דעם דרייצנטן באַנד גייען אַריין דריי גרעסערע אַרבעטן וועגן דער טעאָריע פֿון נאַציאָנאַליטעט. דער אַנאַליז פֿון אָטאָ באַוערס בוך איז פֿריער געווען געדרוקט, ווי אַ פֿאַרוואָרט צו דער רוסישער איבערזעצונג, וועלכע דער „סערפּ" האָט אַרויסגעגעבן. די יידישע איבערזעצונג פֿון דעם פֿאָרוואָרט האָט, אונטער מיין רעדאַקציע, געמאַכט מיין פֿריינט מ. מ. ראָזענבאַום. איך דריק אים דאָ אויס מיין האַרציקסטן דאַנק.

װאַרשע, דעם 21־טן יולי 1930.

# דער סאָציאַליזם
# און די נאַציאָנאַלע פראַגע

# פאָרוואָרט

## צו דער יידישער איבערזעצונג

דאָס ביכל, וואָס איך גיב איצט איבער דעם לייענער, איז פריער געדרוקט געוואָרן אין דייטש, דערנאָך איבערגעאַרבעט געוואָרן אין רוסיש. די יידישע איבעראַרבעטונג איז געמאַכט געוואָרן אויף דעם גרונט פון דער רוסישער. פון דער „הקדמה צו דער רוסישער אויסגאַבע” קאָן דער לייענער דערגיין, וועלכע ענדערונגען עס זענען אין איר אַריינגעטראָגן געוואָרן לגבי דעם דייטשישן טעקסט.

אין דער יידישער אויסגאַבע זענען אויך געמאַכט געוואָרן פאַרענדערונגען, אָבער נישט בנוגע צו די גרונט-פּרינציפּן. די שפּעטערע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע פון אָטאָ באַוער און קאַרל קויטסקי האָבן מיר באַוויזן, אַז איך בין מיט מיינע אונטערזוכונגען געגאַנגען אויף אַ ריכטיקן וועג און אַז איך האָב נישט צוריק צו נעמען קיין איין שטריך, כמעט קיין איין וואָרט פון מיין טעאָריע.

די פאַרענדערונגען אין דער יידישער אויסגאַבע זענען געמאַכט געוואָרן כמעט אומעטום נאָר צוליב קלערער מאַכן דעם ענין פאַר אַזעלכע לייענער, וואָס האָבן ווייניק בילדונג און וויסנשאַפט, און וועמען אַ סך געדאַנקען וואָלטן אויסגעקומען פרעמד פשוט דערפאַר, ווייל זיי זענען נישט באַקאַנט מיט דעם אלף-בית פון דער פראַגע. דעריבער קאָן מען די יידישע אויסגאַבע מיט אַ געוויסן רעכט רעכענען פאַר אַ פּאָפּולאַריזירטע

אויסגאַבע. געוויס געהער מיין אַרבעט נישט צו יענע פּאָפּולאַ־ריזאַציעס, ווו דער מחבר איז באמת נישט נאָר אָפּצושיילן דאָס אייעלע, נאָר אויך צו צעקייען און אַריינצושטעקן די שפּייז אין מויל אַריין, שיילן, טראָגן אין מויל אַריין און קייען וועט שוין דאַרפן דער לייענער אַליין, ד.ה. מיט אַנדערע ווערטער: דאָס ביסל וויל געלייענט ווערן „מיט קאָפּ״. און אויב דער לייענער פאַרשטייט נאָר דעם „פירוש המילות״, דעם פשוטן „טייטש״ פון די ווערטער, וועט אים זיין נישט שווער אַרויסצוגעפינען זייער מיין.

אַ צרה איז מיט די, וועמען אַסך אויסלענדישע און העבּרעאישע ווערטער זענען פרעמד. אָבער דער צרה קאָן איך מיט קיין זאַך נישט העלפן. דאָ בלייבט פאַר דעם לייענער קיין אַנדער ברירה נישט, סיידן טאָן, וואָס אַלע מענטשן טוען אין אַזאַ פאַל. מען שאַפט זיך איין אַן אויסלענדישן און העבּרעאישן ווערטערבוך (עס איז שוין פאַראַן אַזאַ אין יידיש). די צייט איז אַריבער, ווען דער מחבר האָט זיך געמוזט צופּאַסן נישט נאָר צו דעם בילדונגס־גראַד, נאָר אויך צו דעם וואָרט־רייכטום אָדער דער וואָרט־אָרעמקייט פון דעם יידישן המון. עס איז שוין צייט, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל זיך אַליין מטריח זיין צו שטודירן יידיש, נישט נאָר ווי זיין פאָלקס־שפּראַך, נאָר אויך ווי זיין נ אָ צ י אָ נ אַ ל ע שפּראַך, דאָס הייסט—נישט נאָר ווי אַ לשון, וועלכעס דאָס פאָלק געברויכט אין זיינע טאָג־טעגלעכע עסקים, נאָר אויך ווי אַ ליטעראַטור־שפּראַך אין וועלכער עס דענקט און שרייבט (און וואָס ווייטער. אַלץ מער און מער) זיין אינטעליגענץ.

ווענט־ענגעלווד, סוף אַפּריל, 1908

# פאַרוואָרט

## צו דער רוסישער אויסגאַבע

די אַרבעט, וואָס איך גיב איצט איבער דעם לייענער, איז פריער געווען געדרוקט אין דעם דייטשישן זשורנאַל „דויטשע וואָרטע", וועלכן ענגעלבערט פערנערסטאָרפער, איינער פון די באַקאַנטע פירער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט אַרויסגעגעבן אין ווין. חבר פערנערסטאָרפער האָט דערנאָך זי אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונדער בראָשור, נישט פאַר דעם בוכהאַנדל, נאָר צוליב דער אַגיטאַציע צווישן די עסטרייכישע חברים פאַר דעם פּאַרטיי-קאָנגרעס אין ברין, וואָס אויף אים האָט געדאַרפט פונאַנדערגעקליבן ווערן די נאַציאָנאַלע פראַגע*). די רעזאָלוציע פון דעם פּאַרטיי-קאָנגרעס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן וועגן דער נאַציאָנאַליטעטן-פראַגע, איז געווען ווי צוגעמאָסטן צו די טעאָרעטישע געדאַנקען, פאַר וועלכע איך האָב זיך איינגעשטעלט אין דעם ביכל. דיזעלביקע טעאָרעטישע געדאַנקען זענען געווען דער פונדאַמענט פון מיין אַגיטאַציע צוליב אַ זעלבשטענדיקן יידישן סאָציאַליזם, וועלכע איך האָב זינט 1889 דורך רעפעראַטן געפירט צווישן דעם יידישן יונגן דור, וואָס האָט שטודירט אין דער שווייץ.

*) Der Socialismus und die Nationalitaeten-frage. Nicht fuer den Buchhandel bestimmter Sonder-abdruck aus dem August-September Hefte 1899 der „Deutschen Worte".

אויסשפּרעכן זיך געדרוקטערהייט וועגן דער נאַציאָנאַלי־טעטן־פראַגע בנוגע צום יידישן סאָציאַליזם האָב איך געקאָנט מער נישט, ווי אין צוויי־דריי אַרבעטן, און אויך דאָס — נישט גאַנץ*).

ליידער קאָן אויך די איצטיקע אַרבעט, וואָס האָט אַ ריין־טעאָרעטישן כאַראַקטער, נישט אַרויסטרעטן מיט דער פּרעטענזיע, אַז זי שעפּט אויס אַלץ, וואָס איז נוגע צו דער שאלה.

צוליב דעם באַזונדערן צוועק, וואָס איך האָב געהאַט אין אויג, בעת איך האָב זי געשריבן, האָב איך נישט געטאָרט אַריינלאָזן זיך אין טיפע חקירות וועגן אַסך ריין־טעאָרעטישע פראַגן, וואָס זענען אויסגעבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער טעאָריע פון נאַציאָנאַליטעט. איך האָב אויך נישט געקאָנט באַווייזן — וואָס דאָס וואָלט געוועזן זייער נויטיק — ווי אַזוי עס זעען אויס די פּראָבלעמען פון דעםווירקלעכן קאַמף, וואָס די פעלקער פירן פאַר זייער זעלבשטענדיקן און פרייען זיין אויף דער וועלט, ווען מען שטעלט זיי (די פּראָבלעמען) אַוועק אין דעם ליכט פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. אָבער ווייניקער פאַר אַלץ האָב איך מיך געקאָנט פאַרנעמען מיט דעם פאַנאַנדערפלאָנטערן יענעם קנויל טעאָריעס און פּראָבלעמען, וואָס ווערט אָנגערופן: „די פראַגע פון דער יידישער ווידערבאַלעבונג", און אויפווייזן, וואָס פאַר אַ ראָלע אין דער ווידערבאַלעבונג פון אונזער פאָלק עס דאַרף שפּילן דער יידישער פּראָלעטאַריאַט און די יידישע אינטעליגענץ. וועגן דעם האָפן מיר צו שרייבן אַ באַזונדערן גרעסערן חבור.

*) 1) „Еврей къ Евреямъ", Лондонъ, 1892. ארויסגעגעבן פון דעם „Фондъ вольной русской прессы"

2) „ציוניזמוס אָדער סאָציאַליזמוס?" אַן אַרטיקל אין דעם זעקסטן נומער פון דעם „אידישען ארבייטער", אָרגאַן פון יידישן „בונד". דער „בונד" האָט דעם אַרטיקל ארויסגעגעבן אין אַ באַזונדער בראָשור אונטער דעם־זעלביקן נאָמען, אָבער אָן דעם לעצטן „נאַציאָנאַליסטישן" קאַפּיטל. (מערץ, 1899).

3) „פאַר וואָס דווקא אידיש?" אַן אַרטיקל אין דעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", אויב איך האָב נישט קיין טעות, אין דעמזעלביקן 1899־טן יאָר.

נישט קוקנדיק אָט אויף די אַלע זייער וויכטיקע חסרונות פון דער אַרבעט „דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַליטעטן-פראַגע", האָב איך פונדעסטוועגן מיר געזאָגט, אַז עס שאַדט נישט באַקאַנט צו מאַכן די חברים, וואָס לייענען רוסיש, מיט דעם, וואָס דאָרטן שטייט געשריבן, כּמעט אין דערזעלביקער געשטאַלט, ווי די אַרבעט איז אַרויס אין דער דייטשישער שפּראַך. איך זאָג: „כּמעט אין דערזעלביקער געשטאַלט", ווייל עס איז מיר געווען אוממעגלעך, בעת דעם איבעראַרבעטן אין רוסיש, נישט אַריינ-צוברענגען אין איר עטלעכע פאַרענדערונגען: עס האָט זיך געוואָלט, לכל הפּחות ערטערווייז און ווען אַפילו אין איילעניש, אָנווייזן אויף דער שייכות, וואָס עקזיסטירט צווישן די ריין-טעאָרעטישע השערות און די ספּעציעלע פראַגן וועגן דעם גורל פון דעם יידישן פאָלק.

עס פאַרדריסט מיך זייער, וואָס דער צייט-מאַנגל האָט נישט דערלאָזן אַריינצוברענגען אין דער רוסישער איבעראַרבע-טונג אייניקע שפּעטערע געדאַנקען מכּוח דער פראַגע וועגן אַן אייגן יידיש לאַנד, וואָס אין איר האָב איך געמוזט לגמרי איבערבייטן מיין מיינונג. פריער בין איך געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר דעם געדאַנק, אַז אַן אייגענע טעריטאָריע איז אַ „מהיכא-תיתא-זאַך", אַוודאי נישט קיין שלעכטס, ווען מען האָט זי, אָבער אויך נישט קיין נויטווענדיקייט, אָן וועלכער די נאָר-מאַלע אַנטוויקלונג פון דעם פאָלקס-לעבן זאָל זיך בשום אופן נישט קאָנען באַגיין. אָבער וואָס טיפער איך האָב מיך אַריינ-געלאָזן אין דעם ענין, וואָס קלאָרער איך האָב פונאַנדערגע-נומען די טענות פאַר און קעגן אַ טעריטאָריע, האָב איך אַלץ מער געמוזט רעכט געבן יענע טעאָרעטיקער פון דער נאַ-ציאָנאַלער פראַגע, וואָס האַלטן, אַז אַן אייגן לאַנד איז אַ תּנאַי, פון וועלכן מען קאָן בשום אופן נישט אָפּלאָזן, אויב מען וויל אין דער אמתן האָבן אַ געזונטן, פרייען, נישט געשטערטן פראָ-גרעס פון יעדן איינציקן פאָלק — און נאָר אַזאַ פּראָגרעס קאָן דאָך ברענגען אַ נוצן דער מענטשהייט און האָבן אַ גוטע ווירקונג אויף איר.

צו מיין גליק, האָט די איבערקערעניש אין הלכות טעריטאָריע נישט געראָרפט ברענגען דערצו, איך זאָל מוזן איבערבויען מיין גאַנצן טעאָרעטישן געביי. ווייל קוקט מען זיך נעגטער צו צו דעם ענין, געפינט מען, אַז דער טעריטאָריאַליזם גייט נישט נאָר נישט להיפך צו דער טעאָריע פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, וואָס איך האָב געוואָלט איינפונדעווען מיט מיין אַרבעט, נאָר אַדרבא, ער איז אַ ריכטיקער און קאָנסעקווענטער פועל יוצא פון איר.

ד״ר ח. זשיטלאָווסקי

ניו-יאָרק, נאָוועמבער 1904.

# ערשטעס קאַפּיטל

## וואָס איז אינטערנאַציאָנאַליזם?

יעטוועדע געזעלשאַפטלעכע פראַגע באַקומט אַ פאַרשיי־דענעם פּנים, עס ווענדט זיך אָן דעם, וואָס פאַר אַ געזעלשאַפט־לעכע גרופּע עס רופט זי אַרויס אין לעבן און וועלכע אינ־טערעסן זי וויל דערמיט באַפרידיקן.

די אַרבעטער־פראַגע, צום ביישפּיל, האָט אין דעם מויל פון די פאַבריקאַנטן אַ גאַנץ אַנדערן טעם, איידער אין דעם מויל פון די קריסטלעך־סאָציאַלע גלחים אָדער די אַרבעטער גופא. פאַר דעם פאַבריקאַנט איז דער „טייטש" פון דער אַרבע־טער־פראַגע: ווי אַזוי מאַכט מען, מען זאָל שטענדיק קאָנען האָבן „גוטע" אַרבעטער, וואָס זאָלן מיט גרויס התמדה אַוועק־לייגן זייער קראַפט פאַר דעם באַלעבאָס, און שכירות זאָל זיי ליגן אין דער לינקער פּאה. פאַר דעם קריסטלעך־סאָציאַלן גלח איז דער טייטש פון דער אַרבעטער־פראַגע: ווי אַזוי מאַכט מען, אַז די אַרבעטער זאָלן אויפהערן צו ליידן פון הונגער און דחקות, און זאָלן קאָנען לעבן אינאיינעם מיט דעם פאַבריקאַנט בשלום ושלווה, אונטער די פליגלען פון דער רעליגיע, און נישט זיין בעצווונגען צוצוהערן זיך צו די פאַרפירערישע רייד פון די סאָציאַליסטן און די רעוואָלוציאָנערן, וואָס רייצן זיי אָן על ה' ועל משיחו און לערנען זיי דאָס שטורעם־ליד פון דעם

סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן „ננתקהו!”. פאַר דעם אַרבעטער אָבער האָט זיין אייגענע פראַגע דעם פשט: ווי אַזוי מאַכט מען, אַז מען זאָל אײַנגאַנצן פּטור ווערן פון די קאַפּיטאַליסטן און ממילא אויך פון אַלע אַנדערע אומגליקן, פון וועלכע דער אַרבעטער ליידט מער פאַר אַלעמען.

אַזוי איז דאָס אויך מיט יעדער אַנדערער געזעלשאַפטלעכער פראַגע, און אַ נאַציאָנאַליטעטן-פראַגע מאַכט נישט קיין אויסנאַם פון דעם אויבן-אויפגעשטעלטן כּלל. אָפן אַרויסגעטרעטן איז זי אין דעם אָנהויב פון דעם נײַנצענטן יאָרהונדערט, ווען פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי אויך די דיפּלאָמאַטן פון אַלע לענדער, האָבן זיך גענומען געשמאַק עסקן מיט איר. אָבער נאָך איידער זי איז אַריין אין די היכלע פענסטער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, האָט זי שוין עקזיסטירט ווי אַן אינערע פראַגע, וואָס האָט שטאַרק אינטערעסירט די פּאָליציי און די אַדמיניסטראַציע, בפרט אין די לענדער, ווו עס האָבן געוווינט אינאיינעם פאַרשיידענע פעלקער און ראַסן. דער ביוראָקראַטישער מעכאַניזם האָט האָלד אומעטום צו אַרבעטן אויף איין, אין קאָנצעלאַריע אויסגעאַרבעטן, שטייגער, וואָס זאָל אָנגעווענדט ווערן אויף אַלעמען גלייך. אין אַזעלכע לענדער האָט ער זיך צונויפגעשטויסן מיט די עטנישע פאַרשיידנהייטן פון די ראַסן און פעלקער, וואָס האָבן געוווינט אין באַשטימטע געגנטן און האָבן געמאַכט אוממעגלעך, אַז מען זאָל קאָנען אויסקומען מיט דעמזעלביקן קאַנצעלאַרסקע שטייגער, אויסגעאַרבעט פון דער הערשנדיקער נאַציע. די ביוראָקראַטיע האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דעם פאַקט, און פאַר איר איז אויסגעוואַקסן אַ נאַציאָנאַלע פראַגע. אינטערעסירט האָט זי אין דער פראַגע כּמעט מער נישט ווי איין פונקט: קאָן מען אינדערעמתן — און אויב יאָ, אויף וועלכן גראַד — אַזוי צופּאַסן דעם רעגירונגס-מעכאַניזם צו די „פרעמד-געבאָרענע”, אַז דערפון זאָל נישט ליידן די צווי גרונט-„אַני-מאַמינס” פון דעם ביוראָקראַטישן רעזשים: ערשטנס: דער אַלץ-גלייכמאַכנדיקער שאַבלאָן, ביי וועמען אַלע יוגים מוזן האָבן איין פּנים, און צווייטנס, וואָס חייניקער האָבן

צו טאָן מיט דער באַפעלקערונג גופא און וואָס מער אויסמיידן יעדן איבעריקן סכסוך מיט איר.

ווי וואָס פאַר אַ לאַנד, און ווי אויף וואָס פאַר אַ מדרגה אין דער פּאָליטישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג עס זענען געשטאַנען די פאַרשיידענע פעלקער פון יענעם לאַנד, האָט מען אין פאַרשיידענע צייטן אויסגעפּרובירט פאַרשיידענע מעטאָדן, ווי צו פאַרענטפערן די נאַציאָנאַלע פראַגע אויף אַזאַ אופן, אַז פון איין זייט זאָל חלילה נישט אָנגערירט ווערן דער פּרינציפּ פון אַריינשטעקן די אַדמיניסטראַטיווע נאָז אין אַלע ווינקעלעך פון דעם פאָלקס-לעבן, און פון דער אַנדערער זייט — זאָל מען וואָס ווייניקער אַרויסכאַפּן זיך מיט שאַרפע מיטלען, וואָס קאָנען פאַנאַנדערדרייצן די פרעמד-געבאָרענע באַפעלקערונג.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער בעסטער ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס אינטערעסירט די ביוראָקראַטיע, וואָלט געווען דער, וואָס וואָלט איר גאַראַנטירט, אַז אַלע נאַציאָנאַליטעטן זאָלן פריער אָדער שפּעטער אינגאַנצן צונויפגעגאָסן ווערן מיט דער הערשנדיקער נאַציע, און אויף אַזאַ אופן לגמרי פטור ווערן פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע און פון דעם אייביקן תרתי דסתרי, אין וועלכן די רעגירונג מוז זיך געפינען צוליב איר.

אַ גאַנץ אַנדערן פּשט האָט די נאַציאָנאַלע פראַגע ביי די פּראָגרעסיווע פּאַרטייען פון אונזער צייט און בפרט ביי די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זייער ציל איז — צופירן די ברייטע פאָלקס-מאַסן צו דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור און זען, אַז זיי זאָלן אַליין, מיט זייערע אייגענע כוחות פאַרענטפערן אַלע קשיות פון לעבן, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך דער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. דאָ רעדט מען שוין נישט וועגן דעם, ווי איז בעסער איינצוטיילן די ראַיאָנען און גובערניעס און וועלכע אוקאַזן פאַסן בעסער פאַר די פאַרשיידענע ראַיאָנען. דאָ פרעגט מען די טיפע און וויכטיקע שאלה: איז אפשר גאָר נויטיק, כדי אויסצופירן דעם אויבנדערמאָנטן צוועק, אַז יעדעס פאָלק, ווי קליין עס זאָל נישט זיין, זאָל האָבן

דאָס רעכט אויף אַ פּאָליטישער אָדער לכל-הפּחות קולטורעלער זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ? און צוריק ווידער איז די שאלה: אפשר גייט גאָר אַזאַ מין רעכט להיפּך צו די אינטערעסן פון דער אַלזייטיקער און גלייכמאָסיקער מענטשלעכער אַנטוויקלונג?

מיר ווילן אין אונזער אַרבעט העלפן, נאָך אונזערע כּוחות נאָך, פאַרענטפערן אָט די האַרבע שאלות.

## I

די פראַגע, אפשר זאָל יעדעס פאָלק האָבן אַ רעכט אויף אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער אָדער, לכל-הפּחות, קולטורעלער עקזיסטענץ, האָט געשפּילט אַ שטאַרקע ראָלע אין אַלע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט און האָט אַרויסגערופן אַ רייכע ליטעראַטור, וואָס האָט זיך מתעסק געווען מיט דעם אויפבויען אָדער פאַנאַנדערנעמען פון אירע טעאָרעטישע יסודות. כּמעט אַלע טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַליטעטן-פראַגע זענען צעטיילט אין צוויי גרויסע לאַגערן: דעם קאָסמאָפּאָליטישן און דעם נאַציאָנאַליסטישן. די קאָסמאָפּאָליטן האָבן להלוטין געלייקנט, אַז דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ זאָל האָבן אַ וועלכע עס איז וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער פּראָגרעסיווער קולטור; די נאַציאָנאַליסטן ווידער האָבן להלוטין געלייקנט דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּרינציפּ.

דערביי מוז מען האָבן אין זינען, אַז די נאַציאָנאַלע באַוועגונג פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָט געקעמפט קעגן דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, איז אייגנטלעך באַשטאַנען פון צוויי גרויסע שטראָמען, וואָס זענען געגאַנגען להיפּך איינער צו דעם אַנדערן און וואָס זענען פאָרט אַרומגענומען געוואָרן מיט איין איינציקן נאָמען: דעם נאָמען „נאַציאָנאַלע באַוועגונג". איין שטראָם, ווי צום ביישפּיל, דער פּאַנסלאַוויסטישער, וואָס האָט געוואָלט צונויפגיסן אַלע סלאַווישע פעלקער אינאיינעם, אָדער

דער פּאַנגערמאַניסטישער, וואָס האָט דאָס אייגענע געוואָלט מאַכן מיט אַלע דייטשישע פעלקער, האָט געהאַט אין אויג די פאַראייניקונג פון אַלע „קרובים" אין איין־אייגציקער שטאַרקער מדינה. דער אַנדערער שטראָם, ווי צום ביישפּיל דער פּוילישער אין רוסלאַנד, דער ניי־קעלטישער אין ענגלאַנד, דער ניי־פּראָווענסאַלישער אין פראַנקרייך, דער קליינרוסישער אָדער רוטענישער אין עסטרייכיש־פּוילן, און אַזוי ווייטער, האָט, פאַרקערט, גענומען אויף זיך אַ גאַנץ אַנדער מין ארבעט. ער האָט געוואָלט — און וויל נאָך עד־היום — באַשירעמען די אויטאָנאָמיע פון איטלעך פאָלק און נישט דערלאָזן, אַז דער אָדער יענער שטאַרקער „קרוב" זאָל עס איינשלינגען און איינגאַנצן אַסימילירן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די טעאָרעטישע פונדאַמענטן פון די צוויי להיפּוכדיקע שטראָמען פון דער „נאַציאָנאַלער באַוועגונג" האָבן געמוזט באַשטיין פון גאַנץ פאַרשיידענע טעאָרעטישע ראיות. דער אויטאָנאָמישער שטראָם פון די איינצלנע פעלקער האָט געטענהט קעגן די גרויסע און שטאַרקע נאַציעס, וואָס האָבן געוואָלט זיי איינשלינגען, כּמעט די אייגענע טענות, מיט וועלכע די גרויסע און שטאַרקע נאַציעס האָבן זיך געראַנגלט קעגן דעם קאָסמאָפּאָליטיזם. און צוריק ווידער, האָבן די גרויסע נאַציעס אָנגעווענדט אין זייער קאַמף קעגן די איינצלנע פעלקער כּמעט דיזעלביקע טעאָרעטישע כּלי־זיין, מיט וועלכע דער קאָסמאָפּאָליטיזם האָט געהאַט אויסצוראָטן אַלע נאַציעס און צו באַווייזן, אַז דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ האָט קיין ברעקל ממשות נישט. די טעאָרעטישע פּעטש, מיט וועלכע דער קאָסמאָפּאָליטיזם פלעגט מכבד זיין דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, פלעגן די נאַציעס איבערגעבן בשלמות צו די פעלקער; און די קלעפּ, וועלכע זיי האָבן צוריקבאַקומען פון די פעלקער, פלעגן זיי מיט דערזעלביקער געטרייקייט אונטערטראָגן דעם קאָסמאָפּאָליטיזם.

דער קאָסמאָפּאָליט וויל נישט וויסן פון קיין דייטשן, פראַנצויזן, סלאַוון א. אַז. וו. ער ווייסט מער נישט ווי איין זאַך:

די מענטשהייט. דער דייטש איז אַ מענטש און דער פראַנצויז איז אויך אַ מענטש, מער נישט אַביסעלע אַן אַנדער מענטש. אויף דעמזעלביקן אופן וויל אויך דער נאַציאָנאַליסט גאָרנישט נישט וויסן פון פּאָלאַקן, רוסן, טשעכן, באַיערן, פּרייסן, זאַקסן א. אַ. וו. דער פּאָלאַק איז אַ סלאַוו, און דער רוס איז אַביסל אַן אַנדער סלאַוו; דער פּרייס איז אַ דייטש און דער זאַקס איז ווידער־אַמאָל אַביסל אַן אַנדער דייטש. פון דער אַנדערער זייט איז די מענטשהייט פאַר דעם נאַציאָנאַליסט מער נישט ווי גלאַט אַ וואָרט, אַ ליידיקער קלאַנג. ווייל אין דער ווירקלעכקייט, זאָגט ער, איז גאָרנישטאָ קיין מענטשהייט: עס זענען נאָר דאָ נאַציעס: ד. ה. דייטשן, פראַנצויזן, סלאַוון. אויף דעמזעלביקן שטייגער טענהט אויך דער „סעפּאַראַטיסט" (דער, וואָס וויל, אַלע פעלקער זאָלן זיין זעלבשטענדיק), אַז עס איז גאָרנישטאָ דער מין פון „נאַציעס". „סלאַוון", „דייטשן", — דאָס זענען ליידיקע ווערטער; אינדערעמתן זענען דאָ פּאָלאַקן, רוסן, פּרייסן, זאַקסן, א. אַ. וו.

„נישטאָ קיין מענטשהייט", שרייט דער נאַציאָנאַליסט; „עס זענען נאָר דאָ נאַציעס".

„נישטאָ קיין נאַציעס", ענטפערט דער סעפּאַראַטיסט"; „עס זענען דאָ נאָר איינצלפעלקער".

„איינצלפעלקער — דאָס זענען מער נישט ווי צופעליקע, נישט וויכטיקע שינויים אין דיזעלביקע נאַציעס, וואָס רירן נישט אָן דעם עצם פון די נאַציעס און וועלן אי"ה תיכף פאַרשווינדן", אַמפּערט זיך דער נאַציאָנאַליסט אַקעגן דעם סעפּאַראַטיסט.

„איינצלפעלקער און נאַציעס — דאָס זענען מער נישט ווי צופעליקע, נישט וויכטיקע שינויים אין דערזעלביקער מענטש־הייט, וואָס רירן נישט אָן דעם עצם פון דעם מין מענטשהייט און וואָס וועלן אי"ה תיכף פאַרשווינדן", שרייט אַריבער זייער קול דער קול פון דעם קאָסמאָפּאָליט.

דערפון זעען מיר, אַז אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָבן מיר איינגעלעבן צו טאָן מיט צוויי גרויסע פּרינציפּן, וואָס גייען

איינער להיפך דעם אַנדערן: פון איין זייט דער קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס גלויבט אין דער איינהייט פון דער מענטשהייט און וואָס האָפט, אַז אַלע פעלקער וועלן זיך צונויפגיסן אין איין מענטשלעכן מין; און פון דער אַנדערער זייט דער סעפּאַראַטיזם, וואָס האַלט זיך שטאָל און אייזן פאַר דעם פאַקט, אַז עס זענען דאָ פאַרשיידענע איינצלפעלקער, און וואָס קעמפט פאַר זייער יעדנס זעלבשטענדיקן זיין אויף דער וועלט. די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריע, וואָס ליגט אינדערמיט פון זיי ביידן, איז נישט קיין סינטעז, נישט די אויסגלייכונג און די צונויפגיסונג פון זיי ביידן, וואָס נעמט אין זיך אַריין די געזונטע עלעמענטן ווי פון דעם נאַציאָנאַליזם, אַזוי אויך פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם. ווי יעדע טעאָריע, וואָס בלאָנקעט אַרום אויפן מיטן וועג, שפּילט זי די ראָלע פון דער פלעדערמויז אין דער באַקאַנטער מלחמה צווישן פייגלען און מייז: לוינט זיך, איז מען אַ פויגל; לוינט זיך, איז מען אַ מויז.

אַן אמתער סינטעז, אַ ריכטיקע אויסגלייכונג און צונויפגיסונג פון די צוויי להיפּוכדיקע פּרינציפּן געפינט זיך, נאָך אונזער מיינונג נאָך, אין דעם פּרינציפּ פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, צווישנפעלקערלעכקייט, — דעם פּרינציפּ, וואָס דער איצטיקער סאָציאַליזם האָט אַריינגעבראַכט אין דער וועלט *).

צום אומגליק האָט מען אַ לאַנגע צייט צונויפגעוואָרפן אין איין טאָפּ דעם פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַליזם מיט דעם פּרינציפּ פון קאָסמאָפּאָליטיזם. נישט נאָר די קעגנער פון צווישנפעלקערלעכקייט, נאָר אויך אירע אָפיציעלע גבאים האָבן שטענדיק אַרויסגערוקט איר היפּך צו דעם נאַציאָנאַליזם, — בשעת ווען איר אַנדערער זייט, איר היפּך צו דעם קאָסמאָפּאָליטיזם איז געבליבן פאַרבאָרגן אין טיפן שאָטן און איז מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט געוואָרן.

*) און וואָס איז צוערשט אָנגעזאָגט געוואָרן דער מענטשהייט דורך די ײדישע נביאים מיכה און ישעיהו. (1930)

אין דעם סאָציאַליסטישן לאַגער האָט איצטער די זאַך באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. אין דער לעצטער צייט האָבן זיך גענומען פאַרמערן די סאָציאַליסטישע שטימען, וואָס פאַרלאַנגען בפּירוש, אַז מען זאָל זיך אָננעמען פאַר די גערעכטע פאָדערונגען פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ און אַז מען זאָל זען מאַכן אַ פּשרה צווישן אים און די פּראָגרעסיווע פאָדערונגען פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע פון מערב-אייראָפּע באַגעגענען מיר איצטער אויף שריט און טריט דעם געדאַנק, אַז דער נאַציאָנאַליזם און דער סאָציאַליסטישער אידעאַל זענען גאָרנישט אַזוי קידער-ווידער איינער צום אַנדערן, אַז זיי זאָלן לגמרי נישט קאָנען ווערן גוטע פריינט און אונטער געוויסע תּנאים גיין האַנט אין האַנט. עס וואָלט נישט געווען שווער צו ברענגען אַ גאַנצע מחנה שטעלן פון דעם דייטשישן „פאָרווערטס”, דער עסטרייכישער „אַרבעטער-צייטונג”, דער איטאַליענישער „Critica Sociale” — שטעלן, וואָס שטאַמען פון זייער באַהאַוונטע טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און וואָס לאָזן נישט איבער קיין ברעקל ספק, אַז די טאַקטיק פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען מער קאָסמאָפּאָליטיש, ווי אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך אין די לעצטע צען יאָר שטאַרק אַ בויג געטאָן אויף דער נאַציאָנאַליסטישער זייט. מיר וועלן דאָ ברענגען, צום ביישפּיל, די ווערטער פון ענגעלבערט פּערנערסטאָרפער, וואָס ער האָט געזאָגט אויף דעם ווינער סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּאַרטיי-טאָג פון 1897 און וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ שטורעמדיקן „בראַוואָ” פון אַלע דערביי געוועזענע דעלעגאַטן פון דער עסטרייכישער אַרבעטער-פּאַרטיי.

„מיט צוועלף יאָר צוריק”, האָט ער געזאָגט, „איז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געווען דורך און דורך איינגעגלויבט אין אַ אַבסטראַקטן אינטערנאַציאָנאַליזם, סאַמע הויט און ביינער („פליישלאָזער אינטערנאַציאָנאַליזמוס”). איצטער שטייט זי אינגאַנצן אויף דעם פונדאַמענט פון אַ רעאַליסטישן

אינטערנאַציאָנאַליזם... אונזער וועג ליגט נישט פון הומאַניטעט דורך נאַציאָנאַליטעט צו בעסטיאַליטעט, נאָר אומגעקערט, פון בעסטיאַליטעט דורך דער פאָרם פון נאַציאָנאַליטעט צו הומאַניטעט. די נאַציעס זאָלן געגליכן זיין צו אַ בליענדיקן גאָרטן, אין וועלכן פאַרשיידענע קווייטן ברענגען תענוג דעם אויג... איך האָף, אַז אינגיכן וועלן אַלע קומען צו דעם געדאַנק, אַז מען קאָן זיין אַן אויסגעצייכנטער דייטש, אַ ווילער איטאַליענער, אַ גוטער סלאַוו און צו דערזעלביקער צייט קאָן מען זיין אַ פייערדיקער חסיד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע" *)...

די האָפנונג, וועלכע פערנערסטארפער האָט דאָ אויסגעדריקט, האַלט שוין איצטער ביי מקוים צו ווערן. און פונדעסטוועגן זענען נאָך אויך איצטער דאָ נישט ווייניק מענטשן אין די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וואָס זעען אין דער נייער טאַקטיק בנוגע צו דער נאַציאָנען-פראַגע אַ נישט גאָר ערלעך געמיינטן אָפּמאַך מיט דער שלעכטער צייט, — אַן אָפּמאַך, וועלכער גייט להיפך צו די גרונט-יסודות פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם און וואָס פאַרלייקנט יענע גרונט-יסודות צוליב אַ וועלכן עס איז צייטלעכן דערפאָלג.

מיר האַלטן אָט דעם נישט צוטרויליכן קוק אויף דער נייער טאַקטיק פאַר אַ טיפן טעאָרעטישן און פּרינציפּיעלן פעלער. דער אינטערנאַציאָנאַליזם איז, נאָך דעם טיפן עצם נאָך פון זיין טעאָריע, אַקוראַט אַזוי להיפך צו דעם נאַציאָנאַליזם, ווי צו דעם קאָסמאָפּאָליטיזם. דער אידעאַל פון קאָסמאָפּאָליטיזם איז דאָס פאַרשווינדן פון אַלע נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן, און די קינסטיקע מענטשהייט שטעלט ער זיך פאָר, ווי איין גרויסע אויסמישעניש פון איינצלנע פאַרשוינען. אָבער דער פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַליזם, פון צווישנפעלקערלעכקייט איז גאָר אויפגעבויט אויף דעם געדאַנק פון פעלקער-ברידערשאַפט, וואָס הויבט גאָרנישט אָן צו

*) Vorwaerts, 1897, № 139.

פאַרלאַנגען, אַז איין ברודער זאָל זיין ענלעך צו דעם אַנדערן ברודער, ווי איין טראָפּן וואַסער צו דעם אַנדערן טראָפּן. און נאָכמער: דער אינטערנאַציאָנאַליזם האָט אינאיינעם מיט דעם נאַציאָנאַליזם אַ בשותּפותדיקן גרונט־פּרינציפּ: דאָס רעכט פון די פעלקער אויף זעלבסטבאַשטימונג *).

די נפקא־מינה — און זייער אַ טיפע נפקא־מינה — איז צווישן זיי, וואָס דער נאַציאָנאַליזם קוקט אויף יעטוועדעס פאָלק, ווי אויף אַ זעלבשטענדיקן אין זיך גופא אייגעשלאָסענעם יש, וואָס קאָן, אויב ער האָט כּוח דערצו, אַרויסצוטרעטן קעגן אַלע אַנדערע פעלקער, ווי אַ פראַנק און פרייער בעל־הבית. זיינע עסקים מיט די אַנדערע פעלקער מעג ער פירן ווי ער וויל, קוקנדיק נאָר אויף זיין אייגענעם ווילן און אויף זיינע אייגענע אינטערעסן. קריג און פרידן הענגען אָפּ מער נישט ווי פון דעם באַשלוס פון דעם פאָלק גופא, און קיין אַנדער פאָלק האָט נישט קיין רעכט אַריינצומישן זיך אין זיינע עסקים מיט אַן אַנדער פאָלק. — דאָס איז דערזעלביקער ליבעראַל־בורזשואַזער קוק, וואָס דריקט זיך אויס אין די באַרימטע ווערטער: „Laisser faire, laisser aller“ („מישט זיך נישט אַריין, לאָז גיין, ווי עס גייט“), נאָר פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אַריבערגעטראָגן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אין די עסקים צווישן איין פאָלק און דעם אַנדערן. און די רעזולטאַטן פון דעם ליבעראַל־בורזשואַזן קוק זענען דיזעלביקע, סיי אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, סיי אין די צווישנפעלקערלעכע שייכותן. דאָ און דאָרטן געוועלטיקט דער שטאַרקערער איבער דעם שוואַכערן:

*) דער ברייטערער עולם מיינט, אַז דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג פאַר אַלע פעלקער האָט דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט וודראָו ווילסאָן צוערשט אַרויסגעזאָגט אין 1918. אויף וויפל מיר איז די געשיכטע פון דעם ענין באַקאַנט, געפינט ער זיך שוין אַ קלאָר־פאָרמולירטער אין די שריפטן פון אַדאָלף פישהאָף, — דעם יידיש־עסטרייכישן דעמאָקראַט, — אין דעם סוף פון די פערציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט. [1930]

אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן שרייען די הערשנדיקע קלאַסן, מען זאָל זיך נישט אַריינמישן אין זייערע עסקים מיט די אונטערדריקטע. אין דעם פעלקער־לעבן טענהן די נאַציאָנאַליסטן, מען זאָל זיך נישט אַריינמישן אין די עסקים פון די הערשנדיקע נאַציעס מיט די אונטערדריקטע פעלקער. דאָ און דאָרטן איז „כל דאלים גבר", ווער ס'איז שטאַרקער — איז דער יחסן. דאָ און דאָרטן איז „מי יאמר לו, מה תעשה?" ווער דערוועגט זיך צו קריטיקירן, וואָס איך טו? אויב איך פרעס דעם אַנדערן נישט אויף איינגאַנצן מיט הויט און האָר, איז ווייל איך וויל נישט, ווייל מיר לוינט נישט. אַ רעכט אויפצופרעסן דעם אַנדערן האָב איך, און אויך דער אַנדערער, דער שוואַכערער, האָט דאָס זעלביקע רעכט אויפצופרעסן מיך, דעם שטאַרקערן... לאָז ער נאָר פרובירן!

גאַנץ אַנדערש קוקט אויף דעם ענין דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַליזם. ער לייקנט דעם „לאָז גיין, ווי עס גייט", דעם „כל דאלים גבר" אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, און ער לייקנט אים אויך אין דעם צווישנפעלקערלעכן לעבן. די מענטשהייט איז אין זיינע אויגן נישט אַן אויסמישעניש פון פאַרשיידענע איינצל־פאַרשוינען, אָבער אויך נישט אַ סכום פון נאַציעס, איינע אָפּגעריסן פון דער אַנדערער. די מענטשהייט איז אין זיינע אויגן אַ ברידערלעכע משפחה פון פעלקער, ווו אַלע פעלקער זענען אויסגעבונדן איינס מיט דעם אַנדערן, ווו יעדעס פאָלק איז אַ גלייכבאַרעכטיקטער ברודער מיט אַלע אַנדערע, וועמעס אינטערעסן עס זענען שטענדיק סאָלידאַריש מיט די אינטערעסן פון די אַנדערע, וועמעס רעכט עס גייען נאָר ביז צו די גרענעצן, וואָס רירן נישט אָן דעם אַנדערנס רעכט אַקוראַט אויף אַזאַ לעבן, ווי מיינס. דאָס שליסט נישט אויס, נאָר אדרבה דאָס שליסט איין, אַז די איינצלמענטשן, וואָס געהערן צו אַ פאָלק, זאָלן וויסן און פאַרשטיין, אַז זיי געהערן צו אַ באַשטימטן פאָלק, וואָס איז פאַרשיידן פון אַלע אַנדערע פעלקער.

דער פירוש אויף דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס מיר

גיבן דאָ איצטער, איז נישט אויסגעזויגן פון פינגער און אויך נישט עקסטרע אויסגעטראַכט צוליב די הערשנדיקע אומשטענדן פון אונזער צייט. ניין! דער פירוש איז זיין פשוטער אמתער פשט. פאַר די, וואָס זענען שטאַרק מסופק אין דעם, וועל איך מער נישט ווי דערמאָנען דעם וויכטיקן פאַקט, אַז די בארימטע „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אַסאָציאַציע", — דער „אינטערנאַציאָנאַל", — וועמעס אָנדענק עס וועט קיינמאָל נישט פאַרשווינדן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, און וואָס איז געוויס געווען אַ מומחה אין הלכות אינטערנאַציאָנאַליזם — דאָס וועט קיינער נישט לייקענען, אַז דער „אינטערנאַציאָנאַל", זאָגן מיר, האָט זיין גרונט-פּרינציפּ פון צווישנפעלקערלעכקייט אַקוראַט אַזוי פאַרשטאַנען, ווי מיר האָבן אים נאָר-וואָס אויסגעטייטשט, ד.ה. ווי אַ פּרינציפּ, וואָס פאַרבינדט אינאיינעם דעם נאַציאָנאַליזם מיט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם און לייקנט אָפּ אין דערזעלביקער צייט די שעדלעכע און פאַלשע עלעמענטן פון זיי ביידן.

מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן מער באריכות אויף די געדאַנקען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע און דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, ווייל מיר דוכט, אַז די מיינונגען פון דער ערשטער גרויסער צווישנפעלקערלעכער סאָציאַליסטישער פאַרטיי וועגן דעם ענין דאַרפן האָבן אַ שטאַרקע פּרינציפּיעלע וויכטיקייט.

## II

די פּובליציסטן פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָבן איינגעזען די נויטיקייט, אַז די אַרבעטער-באַוועגונג זאָל אַריבערשפּרייזן אירע ענגע נאַציאָנאַלע גרענעצן און באַקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דאָס איז דערפאַר, ווייל די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די אַרבעטער זענען צווישנפעלקערלעך אויסגעבונדן און הענגען אָפּ איינע פון די אַנדערע.

„די אַרבעטער-פראַגע", האָט געשריבן דער „פאָרבאָטע", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין זשענעווע, „די אַרבעטער-פראַגע קאָן נישט זיין קיין אָרטלעכע פראַגע אָדער אַ נאַציאָנאַלע פראַגע, נאָר מוז זיין צווישנפעלקערלעך דערפאַר, ווייל זי איז ענג פאַרבונדן מיט די עקאָנאָמישע אומשטענדן פון דער גאַנצער וועלט". אַזוי ווי איין איינצלנע מדינה, אפילו די קרעפטיקסטע, איז נישט ביכולת מיט אירע אייגענע כוחות איבערצובויען אַלע סאָציאַלע שייכותן, אַוועקשטעלן זיי אויף דעם פונדאַמענט פון אַרבעטס-קראַפט אָנשטאָט דעם פונדאַמענט פון געלט-מאַכט, דעריבער קאָן נישט זיין קיין נאַציאָנאַלער סאָציאַליזם, דעריבער קאָן זיין נאָר אַ צווישנפעלקערלעכער סאָציאַליזם, וואָס זיין גרונט-פרינציפ שליסט אין זיך איין ברידערשאַפט און פרידן צווישן פעלקער" *).

אָבער דער צווישנפעלקערלעכער בונד פאַרלאַנגט נישט חלילה, אַז די נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון די איינצלנע פעלקער זאָלן אָפגעשטופט ווערן אָרגעץ אָן אַ זייט. אדרבה, דער „פאָרבאָטע" זאָגט בפירוש:

„די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-באַוועגונג האָט אומעטום פאַר איר ערשטן באַדינג די פרייע און גאַנצע נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג" **), „יעדע נאַציע מוז ביי זיך אינדערהיים מאַכן ריין איר אייגענע שטוב, ד. ה. פריער פאַר אַלץ פאַרענטפערן איר נאַציאָנאַלע אויפגאַבע", וועלכע באַשטייט „אין דער פּאָליטישער פרייהייט אינעווייניק און דער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט אינדרויסן" ***).

---

*) דער „פאָרבאָטע", צענטראַל-אָרגאַן דער סעקציאָנס-גרופּע דויטשער שפּראַכע דער א. א. א., רעדאַגירט פון יאָהאַ-פיליפּ בעקער, 1866, נומ. 1.

**) דאָרטן גופא, 1868, נומ. 8, זייט 120.

***) דאָרטן גופא, 1866, נומ. 2, זייט 170. „די סוּווערעניטעט (די איבערהערשאַפט) פון אַ פאָלק", זאָגט דאָרטן ווייטער דער „פאָרבאָטע", „באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס פאָלק געהער צו זיך אַליין".

די פאַרענטפערונג פון דער נאַציאָנאַלער אויפגאַבע איז דער ערשטער תנאי, וואָס מוז אויסגעפירט ווערן, איידער מען קאָן איינפירן די ברידערשאַפט פון די פעלקער.

„כדי די באַוועגונג פון דעם גאַנצן״ (ד. ה. פון דעם גאַנצן צווישנפעלקערלעכן מענטשהייטס-בונד) „זאָל נישט ליידן פון מניעות אין פאַרזוימען-זיך, נאָר אדרבה, זאָל זיך געפינען אונטער דער ווירקונג פון דעם אויפטרייסלענדיקן און שטאַרקער-מאַכנדיקן וועלן אַריבעריאָגן איינער דעם אַנדערן, איז נויטיק, אַז יעדעס גליד פון דעם גאַנצן (דאָס איינציקע פאָלק) זאָל זיין פול מיט געזונט און ענערגיע. און היות ווי אָט דאָס גליד איז נישט נאָר אַ גשמיותדיקע בריאה, נאָר אויך אַ גייסטיקע און אַ זיטלעכע, דעריבער מוז זי זיין אין דער לאַגע איינ-שטעלן זיך פאַר איר כבוד און איר חשיבות, איר באַטייט און איר ווירקונג״ *). „ווייל דער בונד פון פעלקער איז אַ בונד פון גלייכבאַרעכטיקטע גלידער, אַ פעדעראַציע פון גלייך-פרייע קאָלעקטיוויטעטן״, דעריבער זאָל קיין פאָלק נישט האָבן קיין אַנדער איבערוואָג, סיידן דעם, וועלכן אַלע זענען אים מודה פאַר זיין וויסן און פאַר זיין אויפטאָן, פאַר זיין שכלדיקער און גשמיותדיקער אַרבעט אויף דעם פעלד פון באַשאַפן פרידלעכע קולטור״. „אפילו דער קלענסטער נאַציאָנאַליטעט מוז צו יעדער צייט באַוואָרנט ווערן אַ פרייע און זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ״ **).

אין אַן אַנדער אָרט לייענען מיר: „יעדע נאַציאָנאַליטעט, וואָס איז איינער פון די אָרגאַנישע טיילן, פון וועלכע די גרויסע מענטשהייטס-פאַמיליע ווערט צונויפגעשטעלט, דאַרף אַריינטראָגן אין דער אַלגעמיינער קולטור איר אייגענעם חלק, לויט איר טעמ-פעראַמענט, אירע השלמות און לויט די נאַטירלעכע פראָדוקטן

---

*) דאָרטן גופא.

**) דאָרטן גופא, 1868, אין דעם אַרטיקל: „צור ערקלערונג אונזערער אויפגאַבע״.

פון איר לאַנד". און די אויפגאַבע פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע" ליגט טאַקע אין דערינען „צו זיין אַ פאַרמיטלער צווישן די גייסטיקע, זיטלעכע און קערפערלעכע באַדערפעניִשן פון די פעלקער און צו ברענגען זיי אין האַרמאָניע איינע מיט די אַנדערע" *).

דער „פאָרבאָטע" גייט נאָך ווייטער. ער זאָגט,ביי דעם איצטיקן בוי פון דער געזעלשאַפט האָבן די נאַציאָנאַליטעטן בשום אופן נישט דערגרייכט צו דעם אידעאַל פון אַ נאַציע. די אַרבעטער-באַוועגונג האָט, נאָך זיין מיינונג נאָך, די אויפגאַבע, יענעם אידעאַל אַריינצופירן אין לעבן. „עס וואָלט געווען", שרייבט ער, „אַ גראָבער טעות צו קוקן אונטער די איצטיקע אומשטענדן אויף אַ פאָלק, ווי אויף אַ נאַציע, ווי אויף אַן אמתע קאָלעקטיווע בריאה. ווייל לעת-עתה איז אַ פאָלק מער נישט, ווי אַ כּכום פון טיילן, וואָס דאַרפן ערשט צונויפוואַקסן און ווערן אַ קאָלעקטיווע בריאה... דעריבער קאָן דער גרונט-צוועק פון דער אַרבעטער-באַוועגונג קורץ פאָרמולירט ווערן אָט אין וועלכן רעיון: זי וויל אַרויספירן די גאַנצע געזעלשאַפט פון דעם פאַסיוון צושטאַנד פון אַ מעכאַניזם און אַריינפירן זי אין אַ זעלבסטעטיקן צושטאַנד פון אַן אָרגאַניזם" **).

עס איז נישט נויטיק צו ברענגען נאָך מער שטעלן פון דעם „פאָרבאָטע", וואָס זאָלן באַווייזן, אַז ביי די פובליציסטן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל איז דער פרינציפּ פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם בשום אופן נישט געווען קאָסמאָפּאָליטיש. איך וויל מער נישט ווי באַמערקן, אַז זיי האָבן אַליין גאַנץ גוט געוווּסט, אויף וואָסער וועלט זיי זענען און האָבן גוט פאַרשטאַנען דעם פאַקט, אַז זייער קוק אויף דעם אינטערנאַציאָנאַליזם גייט להיפך סיי צו דעם נאַציאָנאַליזם, סיי צו דעם קאָסמאָפּאָליטיזם. אויף דעם קאָסמאָפּאָליטיזם האָבן זיי געקוקט, ווי אויף

*) דאָרטן גופא.

**) דאָרטן גופא, 1870, נומ. 3, זייט 35.

אַ פּראָדוקט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, וואָס קריגט איר קאָסמאָפּאָליטישן דיפּלאָם אויף דעם אַלוועלטלעכן מאַרק"*), און דעם נאַציאָנאַליזם האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ פּראָדוקט פון דעם פריצישן פעאָדאַלן יונקערטום. פון דער אַנדערער זייט איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון זשענעווער אַרבעטער אייַנשטימיק אָנגענומען געוואָרן, „פייַערלעך צו דערקלערן פאַר דער גאַנצער וועלט", „אַז דער פּאָליטישער נאַציאָנאַליזם — דער ראַסן-פּרינציפּ גייט להיפּך צו דעם סאָציאַלן הומאַניזם — דעם מענטשהייטס-פּרינציפּ; אַז עס דאַרפן נישט זיין קיין אַנדערע נאַטירלעכע גרענעצן, אַחוץ די גרענעצן פון דער שפּראַך, קיין אַנדער נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט אַחוץ די, וואָס ווערט באַשאַפן דורך די פּראָדוקטן פון אַן אַלגעמיינער ליטעראַטור, און עס דאַרפן נישט זיין קיין אַנדערע צילן פאַר אַ פאָלק, אַחוץ דעם ציל פון אַ וווּיל-לעבן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט"**). „יעדעס פאָלק זאָל, לויט זיין טעמפּעראַמענט, לויט דעם קלימאַט און די פּראָדוקטן פון זיין לאַנד אַרייַנברענגען זיין מתנה, וואָס איז פאַרשיידן פון די מתנות פון די אַנדערע, אין דעם אַלגעמיינעם אוצר פון דער קולטור, און דווקא אָט די פאַרשיידנקייט פון די מתנות („מאַניגפאַלטיקייט דער לייסטונג") וועט מאַכן מעגלעך די באַשאַפונג פון אַן אייַנהייטלעכן און אַ הומאַנישן גאַנצן"***).

אין דער שענסטער האַרמאָניע מיט אַלע אָט די פּרינציפּיעלע דערקלערונגען פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" איז אויך געווען די פּאָזיציע, וועלכע זיינע פּובליציסטן האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב איינצונעמען בנוגע די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון זייער צייט.

„מיר וועלן העלפן באַר יעבע נאַציאָנאַלע באַשטרעבונגען".

---

*) דאָרטן [illegible], 1866 נומ. 2.

**) אַלץ דאָרטן, 1871, נומ. 3.

***) אַלץ דאָרטן.

האָט געשריבן דערזועלביקער „פֿאָרבאָטע", „וואָס האָבן אין אויג די פולע פרייהייט, זעלבשטענדיקייט און גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע, כדי יעדעס פאָלק זאָל קאָנען אַריינטרעטן אין דער אַלגעמיינער פרייער פעדעראַציע, ווי אַ גלייכבאַרעכטיקט גליד פון דער מענטשהייט"*).

אָט דאָס זענען געווען די פרינציפּן פון דער „אינטער-נאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע", און ווי די פרינציפּן, אַזוי איז אויך געווען איר פּ ר אַ ק ט י ש ע אַ ר ב ע ט. אומעטום, ווו נאָר אַוואָסער עס איז פאָלק האָט געראַנגלט זיך פאַר זיין זעלבשטענדיקייט, האָט עס געקאָנט רעכענען אויף דער סימ-פּאַטיע און דער הילף פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" לויט זיינע כוחות. אַסך נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון יענער צייט האָבן גע-האַט זייערע הייסע און איבערגעגעבענע פריינט, סיי אין דעם גענעראַל-ראַט**), סיי אין די איינצלנע סעקציעס, ווי, צ. ב., די פעניער-באַוועגונג אין ענגלאַנד, דער רוימישער אויפשטאַנד און די באַפרייאונג פון פוילן***).

לאָמיר זיך נאָך אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלן אויף דעם פרינציפּ פון דער אינעווייניקסטער אָ ר גּ אַ נ י ז אַ צ י ע פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס איז אויך געווען ווי אויסגעאָסן אין דעם פורעם פון זיינע געדאַנקען וועגן אינטערנאַציאָנאַליזם, און וואָס פיל האָבן באַטראַכט ווי אַ מוסטער פאַר דער צוקונפטי-קער אָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער מענטשהייט****). בעת מיט דער פּראָפּאַגאַנדע איז מען געגאַנגען צו די פּראָלעטאַריער פון אַלע ל ע נ ד ע ר , האָט די אָרגאַניזאַציע זיך גערעכנט מיט

*) זעט דאָרטן.

**) דעמאָלט סעקרעטאַר עס איז געווען קאַרל מאַרקס [1930]

***) איינצלנע פרטים וועגן דער שטעלונג פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" צו די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען זע „פאָרבאָטע" 1866, נומער 11, זייט 165; 1867, נום. 2, זייט 30; דאָרטן גופא נום. 6, זייט 92—93, און נום. 12, זייט 189.

****) זעט דאָרטן, 1870, נום. 3, זייט 77.

די פּראָלעטאַריער פון אַלע שפּראַכן. אומעטום, ווו נאָר די אומשטענדן האָבן דאָס דערלאָזן, האָבן צענטראַלע קאָמיטעטן פאַראייניקט אַלע סעקציעס, וואָס האָבן גערעדט אויף איין לשון*). דער פּרינציפּ פון מדינות און טעריטאָריעס האָט אומעטום געמוזט אָפּטרעטן זיין פּלאַץ פאַר דעם נאַציאָנאַלן און קולטורעלן פּרינציפּ פון דעם לשון**). אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָט אַ פאָלק געהייסן נישט דאָס, וואָס וווינט אין איין מדינה אָדער אויף איין טעריטאָריע, נאָר דאָס, וואָס רעדט איין שפּראַך. און אויף דעם אופן האָבן די פאַרשיידענע טיילן פון דעם פּראָלעטאַריאַט זייער גוט געקאָנט אָפּהיטן אין דער אָרגאַניזאַציע זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. אין דעם „מעמאָריאַל פון דעם צענטראַל-קאָמיטעט פון דער דייטשישער שפּראַך" פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן אין 1869 פאַר דעם דייטשישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן קאָנגרעס אין אייזענאַך, לייענען מיר: „דער קרייז פון אַרבעט, וואָס געהער צו דעם צענטראַל-קאָמיטעט פון אַ וועלכער עס איז נאַציאָנאַליטעט, איז נישט באַגרענעצט דורך די גרענעצן פון אַ וועלכער עס איז מדינה; ער פאַרשפּרייט זיך אויך איבער אַנדערע מדינות, לויט די גרענעצן פון זיין שפּראַך"***). דער „אַלגעמיינער דייטשישער אַרבעטער-בונד" אין ניו-יאָרק און די דייטשישע סעקציע אין סאַן-פראַנציסקאָ האָבן געהערט צו דעם „צענטראַל-קאָמיטעט פון דער דייטשישער שפּראַך" („צענטראַל-קאָמיטע דויטשער צונגע") וואָס האָט געהאַט זיין זיץ אין זשענעווע.

די פאַרשיידענע פעלקער און שפּראַכן, וואָס זענען איצטער דאָ אויף דער וועלט, האָבן נישט אַלע דעמזעלביקן חן אין די אויגן פון די געלערנטע און די געבילדעטע. אויף די הערשנדיקע

*) דאָרטן גופא 1866, נומ. 7, זייט 139.

**) דער שפּראַכן-פּרינציפּ אַנשטאָט דעם טעריטאָריאַלן איז איצטער דורכגעפירט געוואָרן אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן „פּען"-קלוב. [1930].

***) אַלץ דאָרטן, 1869, נומ. 7, זייט 103 און ווייטער.

פעלקער און די רייכע שפראַכן מיט רייכע ליטעראַטורן קוקט מען מיט גרויס רעספּעקט, און קיינעם קומט נישט אין זינען אַריין אָפּצולייקענען זייער רעכט אויף צו זיין אין דער וועלט און אויף ווייטער צו אַנטוויקלען זייער רייכקייט. די אונטער־דריקטע פעלקער און די אָרעמע שפּראַכן האָבן דעמזעלביקן מזל, וואָס אַלע אונטערדריקטע און אָרעמע בכלל. מען פאַרגינט זיי נישט, וואָס זיי עטעמען: „מינדערווערטיקע" פעלקער און „זשאַרגאָנען" רופט מען זיי אָפּטמאָל אָן. ווערליג ווי דער ברי־סעלער קאָנגרעס פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" אין 1869 האָט זיך באַגאַנגען מיט דעם פלעמישן „זשאַרגאָן" קאָן מען לייכט זען, ווי ער האָט איבערהויפּט געקוקט אויף אַזעלכע „מינדער־ווערטיקע" פעלקער און שפּראַכן. אויף דעם קאָנגרעס איז דער לשון פון די פלעמער געווען גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע אַנדערע לשונות. דער רעפערענט פון דער בעלגישער סעקציע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, דער באַרימטער סאָציאַליסט צעזאַר דע־פּאַפּ, האָט מיט פרייד דערציילט דעם קאָנגרעס, אַז די פלעמישע אַרבעטער־צייטונגען אַנטוויקלען זיך אַלץ מער און מער און דעראָבערן אַ בכבודן פּלאַץ פאַר דער פּ אַ ל ק ס־ש פּ ר אַ ך פ ו ן ד י פ ל ע מ ע ר, אויף וועלכער די פלעמישע בור־זשואַזיע, „וואָס פאַרלירט פראַנצויזיש", האָט „האָך־וואָהלגעבאָרען" אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט*).

פון די אַלע שטעלן, וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַל, שיינט אַרויס קלאָר ווי דער טאָג, אַז מען קאָן זיין אינטערנאַציאָנאַליזם בשום אופן נישט אָנרופן „סאַמע הויט און ביינער". אדרבה! עס איז נישטאָ קיין איין איינציקע געדרעכטע פאָדערונג פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, וועלכן די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אַסאָציאַציע זאָל נישט האָבן אַריינגענומען אין איר פּראָגראַם. דאָס רעכט פון יעדער, אַפילו דער קלענסטער נאַציאָנאַליטעט, אויף אַ פרייער זעלבסט־

*) דאָרטן גופא, 1869, נומ. 3, זייט 47. פאַרגלייך אויך 1868, נומ. 1, זייט 13, און נומ. 9, זייט 133.

שטענדיקער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג; די פאָדערונג, אַז יעדעס גליד פון דער גרויסער מענטשהייטס-פאַמיליע זאָל קאָנען אָפּ-היטן זיין „כבוד און חשיבות, זיין באַטייט און ווירקונג", און אַז עס זאָל פריער פאַר אַלץ זען אויספירן זיין נאַציאָנאַלע אויפ-גאַבע אין דער היים („ריין מאַכן זיין אייגענע שטוב"); דאָס באמת ברידערלעכע באַגיין זיך מיט אַלע נאַציאָנאַלע באַוועגונ-גען, וואָס ווילן דערגרייכן די „גאַנצע און פולע פרייהייט"; די באמתע ליבע צו די „מינדערווערטיקע" שפראַכן, וואָס רייסן זיך פון זייער נידעריקן אָרעמען מעמד צו אַ העכערער מדרגה אין דער אַנטוויקלונג פון קולטור, — אָט דאָס אַלץ זענען ריינע, נישט פאַרפאַרבטע סימנים פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, וועלכע די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אַסאָציאַציע האָט אַריינגעבראַכט אין לעבן. פערנערסטאַרפערס פּירוש אויף אים איז דעריבער לחלוטין נישט קיין „הנחה צו דעם צד שכנגד", ווי ד"ר בערסטל האָט זיך אויסגעדריקט אויף דעמזעלביקן ווינער קאָנגרעס, נאָר דער ערשטער אָנהויב, ווידעראויפצובויען די געדאַנקען און אי-דייען, וואָס האָבן געלעבט אין דעם „אינטערנאַציאָנאַל". און אויך אַלע אַנדערע סימנים פון סימפּאַטיע צו נאַציאָנאַליזם, וואָס מיר געפינען איצטער אין דער סאָציאַליסטישער וועלט, זענען נישט קיין „כופרים בעיקר" אין דעם צווישנפעלקערלעכן פּרינ-ציפּ, נאָר אַדרבה, זיי באַווייזן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַליזם וויל זיך ווידער אַוועקשטעלן אויף זיין ריכטיקן פונדאַמענט.

## III

ציימנווייז הויבט אונז שוין אָן אויסצודוכטן, אַז אונטער דעם מאַנטל פון דעם געוויינלעכן, קאָסמאָפּאָליטישן אויסטייטשן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אידייע זענען געלעגן פאַרבאָרגן און ליגן נישט זעלטן נאָך איצטער פאַרבאָרגן גאַנץ פּשוטע און ריינע ש אָ וו י נ י ס ט י ש - נ אַ צ י אָ נ אַ ל י-ס ט י ש ע שטיק. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען, צ. ב., געקאָנט לייענען אין דעם „פאָרווערטס", דעם צענטראַל-אָרגאַן

פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס איז דעמאָלט אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פאַר-שטאָרבענעם ווילהעלם ליבקנעכט, אַזעלכע מיני זייער טיף-אָנשטויסנדיקע ווערטער: „דער דייטש", שרייבט ליבקנעכט, „איז תמיד געווען אַ קאָסמאָפּאָליט, און דער בטלנישער געדאַנק פון כינעזיש-נאַציאָנאַלער אָפּזונדערונג האָט געקאָנט אויסוואַקסן נאָר אין די אָסט-עלבישע, אויף העלפּט סלאַוויש-קאָזאַקישע יונקער-שאַרבנס. און, כ'לעבן, דאָס גערמאַנישע פאָלק מעג שטאָל-צירן מיט זיין עמיגראַציאָנעלער און קאָלאָניאַלער פּאָליטיק. עסטרייך אַליין, אָפּגענומען ביי די סלאַווישע און אַנדערע האַלב-באַרבאַרן און צוגעפירט צו דער גערמאַנישער קולטור, איז ווערט וויפל גאַנץ אינדיע. אָדער: עס וואָלט ווערט געווען, ווען דאָס דייטשישע פאָלק וואָלט נישט פאַרלאָרן די הערשאַפט אין זיין אייגענעם לאַנד און, צוליב אַ גאַנצער קייט פון אומגליקלעכע סיבות, נישט אונטערפאַלן אונטער דער אויבערהערשאַפט פון פירשטן, וואָס האָבן געטראַכט מער נישט, ווי וועגן זייערע אייגענע ענג-דינאַסטישע אינטערעסן. קיין איין-איינציקער פון אָט די פירשטן איז נישט געווען ביכולת צו פאַרשטיין דעם נאַציאָנאַלן און אין דערזעלביקער צייט אינטערנאַציאָנאַלן גאַנג („צוג") פון דעם דייטשישן פאָלק. דורך זיין נאַציאָנאַלער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק וואָלט דאָס דייטשישע פאָלק באַשאַפן אין עסטרייך אַ קראַפט, וואָס וואָלט, מיט דער פלאַנמעסיקער הילף פון דער מעטראָפּאָליע, שוין איצטער געהאַט אין איר האַנט דעם גאַנצן באַלקאַנישן האַלב-אינזל אינאיינעם מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דעם שליסל צו דער הערשאַפט איבער דער גאַנצער וועלט. אָבער קיין איין-איינציקער פון די דייטשישע מלכים און די מדינה-קעפּ, ווי מען רופט זיי, האָט נישט געהאַט קיין ברעקל השגה אין אַזאַ נאַציאָנאַל-אינטערנאַציאָנאַלער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק"*).

---

*) „דאָס אויסוואַנדערונגס-געזעץ", אַ לייט-אַרטיקל אין דעם בערלינער „פאָרווערטס", נום. 85, פון 10-טן אַפּריל 1897. נאָך דעם סגנון הלשון נאָך, [illegible] אַרטיקל גאַנץ געוויס פון ווילהעלם ליבקנעכטס גופא.

דער איינציקער פּשט פון אַט דעם גאַנצן „נאַציאָנאַל-אינטערנאַציאָנאַלן" פּלאַנטער איז אַט וואָס: די דייטשישע מדינה האָט געדאַרפט פאַרנעמען זיך מיט וועלט-פּאָליטיק. זי האָט געדאַרפט אַריינכאַפּן אין אירע הענט דעם באַלקאַן-האַלבאינזל מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל דערצו און פונאַנדעררעכענען זיך אויף איר שטייגער מיט די „סלאַוויש-קאָזאַקישע" און אַנדערע „האַלב-באַרבאַרישע" שאַרבנס און קעפּ... דער „הויט-און-ביינערנער אינטערנאַציאָנאַליזם" („דער דייטש איז תּמיד געווען אַ קאָסמאָפּאָליט"...) איז דאָ גאַנץ פּלוצים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פולבלוטיקן שאָוויניזם, און פון דעם אמתן אינטערנאַציאָנאַלן פּרינציפּ איז מער נישט געבליבן, ווי אַ וויסטער קלאַנג.

דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם, וואָס טרעט אַרויס מיט די הענדלעך פון קאָסמאָפּאָליטיזם און צווישנפעלקערלעכקייט, לאָזט זיך זייער אָפּט הערן אין יענעם טייל פון דער דייטשישער אַרבעטער-פּרעסע, וועלכע מוז זיך רעכענען מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג אין פּרייסיש-פּוילן. איך וואָלט געקאָנט אָנפירן אַ גאַנצן הויפן ביישפּילן פון אַזאַ „נאַציאָנאַל-אינטערנאַציאָנאַל-קאָסמאָפּאָליטישן" באַגיין זיך מיט די פּוילישע אַרבעטער און מיט זייער רעכט אויף אַ זעלבשטענדיקער אַנטוויקלונג. איך וועל ברענגען מער נישט ווי אַ פּאָר שטעלן פון די רעדאַקציאָנעלע הגהות, וואָס די „זעקסישע אַרבייטער-צייטונג" האָט געמאַכט צו דעם פּראָטאָקאָל פון דעם בערלינער קאָנגרעס, וועלכן די פּוילישע אַרבעטער האָבן אָפּגעהאַלטן אין 1897. ווי יעדער ווייסט, האָט די פּוילישע אַרבעטער-פּאַרטיי, די פּ. פּ. ס., אויפגעשריבן אויף איר פאָן די באַפרייאונג פון פּוילישן פאָלק פון אונטער דעם פרעמדן יאָך. אָבער צווישן די פּוילישע אַרבעטער אין דייטשלאַנד, ווי אומעטום, געפינען זיך אויך אַזעלכע, וואָס פאַר זיי איז אינטערנאַציאָנאַליזם דיזעלביקע זאַך, וואָס קאָסמאָפּאָליטיזם, און וועלכע שטרייטן דעריבער אַנטקעגן דעם נאַציאָנאַלן טייל אין דער פּראָגראַם פון דער פּוילישער אַרבעטער-פּאַרטיי. די רעדאַקציע פון דער „זעקסישער אַרבייטער-צייטונג" האָט דעמאָלט באַשיינפּערלעך סימפּאַטיזירט מיט דעם אַנטינאַציאָנאַלן

שטראָם אין דער פּוילישער אַרבעטער-וועלט און האָט דעריבער אַרומגעצירט דעם פּראָטאָקאָל מיט גרין-און-גאַליקע שטעכווערטלעך, וואָס האָבן באַדאַרפט דערלאַנגען די „נאַציאָנאַליסטן" אין דער זיבעטער ריפּ אַריין. מילא, דאָס קאָן מען נאָך ווי עס איז פאַרשטיין און סוף-כל-סוף מוחל זיין. נאָר אָט איז זי געקומען צו דעם אָרט אין פּראָטאָקאָל, וווּ ער רירט אָן דעם פאַקט, אַז די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן זענען אין אַסך ערטער זייער נישט גערן די פּוילישע אַגיטאַציע. דאָס האָט שוין די רעדאַקציע גאָר נישט געקאָנט אויסהאַלטן. „הייסט עס, מיר האַלטן שוין אַזוי ווייט", שרייט זי אויס, „אַז די נאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדע פון אָט יענע פּוילישע סאָציאַליסטן הויבט אָן צו שטערן די דייטשישע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי אין זייער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַגיטאַציע! נישט שוין-זשע דאַרפן זיי אין די גרענעצן פון דער דייטשישער מדינה דאָס אַלץ אַריבערטראָגן צוליב דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט?!".

וואָלט די דעמאָלטיקע רעדאַקציע פון דער זאַקסישער אַרבעטער-צייטונג באמת געווען באַהאַוונט אין דער פּרינציפּיעלער זייט פון דער זאַך. וואָלט זי ריכטיק פאַרשטאַנען דעם עצם פון אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָלט פאַר איר דאָ גאָר קיין שאלה נישט געווען. די דייטשישע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי מוזן נישט נאָר „אַריבערטראָגן" די אַגיטאַציע פאַר פּוילישער אומאָפּהענגיקייט צווישן די פּוילישע אַרבעטער-מאַסן. זיי האָבן באַדאַרפט מיט אַלע מיטלען העלפן זייערע פּוילישע חברים אין זייער פאַרשפּרייטן די אידייען פון פּוילנס פרייהייט, — אויב — אויב פאַר די דייטשישע אַרבעטער וואָלטן די ווערטער „אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט", צווישנפעלקערלעכע ברידערלעכקייט, געווען עפּעס מער ווי „קופּערנע טרומייטן און קלינגנדיקע צימבלען".

די אויבנדערמאָנטע רעדאַקציע איז געגאַנגען נאָך ווייטער אין איר אָפּלייקענען דעם פּרינציפּ פון צווישנפעלקערלעכער ברידערלעכקייט: זי האָט געקעמפט אַקעגן דאָס רעכט פון די פּאָליאַקן צו האָבן אַן אייגענע אַרבעטער-פּרעסע. „אין בערלין",

זאָגט זי, „איז נישטאָ קײן אײנאײנציקער פּױלישער אַרבעטער, װאָס זאָל נישט פאַרשטײן קײן דײטש. צו װאָס דאַרף מען דאָרטן האָבן אַ פּױליש בלעטל, װאָס קאָן זיך בשום אופן נישט און אין קײן ערך נישט פאַרגלײכן מיט די גרױסע דײטשישע פּאַרטײ-צײטונגען*) ?"

הײסט דאָס, די פּױלישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ, די פּראָגרעסיװסטע פּאַרטײ פון דעם פּױלישן פאָלק, האָט קײן רעכט נישט אָנצוװענדן איר אײגענעם לשון, כּדי צוצופירן איר פאָלק צו דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, װײל אין בערלין, פאַרשטײט איר מיך, זענען דאָ פּױלישע אַרבעטער, װאָס „פאַרלירן" דײטש !

דערפון איז געדרונגען, אַז דער פון-אױבן-אױפנדיקער אַנטי-נאַציאָנאַליזם, אױף װעלכן מען האָט אַ לאַנגע צײט געקוקט, װי אױף דעם אמתן צװישנפעלקערלעכן פּרינציפּ, װערט פאַר-װאַנדלט, װי נאָר ער גײט אַרײן אין דער פּראַקטיק, אין אַ פּשוטן, הױלן שאָװיניזם, מיט אַ גאַנץ אָפענער תּאװה צו נאַציאָ-נאַלער אונטערדריקונג. און דאָס איז נישט נאָר בײ די דײטשן אַזױ: עס איז אומעטום דיזעלביקע זאַך, װו נאָר פּראָגרעסיװע פּאַרטײען פון אַ הערשנדיקן פאָלק שטרײטן אין דעם נאָמען פון דעם צװישנפעלקערלעכן פּרינציפּ קעגן דעם „סעפּאַראַטיז-מוס" (דאָס זיך װעלן אָפּטײלן) פון די אונטערדריקטע פעלקער. אין עסטרײך איז דער אַנטי-נאַציאָנאַליזם אַ לאַנגע צײט געװען אַ טרײער משרת בײ די דײטשן אין זײער קאַמף קעגן די סלאַװן; אין אונגאַרן האָט ער געהאָלפן די מאַדיאַרן צו פאַרכאַפּן אין זײערע הענט די אױבערהערשאַפט; אין גאַליציע האָט ער געפירט צו דעם נצחון פון די פּאָלאַקן איבער די רוטענער און די ייִדן; אין דײטשלאַנד האָט ער זיך אײנגעשטעלט פאַר דעם „נאַציאָנאַל-אינטערנאַציאָנאַלן ברען פון דעם קאָסמאָפּאָליטישן פאָלק" אַװעקצושטופן װײט אין מזרח-לאַנד אַלעמען, װער עס טראָגט אױף די אַקסלען אַ „סלאַװיש-קאַזאַקישן שאַרבן".

---

*) דאָרטן גופא.

און דערפון איז ווידער געדרונגען, אַז די איצטיקע איי־ראָפּעאישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אָנגעשריבן אויף זייער פאָן די צווישנפעלקערלעכע ברידערשאַפט, זענען נאָך גאָרנישט לאַנג אַרויסגעטרעטן אין דער פּראַקטיק ווי פולבלוטיקע שאָוויניסטן. אין דער לעצטער צייט אָבער האָבן זיך כמעט אומעטום די געדאַנקען איבערגעביטן צום גוטן.

די בעסטע ראַיה דערצו איז דער לעצטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין שטוטגאַרט, פון 1907, וואָס האָט ווידער אַריינגעטראָגן קלאָרקייט אין די סאָציאַליסטישע געדאַנקען וועגן נאַציאָנאַליזם און פּאַטערלאַנד.

געטאָן איז דאָס געוואָרן צום גרעסטן טייל אין דער קאָמיסיע וועגן אַנטי־מיליטאַריזם אין די דעבאַטן וועגן ערוועס קאָסמאָפּאָליטישער פאָדערונג, אַז די אַרבעטער־קלאַסן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע פּאַטערלענדער און זען וואָס גיכער אָפּצושאַפן אַלע נאַציאָנאַלע גרענעצן, סיי נאַציאָנאַלע, סיי קולטורעלע, וואָס שיידן אָפּ איין פאָלק פון דעם אַנדערן*).

די גרעסטע און בעסטע פאַרטרעטער פון דעם אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם האָבן זיך דאָרט אַרויסגעזאָגט קעגן ערוועסן און פאַר דעם אמתן אינטערנאַציאָנאַליזם, ווי ער האָט געלעבט אין די געדאַנקען פון דעם אַלטן „אינטערנאַציאָנאַל“.

מיר וועלן דאָ ברענגען מער נישט ווי אַ פּאָר וויכטיקע שטעלן, אַרויסגענומען פון די רייד פון די וויכטיקסטע פירער פון דעם איצטיקן פּראָלעטאַריאַט.

ב ע ב ע ל האָט געזאָגט: „דאָס גאַנצע קולטורעלע לעבן אַנטוויקלט זיך אויף דעם באָדן פון דער מוטערשפּראַך. טוט אַ קוק אויף עסטרייך, אויף דעם קאַמף פון די פעלקער פאַר זייער נאַציאָנאַלן ווידעראויפלעבן. אויך אין רוסלאַנד וועט זיך בלי־ספק אויפהויבן די נאַציאָנאַלע פראַגע... יעדעס פאָלק, וואָס

*) דאָס איז דער זעלביקער ער וועַ, — דער פלאַם־פייערדיקער קאָסמאָפּאָליט, — וואָס איז געוואָרן אַ רעאַקציאָנערער פולבלוטיקער שאָוויניסט תיכּף, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער וועלט־קריג. [1930]

האָט אויסצושטיין פון אַ פרעמדער אויבערהערשאַפט, אַפילו ווען זי ברענגט אים פיל גוטס, הויבט זיך אויף אין זיין גאַנצער מאַסע צוליב דעם קאַמף פאַר פרייהייט און רוקט אָפּ צוריק אַלע זיינע אַנדערע צילן".

טראָקלע פון בעלגיע האָט דורכגעפירט דעמזעלביקן געדאַנק, וואָס אויך קויטסקי האָט זיך געמיט צו באַווייזן אין זיין בראָשור: „פּאַטריאָטיזם און סאָציאַל-דעמאָקראַטיע", אָנגעשריבן לכּבוד דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס. דער געדאַנק איז, אַז עס זענען דאָ צוויי אַרטן פון פּאַטריאָטיזם: אַ בור-זשואַזע אַרט און אַ פּראָלעטאַרישע. ס'פאַרשטייט זיך, אַז ער, טראָקלע, שטייט צו צו דעם פּראָלעטאַרישן פּאַטריאָטיזם.

וואַליאַן האָט אָנגעוויזן, אַז „די נאַציעס זענען נישט נאָר נוצלעכע, נאָר אויך נויטווענדיקע עלעמענטן פון דער מענטש-לעכער אַנטוויקלונג".

זשאָרעס האָט געזאָגט: „ערווע וויל אָפּשאַפן דאָס פאָטערלאַנד, ווי דער נאָר-וואָס אויפגעוואַכטער פּראָלעטאַריאַט האָט אַמאָל געוואָלט אָפּשאַפן די מאַשינען. מיר ווילן סאָציאַ-ליזירן פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט דאָס פאָטערלאַנד אַזוי גוט, ווי די פּראָדוקציע-מיטלען. ווייל אַ נאַציע, — דאָס איז אַן אוצר פון מענטשלעכן זשעני און פּראָ-גרעס, און עס וואָלט גאָרנישט געפּאַסט פאַרן פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל צעשלאָגן אויף פּיצלעך אָט דאָס טייערע געפעס פון דער מענטשלעכער קולטור".

פּאָלמאַר זאָגט: „ס'איז נישט אמת, אַז מיר האָבן נישט קיין פאָטערלאַנד. מיר האָבן אַ פאָטערלאַנד... אונזער ליבע צו דער מענטשהייט קאָן אונז נישט שטערן צו זיין גוטע דייטשן. ווי ווייט מיר זאָלן נישט גיין אין דעם אָננעמען אַלגעמיינע קולטורעלע אינטערעסן פאַר אַלע פעלקער, אַקוראַט אַזוי ווייט זאָגן מיר זיך אָפּ צוצושטיין צו דעם אוטאָפּיסטישן בליק, אַז עס וואָלט כּלומרשט געווען ווינשנסווערט, אַלע נאַציעס זאָלן

פאַרשווינדן און אויף זייער אָרט זאָל ווערן אַ גלייכאַרטיקער אַלפעלקערלעכער צימעס".

קאָסטאַ: „ווען אַפילו מיר זענען נישט קיין פּאַטריאָטן אין דעם בורזשואַזן זין פון דעם וואָרט, זענען מיר פאָרט פּאַטריאָטן אין דעם בעסערן סאָציאַליסטישן זין פון דעם וואָרט: מיר קאָנען נישט און ווילן זיך נישט אָפּזאָגן פון די פּרעכטיקע און דערהויבענע ווערטן פון אונזער אייגענער היים".

בראַנטינג מיינט, אַז מען דאַרף דאַנקען ערווען „פאַר דער געלעגנהייט, וואָס ער האָט אונז געגעבן, אַרויסצוווייזן אונזער גאַנצע אחדות בנוגע צו דעם געדאַנק, אַז נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם זענען נישט קיין היפּוכים, נאָר אדרבה: זיי דערגאַנצן איינער דעם אַנדערן".

וואַנדערוועלדע האָט דערנאָך פאַרן גאַנצן קאָנגרעס אַזוי גֿעשילדערט דעם רעזולטאַט פון די וויכּוחים מכּוח נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם:

„מיר זענען אַלע געווען איין האַרץ און איין נשמה בנוגע צו דעם פּונקט, וואָס איז אַזוי גלענצנדיק באַלויכטן געוואָרן אין די רעדעס פון בעבעל און וואַליאַן און וואָס זאָגט, אַז דער ערשטער תּנאי פאַר אונזער אינטערנאַציאָנאַל איז די עקזיסטענץ פון פרייע און אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס. דער אַרבעטער-אינטערנאַציאָנאַל איז נישט קיין מאַסע אָן אַ שום פאָרם, גרופּירונג און פאַנאַנדערגלידערונג. ער איז אַ פרייע פאַראייניקונג פון לעבעדיקע אָרגאַניזאַציעס, אַ בונד נישט נאָר פון זעלבשטענדיקע מדינות, נאָר אויך פון נאַציעס. ווען דער אינטערנאַציאָנאַל האָט צוריקגעגעבן זייער זעלבשטענדיקייט, ווי, צום ביישפּיל, פּוילן... מיר האָבן אָנגענומען דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַלע פאַנאַנדערגלידערונג ערלעכער און קאָנסעקווענטער, ווי דאָס האָט געקאָנט טאָן אַ וואָסער-עס-איז בורזשואַזע פּאַרטיי. אונזער רעזאָלוציע באַפעסטיקט נאָכאַמאָל דעם פאַקט, אַז מען קאָן האַלטן פאַר נויטיק די עקזיסטענץ פון נאַציעס און אין דער-זעלביקער צייט נישט אָפּשוואַכן די צווישנפעלקערלעכע פאַרבינדונג פון די אַרבעטער. דער פּועל-יוצא אָט פון דער איבער-

ציגונג אונזערער האָט געמוזט זיין — אָנצונעמען, אַז יעדע נאַציע האָט אַ רעכט, — וואָס קיינער קאָן ביי איר נישט אָפּ-נעמען, — צו פאַרטיידיקן איר אומאָפּהענגיקייט קעגן אַ וועלכן נישט איז איבערפאַל פון דרויסן".

ד אַ ש י נ ס ק י האָט אויף דעם פאָלקסמיטינג אין קאָנ-שטאַט אויסגעשפּראָכן דעם געדאַנק, אַז „די אויפגאַבע פון דעם סאָציאַליזם איז — ד ע ר אָ ב ע ר ן אַ פ אָ ט ע ר ל אַ נ ד פ אַ ר ד ע ם פ אָ ל ק, וואָס האָט נ י ש ט ק י י ן ה י י ם, — אַ פּלאַץ, ווו עס זאָל קאָנען אַרויסווייזן זיין מענטשלעכע חשיבות און זיין מענטשלעכע פרייד". און די טויזנטער סאָציאַליסטישע מאַסן האָבן באַגריסט דעם געדאַנק מיט אַ שטורעמדיקן אויס-געשריי פון פרייד*).

נאָך וויכטיקער איז די דערקלערונג, וואָס דר. עלנבויגן, דער רעפערענט פון דער קאָמיסיע וועגן עמיגראַציע און אי-מיגראַציע, האָט געמאַכט בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע. וויכטיקער איז זי דערפאַר, ווייל זי רעדט וועגן די אָפּגעבראָ-כענע טיילן פון אַ נאַציע, וועלכע דער גורל פאַרשליידערט אין אַ פרעמד לאַנד צו אַ פרעמדן פאָלק. „די אַרבעטער פון יעדער (איינגעוואַנדערטער) נאַציע", זאָגט ער, „דאַרפן נישט פאַרשטיין זייער אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָל זי צווינגען איבערצוגעבן זיך דעם אָן-פאַרביקן אינטערנאַ-ציאָנאַליזם און אָפּצוזאָגן זיך פון זייער נאַציאָנאַליטעט. אַדרבה! די אַרבעטער פון אַלע נאַציעס האָבן אַ רעכט און אַ חוב צו זיין צוגעבונדן מיט ליבע און התלהבות צו די קולטורעלע אוצרות פון זייער אייגענער נאַציע. זיי וועלן אַלץ מער און מער פלייסן זיך אָפּצוהיטן זייערע אייגנטימלעכקייטן, וואָס מער זיי וועלן איינ-זען, אַז דווקא מיט דעם אָפּהיטן פון זייערע אייגנטימלעכקייטן קאָנען די נאַציעס ברענגען דעם גרעסטן נוצן דער אַלגעמיינער קולטור**)".

---

*) זע „סערפּ" (רוסיש), צווייטעס בוך, ז. 247—250.

**) דאָרטן גופא, ז. 262.

דאָס זענען אַלץ ווערטער און געדאַנקען, וואָס דערמאָנען אונז דעם אַלטן אינטערנאַציאָנאַל אין זיין גאַנצער גרויסקייט און טיפקייט. און פונדעסטוועגן האָבן נאָך אַפילו איצטער, נאָך דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס, נישט אַלע סאָציאַליסטן זיך דער־הויבן צו יענער הויך, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אַסאָציאַציע, און צו יענער קלאָרקייט, מיט וועלכע זי האָט געקוקט אויף די פראַגן פון צווישנפעל־קערלעכער ברידערשאַפט.

מיר קאָנען זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַ חקירה, ווי אַזוי דאָס איז געקומען, אַז דער גרעסטער פרינציפ פון צווישנ־פעלקערלעכן רעכט, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַליזם האָט אַרויס־געשטעלט, האָט געקאָנט אַזוי פאַרטונקלט ווערן, אַז ער האָט גענומען אויסזען, ווי דער פלאַטשיקער און אויבנאויפנדיקער קאָסמאָפּאָליטיזם.

אונזער אויפגאַבע איז — פינקטלעכער און קלאָרער אויפ־צודעקן די נפקא־מיניה צווישן נאַציאָנאַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, און זען איינצושטעלן זיך פאַר דעם לעצטן פרינציפ, באַווייזן די גערעכטיקייט פון זיין טאָפּלטער ראָלע: ווי אַ פריינט און באַשירעמער פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער, וואָס קעמפט פאַר זייער אַלעמענס פרייהייט און זעלבשטענ־דיקייט פון איין זייט, און אויך ווי אַ דם־שונא פון דעם נאַ־ציאָנאַלן שאָוויניזם, אין וועלכע פאָרמען און אונטער וועלכע שיין־געפאַרבטע מאַנטלען ער זאָל נישט האַלטן פאַרבאָרגן זיין אמתן תוך.

# צווייטעס קאַפּיטל

## פּערזענלעכע אינטערעסן און קולטורעלע אידעאַלן

### I

נפקא-מיניה צווישן נאַציאָנאַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם קאָן אונז בעסער פאַר אַלץ קלאָר ווערן פון זייער פאַרשיידענעם באַנעמען זיך בנוגע די נאַציאָנאַלע אינטערעסן. עס איז דעריבער נויטיק צפּעס לענגער אָפּצושטעלן זיך און דערקלערן, אין וואָס באַשטייען יענע אינטערעסן. די נאַציאָנאַלע אינטערעסן זענען קודם-כל געוויסע אינטערעסן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

רעדט מען אָבער וועגן וועלכע עס איז אינטערעסן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיינט מען דערביי צוויי פאַרשיידענע זאַכן.

ערשטנס, מיינט מען דערביי די אינטערעסן פון געוויסע פאַרשוינען אָדער געוויסע גרופּן. מען רעדט, למשל, וועגן די אינטערעסן פון די פאַבריקאַנטן, פון די גלחים, פון די אַרבעטער, פון דעם מלך. אָבער מיט דעם איז מען נישט יוצא ביי די „אינטערעסן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן”. אחוץ די געוויסע אינטערעסן פון פאַרשוינען און גרופּן האָט מען נאָך

אויך אין זינען די אינטערעסן פון פאַרשיידענע געזעלשאַפט־לעכע פונקציעס, פון פאַרשיידענע אויפטועניש אין דער מענטשלעכער קולטור. מען רעדט, למשל, וועגן די אינטערעסן פון דער אינדוסטרי, פון דעם האַנדל, פון דער וויסנשאַפט, פון דער פּאָליטיק. מען זאָגט אַן ערך, אַז די אינטערעסן פון דער וויסנשאַפט פאַרלאַנגען, די פּאָליציי זאָל זיך נישט אַריינ־מישן אין די אוניווערזיטעטן, און צוריק זאָגט מען, אַז די אינטערעסן פון דער פּאָליטיק פאַרלאַנגען, אַז זי, די פּאָ־ליציי הייסט עס, זאָל זיך יאָ אַריינמישן אין זיי. אָדער מען זאָגט, אַז די אינטערעסן פון דעם האַנדל פאַרלאַנגען, עס זאָלן נישט זיין קיין אָפּצאָלונגען אויף אויסלענדישע סחורות, אָבער די אינטערעסן פון דער אינדוסטרי, זאָגט מען, פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל אַרויפלייגן וואָס גרעסערע אָפּצאָלונגען אויף אויס־לענדישע אינדוסטרי־סחורה, און אַזוי ווייטער. אינדוסטרי, האַנדל, פּאָליטיק, קונסט, רעליגיע א. אַ. וו. זענען פונקציעס פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויפטועניש פון דער מענטש־לעכער קולטור.

אויף דעם ערשטן בליק קאָן עס אויסקומען, אַז די אינ־טערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, פון די מענטש־לעכע קולטור־אויפטועניש, האָבן אין זיך, אין תוך אַריין, קיין ברעקל ממשות נישט, אויב מען זאָל קוקן אויף זיי, ווי אויף עפּעס, וואָס איז פאַרשיידן פון די עמפּירישע באַדערפעניש, אויפגאַבן און דאגות פון די איינצלנע מענטשן. עס איז נישטאָ קיין „האַנדל“, קיין „וויסנשאַפט“, קיין „קונסט“. אינדערעמתן זענען מער נישטאָ ווי איינצלנע מענטשן, וואָס האַנדלען, וואָס שטודירן און פאָרשן, כדי צו וויסן, וואָס מאָלן בילדער, שרייבן ראָמאַנען און האַקן אויס פיגורן פון מירמלשטיין. נאָר דער מענטשלעכער שכל, באַטראַכטנדיק די מענטשן, וואָס האַנדלען, שיידט אָפּ פון זיי אין געדאַנק זייער טאָן־האַנדלען און מאַכט דערפון אַן אָפּגעשונדענעם („אַבסטראַקטן“) באַגריף: „דער האַנדל“. ער נעמט די מענטשן, וואָס שטודירן און פאָרשן, כדי צו וויסן, און שיידט פון זיי אָפּ אין געדאַנק זייער טאָן־

שטודירן און פאָרשן און מאַכט דערפון אַן אָפּגעשונדענעם באַגריף: „די וויסנשאַפט". ער נעמט די מענטשן, וואָס מאָלן, שרייבן שירים, שפּילן טעאַטער וכדומה, שיידט פון זיי אָפּ אין געדאַנק זייער טאָן־מאָלן, שרייבן און שפּילן, מאַכט דער־פון אַן אָפּגעשונדענעם באַגריף און גיט אים א נאָמען: „קונסט". „האַנדל", וויסנשאַפט", „פּאָליטיק", „אינדוסטרי" און דערגלייכן זענען מער נישט ווי נ ע מ ע ן, — ליידיקע ווערטער. אינדער־אמתן זענען נאָר דאָ מענטשן, וועלכע טוען פאַרשיידענע זאַכן. וואָס דער שכל שיידט פון זיי דאָס אָפּ אין געדאַנק און צעלייגט דאָס אין פאַרשיידענע קעסטעלעך („קאַטעגאָריעס") און קלעפּט אויף זיי אַרויף פאַרשיידענע צעטעלעך. ער נעמט דעם מענטשן, אַ גאַנצן מענטשן מיט זיינע טויזנטערליי מעשים, וואָס שרייבט געצוקט אַ פיינעם „לכבוד אהובי"; וואָס בויט אַ שטוב; וואָס קויפט און פאַרקויפט פלאַקס און הערינג און ליין; וואָס גט זיך מיט דעם ווייב און טוט אַ פיינעם בכבודיקן שידוך; וואָס שלעפּט דעם שכן צום רב; וואָס קויפט אַן אַקציע פון דער יידישער נאַציאָנאַל־באַנק; וואָס האַלט, אַז אַלע אַפּיקורסים אויף צופוקעניש, שטייט די ערד און די זון דרייט זיך; וואָס מיינט, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אין זעקס טעג; וואָס לייגט תפילין און דאַוונט אַ פיינעם מוסף ביים עמוד; וואָס גיט אַ פיינע באַלעבאַטישע נדבה; וואָס שטעקט אָפּ אַ שיינעם „שלום־עליכם" יעדן פרעמדן אורח; וואָס לערנט מיט זיין יינגל אַ פּרק משניות, — אָט אַזאַ גאַנצן מענטשן נעמט דער שכל און צעשניידט אין געדאַנק אַלע זיינע טועניש איינאיינעם מיט די טועניש פון אַלע אַנדערע מענטשן אויף פּיק־פּיצלעך. דעם שיינעם „לכבוד אהובי" וואַרפט ער אַריין אין אַ קעסטעלע, וואָס אויף אים שטייט אָנגעשריבן „העברעאיש", און דאָס קעסטעלע מיט נאָך אַזעלכע קעסטעלעך, אויף וועלכע עס שטייט געשריבן: „רוס", „דייטש", „פראַנצויז", וואַרפט ער אַריין אין דעם גרעסערן קעסטעלע, וואָס האָט אויף זיך אַ צעטעלע: די קאַטעגאָריע פון „ש פּ ר אַ ך א ו ן ש ר י פ ט". דערנאָך נעמט ער זיין בויען אַ הויז און וואַרפט אַריין אין

דער קאַטעגאָריע: „טעכניק"; זיין קויפן און פאַרקויפן פליט אין דער „עקאָנאָמיע"; זיין שדכנען און זיין גטן זיך פאַלט אַריין אין דעם קעסטעלע „פאַמיליע" און אינאיינעם מיט נאָך אַזעלכע קעסטעלעך אין דער קאַטעגאָריע „סאָציאַלע איינפירונגען". זיין דין-תורה מיט דעם שכן שפּאַצירט אַריין אין דער קאַטעגאָריע „יוריס-פּרודענץ"; זיין קויפן אַקציעס פון דער נאַציאָנאַל-באַנק גייט פריער אַריין אין אַ קעסטעלע מיט דעם נאָמען „ציוניזם", וואָס ווערט אַוועקגעשטעלט לעבן דעם קעסטעלע „טעריטאָריאַליזם"; דערנאָך פאַרפּאַקט מען זיי ביידע אין אַ גרעסער פּעקעלע: „יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג"; דאָס פּעקעלע גייט אינאיינעם מיט די פּעקלעך „פּוילישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג", „רוטענישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג" א. אַז. וו. אין דעם פּאַק: „נאַציאָנאַל-באַוועגונג בכלל", און דער גרויסער פּאַק פאַלט שוין אַריין אין דער קאַטעגאָריע: „פּאָליטיק". זיין געדאַנק וועגן ערד און זון ווערט באַחנט מיט דעם נאָמען „אַסטראָנאָמיע" און ווערט אַ נכתב אין דער גרויסער קאַטעגאָריע: „וויסנשאַפט"; אויף דעמזעלביקן אופן איז מען מקבל-פּנים זיין טעאָריע פון דער וועלט-באַשאַפונג אין דער קאַטעגאָריע, וואָס רופט זיך „פילאָזאָפיע"; זיין לייגן תפילין גייט שטאָלץ אַריין אין די טויערן פון „רעליגיע"; זיין שיינער מוסף ביים עמוד ווערט אַ נכתב אין צוויי קאַטעגאָריעס: איינמאָל דורך זיין פרומקייט, געהערט ער צו דער „רעליגיע" און דאָס אַנדערע מאָל, דורך זיין שיינער חזנות, צו דער „קונסט"; זיין פיינע באַלעבאַטישע נדבה געהערט מיט דעם גאַנצן קעסטעלע „גוטס-טאָן" אין דער קאַטעגאָריע: „עטיק"; זיין שלום-עליכם — אין די „זיטן און מנהגים"; זיין לערנען אַ פּרק משניות מיט דעם יינגל געהערט אין דער קינדער-דערציאונג — „פּעדאַגאָגיק".

די עקאָנאָמיק, די יוריספּרודענץ, די רעליגיע א. אַז. וו.

זענען דעריבער מער נישט ווי אַבסטראַקטע באַגריפן, אָפּגע-שונדן פון די איינצלנע טוענישן פון די איינצלנע מענטשן. זיי זענען, אמת, די העכסטע קאַטעגאָריעס אָדער פונקציעס פון דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן; אָבער זיי זענען דאָך נישט מער, ווי ליידיקע קאַטעגאָריעס, אויב זיי זענען נישט אָנגעפילט מיט ווירקלעכע מענטשלעכע טוענישן. אין זיי גופא איז נישטאָ קיין איין ברעקל ממשות, וואָס זאָל נישט זיין גענו-מען פון די ווירקלעכע מענטשן. זיי גופא קאָנען דעריבער נישט האָבן קיין אייגענע אינטערעסן, וואָס זאָלן זיין פאַרשיידן פון די אינטערעסן פון די איינצלנע מענטשן און גרופּן, וואָס האָבן אין זינען זייערע אייגענע מאַטעריעלע אָדער רוחניותדיקע באַדערפעַנישן. עס איז דעריבער — אַזוי קאָן מען מיינען אין פלוג — נישט גאַנץ ריכטיק צו זאָגן „אינטערעסן פון האַנדל און אינדוסטריע”, אָדער „אינטערעסן פון קינדער-דערציאונג”, — קורץ: „אינטערעסן פון געזעלשאַפטלעכע פונקציעס”. ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן: די אינטערעסן פון די. וואָס האַנדלען, וואָס פּראָדוצירן סחורות, וואָס דערציען קינדער.

אין פלוג איז דאָס אַזוי. אָבער אַפילו שוין דער פּשוטער שכל פון אַ גאַנץ יאָר מאַכט אַ גרויסן חילוק צווישן די אינ-טערעסן פון די ט ו ע ר ס און די אינטערעסן פון די ז אַ כ ן, וועלכע די טוערס דאַרפן טאָן. קיינער וועט נישט זאָגן, למשל, אַז די אינטערעסן פון דעם אַלטמאָדישן „ציקלדיקן” ח ז ן זע-נען די זעלביקע, ווי די אינטערעסן פון דער שיינער ח ז נ ו ת, וועלכע ער דאַרף אַרויסגעבן. קיינער וועט אויך נישט זאָגן, אַז עס איז נישטאָ קיין חילוק צווישן די אינטערעסן פון זי-כערקייט און אָרדנונג אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און די אינטערעסן פון די גובערנאַטאָרן און פּאָליצמייסטערס, וועלכע דאַרפן אָפּהיטן אָט-די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג און זיכערקייט. אויך ווייס מען גאַנץ גוט, אַז אַפילו די אינטערעסן פון די קינסטלער, די געלערנטע און די מלמדים זענען נישט תמיד די אייגענע, ווי די אינטערעסן פון דער קונסט, פון דער וויסנ-שאַפט, פון דער קינדער-דערציאונג. עס זענען פאַראַן צייטן,

ווען אַפילו די ווירקלעכע אייגענע אינטערעסן פון דעם מלך זענען גאַנץ פאַרשיידן פון די אינטערעסן, וואָס וואַקסן אויס פון דעם אַבסטראַקטן, „אָפּגעשונדענעם" פרינציפּ פון דער מאָנאַרכישער מאַכט.

מיט וועלכן רעכט מאַכט דער פשוטער שכל פון אַ גאַנץ יאָר אַזאַ גרויסן חילוק? הפנים, די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס אָדער די „זאַכן" זענען נישט נאָר באַגריפן, אָפּגעשונדן פון די טוענישן, מיט וועלכע עס פאַרנעמען זיך די איינצלנע מענטשן. הפנים, זיי האָבן אין זיך עפּעס מער, ווי די אינטערעסן פון די טוערס, עפּעס מער און עפּעס, וואָס איז פאַרשיידן פון זייערע אינטערעסן; אַז נישט, וואָלט מען נישט געקאָנט מאַכן קיין נפקא-מינה צווישן דער זאַך (חזנות, קינדער-דערציאונג, קונסט) און דעם טוער, חזן, מלמד, קינסטלער, וואָס דאַרפן טאָן די זאַכן. הפנים אין זיי מוז שטעקן אַ שטיקעלע ממשות, וואָס האָט זיינע אייגענע אינטערעסן. אָט דאָס שטיקעלע ממשות מוזן מיר גאַנץ קלאָר מאַכן, כדי מען זאָל קאָנען פאַרשטיין דעם תוך, דעם עצם פון אַלע געזעלשאַפטלעכע „זאַכן", כדי מיר זאָלן קאָנען גוט פאַרשטיין דעם עצם און דעם תוך פון דער „נאַציאָנאַלער זאַך".

איך וויל אויפן שטעל אַרויסזאָגן מיין מיינונג וועגן דעם, וואָס איז אין אונזערע איצטיקע מאַרקסיסטישע צייטן אַ שטיקל אַפּיקורסות. מיין מיינונג איז, אַז די רעאַלע ממשות, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין די געזעלשאַפטלעכע „זאַכן", ווי חזנות, קונסט, אינדוסטריע, וויסנשאַפט און וואָס קאָן זיין פאַרשיידן פון די חזנים, קינסטלער, פאַבריקאַנטן און געלערנטע, — אַז די רעאַלע ממשות, זאָג איך, באַשטייט אין די *אידעאַלן פון דער מענטשלעכער קולטור*. כדי גוט צו פאַרשטיין דעם געדאַנק, וועלן מיר איצטער זיך מוזן אַריינלאָזן אַביסל טיפער אין דעם ענין פון מענטשלעכער קולטור. אין פלוג וועט דאָס אפשר אויסווייזן, אַז מיר קריכן אַראָפּ פון וועג און פאַרפאָרן ווער ווייס ווי ווייט פון אונזער טעמע. אין אמתן אָבער איז דער ענין, וועגן וועלכן מיר ווילן דאַ ריידן, זייער

ּפנג און שטאַרק פאַרבונדן מיט דער שאלה, וואָס אונז אינ־טערעסירט, — מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

## II

אַלע צווייגן פון דער קולטור, ווי צום ביישפּיל, די עקאָ־נאָמיק, די פּאָליטיק, די רעליגיע א. אַז. וו. זענען בלי־שום ספק אויסגעוואַקסן פון געוויסע קולטורעלע באַדערפענישן. די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און אַלע אַנדערע טוּעכישן פון די מענטשן, דערפאַר גופא, וואָס זיי זענען מענטשלעכע טוּעכישן, האָבן גאַנץ באַשטימט אַ געוויסן צוועק פאַר די אויגן. דער „אמתער סאָציאַליזם" פון משה העס און קאַרל גרין איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אויף אַלע צווייגן פון דער מענטשלעכער קולטור דאַרף מען קוקן, ווי אויף אַרויסשפּראָצונ־גען פון דער „געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק" *).

„אין אָנהויב איז געווען דאָס טאָן", און די טוּעניש, די אַ ר ב ע ט איז שטענדיק געווען און וועט אייביק בלייבן דער

*) דער „אמתער" סאָציאַליזם, ווי מען האָט אים גערופן, צו וועלכן אויך קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס האָבן אַ קורצע צייט געהערט, האָט געהערשט אין דייטשלאַנד, ביז דער „וויסנשאַפטלעכער" סאָציאַליזם פון מאַרקס און ענגעלס איז אויפגעקומען, און ער איז געווען אַקוראַט אויף אַזויפיל „אמתדיק", אויף וויפיל דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם איז וויסנשאַפטלעך... פונדעסטוועגן זענען זיי ביידע, אי דער „אמתער", אי דער וויסנשאַפטלעכער רייך אין איינצלנע געדאַנקען און ספּעציעלע חקירות, וואָס וועלן אין דער קינפטיקער צייט געוויס אַריינגענומען ווערן אין דער וויסנשאַפט פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. צו די ריכטיקע געדאַנקען רעכן איך אויך אַריין דעם נאָר־וואָס דערמאָנטן אין טעקסט. אונטער דער ווירקונג פון דעם געדאַנק האָט אויך קאַרל מאַרקס געשריבן, אַז „דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אין תוך אַריין („וועזנטלעך") פּראַקטיש".

אור-קוואַל, פון וואַנען עס פליסט קולטור. נאָכאַמאָל! אַלע אַרויס-
שפּראַצונגען פון דער קולטור, אַלע מינים און אופנים פון דער
מענטשלעכער טעטיקייט זענען אַרויסגעוואַקסן פון געוויסע באַ-
דערפענישן און האָבן אין זינען געוויסע צילן. לאָמיר אַרומנע-
מען אין געדאַנק דאָס גאַנצע לעבן פון אַ פאָלק, דאָס גאַנצע
באַשאַפן פון זיין געשיכטלעכן לעבן, אַלע צווייגן פון זיין
קולטור, און מיר וועלן זען, אַז דער העס-מאַרקסישער געדאַנק
איז ריכטיק.

די מענטשן קאָנען ערשט דעמאָלט אַרבעטן אין אַ געזעל-
שאַפט אינאיינעם, ווען זיי האָבן מיטלען, ווי צו געבן צו פאַרשטיין
איינער דעם אַנדערן זייערע געדאַנקען און מיינונגען. די
וויכטיקסטע באַדערפעניש פון דער געזעלשאַפט איז — זיך קאָנען
דורכריידן, און יענע באַדערפעניש ווערט באַפרידיקט דורך דער
שפּראַך און — שפּעטער — דורך דער שריפט. ש פּ ר אַ ך  א ו ן
שריפט זענען דעריבער דער ערשטער וויכטיקסטער צווייג אין
דער מענטשלעכער קולטור.

מענטשן קומען זיך צונויף אין אַ געזעלשאַפט ניט נאָר
כדי צו  ז י י ן  אינאיינעם און כדי צו לעבן אינאיינעם, נאָר
אויך כדי צו אַרבעטן אינאיינעם. אַרבעטן הייסט נעמען חפצים
און זאַכן, ווי די נאַטור האָט זיי באַשאַפן, און איבעראַרבעטן
זיי, איבערבייטן זייער געשטאַלט, לאָזן זיי דורכגיין נאָכאַמאָל
דורך דעם מענטשנס מוח און דורך די מענטשלעכע הענט. אַ
מענטש הויבט ערשט אָן אַרבעטן דעמאָלט, ווען ער נעמט דעם
געפונענעם שטיין און שלייפט אים אָפּ, אָדער שפּאַלט אים
דורך און מאַכט פון אים אַ האַק אָדער אַ מעסער אָדער אַ
פייל; ווען ער נעמט די ערד, וואָס ברענגט אַרויס אַלערליי
גראָזן, און גראָבט זי אויף און באַזייט זי מיט קערנער, וואָס
ער געפינט פאַרטיק אין דער נאַטור; ווען ער טריקנט די פאַר-
טיקע קערנער און מאָלט זיי אויף מעל; ווען ער שפּינט נעצן
צו כאַפּן פיש; ווען ער פלעכט זיינע האָר אין שיינע צעפּ;
ווען ער קריצט איין שיינע פיגורן אין זיין אייגענעם לייב, —
קורץ: ווען ער פאַרענדערט די געשטאַלט און די פאָרם פון

די זאַכן, וואָס ער געפינט אין דער נאַטור, נאָך אַ פּלאַן און אַ מוסטער, אויסגעטראַכט אין געדאַנק, אַלץ צוליב דעם, כּדי צו באַפרידיקן זיינע באַדערפעניש. די פאַרשיידענע אופנים, ווי אַזוי איבערצואַנדערשן די זאַכן פון דער נאַטור אין זאַכן, וואָס טויגן דעם מענטשן אין זיין לעבן, רופט מען אָן ט ע כ־נ י ק. דער נאָמען טעכניק שטאַמט פון דעם גריכישן וואָרט ט ע כ נ ע, דער טייטש — ק ו נ ס ט. און „קונסט" קומט אַרויס פון דעם וואָרט „קאָנען". ביי אונז איז פון דעם וואָרט „קונסט" געוואָרן „קונץ". און ווען אַפילו דער עולם זאָגט, „אַז מען קאָן, איז קיין „קונץ" נישט", — בלייבט פונדעסטוועגן ריכטיק דער שורש פון דעם וואָרט: קונץ איז אַזאַ זאַך, וואָס מען דאַרף גוט „קאָנען", כּדי צו מאַכן זי, און וואָס נישט אַלע קאָנען דאָס. די טעכניק לערנט אונז „ק אָ נ ע ן", לערנט אונז פּאַרטיק ווערן מיט דעם מאַטעריאַל, וועלכן די נאַטור גיט אונז, כּדי צו מאַכן פון אים אַלץ, וואָס איז נויטיק פאַר אונז אין אונזערע בויטן און באַדערפעניש. די טעכניק איז דער צ ו ו י י־ט ע ר וויכטיקער צווייג פון דער מענטשלעכער קולטור.

דער ד ר י ט ע ר וויכטיקער צווייג פון דער מענטשלעכער קולטור איז די ע ק אָ נ אָ מ י ק. די טעכניק, האָבן מיר געזאָגט, לערנט אונז, וואָס מען דאַרף טאָן מיט דער נאַטורס זאַכן, וועלכע מינים ארבעט מען דאַרף אַרויסברענגען, כּדי צו מאַכן פון זיי נוצלעכע זאַכן פאַר דעם מענטשן. די ארבעט מוז אָבער געפירט ווערן מיט אַ פּלאַן, דערהויפּט ווען עס טוען די אַסך מענטשן אין דערזעלביקער צייט. אָט דעם „פּלאַן" באַזאָרגט די עקאָנאָמיק. עקאָנאָמיק שטאַמט פון די גריכישע ווערטער: „אָיקאָס" — אַ הויז — און „נאָמאָס" — אַ געזעץ, אַ סדר, אַ כּלל. ע ק אָ נ אָ מ י ק איז דעריבער דער טייטש־ד י ב אַ ל ע ב אַ ט י ש ק י י ט פון דער אַרבעט. אין פאַרשיידענע צייטן זענען ביי דעם מענטשן געווען פאַרשיידענע פאָרמען פון באַלעבאַטישקייט. געווען אַ צייט, ווען אַלע זענען געווען גלייכע באַלעבאַטים אויף די זאַכן פון דער נאַטור, און אויך אויף די פּראָדוקטן, וואָס זיי פלעגן אַרויסברענגען דורך

זייער אַלעמענס בשותּפותדיקער אַרבעט. דאָס איז געווען די קאָמוניסטישע באַלעבאַטישקייט. דערנאָך איז געוואָרן אַ צייט, ווען די געזעלשאַפט איז צעפאַלן אין איינצלנע באַלעבאַטיש-קייטן און די מענטשן האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט אין פרייע און פאַרקויפטע, אין האַרן און שקלאַפן. דער פרייער האַר האָט שוין געשפּילט אַ גאַנץ אַנדער ראָלע אין דער באַלעבאַטישקייט, איידער דער פאַרקויפטער שקלאַף. אין אונזערע צייטן זעען שוין ווידער אַנדערע ראָלעס אין דער באַלעבאַטישקייט. אַנשטאָט דעם פרייען פריץ פון אַמאָל האָבן מיר דעם פרייען קאַפּיטאַ-ליסט, און אַנשטאָט דעם שקלאַף פון אַמאָל האָבן מיר איצטער דעם פרייען, נישט פאַרקויפטן, אָבער פאַרדונגענעם אַרבעטער. דאָס איז די קאַפּיטאַליסטישע באַלעבאַטישקייט. אין דער קינפ-טיקער צייט, האָפן מיר, וועט זיך די באַלעבאַטישקייט פון דער געזעלשאַפט אינגאַנצן איבערבייטן, און זי וועט ווערן אַ בשותּפות-דיקע באַלעבאַטישקייט פון אַלע מענטשן אינאיינעם.

קאַרל מאַרקס, וואָס האָט טיפער פאַר אַלע געלערנטע ביז אים פאַרשטאַנען דעם עיקר פון עקאָנאָמיק, וויל האָבן, אַז די באַלעבאַטישקייט גייט נאָך נאָך דער טעכניק. וואָס פאַר אַ טעכניק די געזעלשאַפט האָט, אַזאַ באַלעבאַטישקייט מוז זי פירן. די נויט פון דער טעכניק צווינגט די געזעלשאַפט אָפּצושאַפן, למשל, די שקלאַפישע באַלעבאַטישקייט, אָדער איינ-צופירן די קאַפּיטאַליסטישע באַלעבאַטישקייט מיט געדונגענע אַרבעטער. דיזעלביקע נויט וועט זי צווינגען אָפּצושאַפן דעם קאַפּיטאַליזם און איינצופירן דעם סאָציאַליזם. מיר קאָנען זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דער זייער וויכטיקער און אינטערע-סאַנטער חקירה, אויף וויפל קאַרל מאַרקס האָט דאָ געטראָפן דעם אמת. ווי די מעשה איז, אמת איז געוויס, אַז די פאָרם פון דער באַלעבאַטישקייט איז געווען נישט קיין הפקר-זאַך, וועלכע מענטשן האָבן פון העלער הויט אַריינגעפירט אין לעבן אָדער פון הצלער הויט איבערגעביטן אויף אַן אַנדער מין. עס איז געוויס אַ באַדערפעניש פאַר דער געזעלשאַפט אַריינצוגיסן דעם פּראָצעס פון דער מענטשלעכער אַרבעט אין געוויסע

פאָרמען פון באַלעבאַטישקייט, און די באַדערפעניש ווערט באַפרי־דיקט דורך דער עקאָנאָמיק אין פאַרשיידענע צייטן אויף אַ פאַרשיידענעם אופן.

איין געזעלשאַפט קאָן זיין פאַרשיידן פון דער אַנדערער נישט נאָר דורך איר שפּראַך, נישט נאָר דורך איר טעכניק און נישט נאָר דורך איר באַלעבאַטישקייט, נאָר אויך דורכדעם, ווי זי טיילט פאַנאַנדער אַלע אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן. אין איין געזעלשאַפט ווערן זיי פאַרטיילט צווישן אַלעמען גלייך, און ס'איז נישטאָ קיין גרויסער חילוק צווישן דעם לעבן פון קייסער, צום ביישפּיל, און דעם לעבן פון אַ פּשוטן בשר־ודם, הן אין וווינונג, הן אין שפּייז און קליידונג און הן אין בילדונג. אין אַנדערע געזעלשאַפטן, ווי צום ביישפּיל, ביי אונז, איז דאָס סאָציאַלע לעבן — אַ גאַנצער לייטער פון שטאַפּלען, פאַרשיידן פאַר די, וואָס געפינען זיך אויף די פאַרשיידענע טרעפּ פון דעם לייטער. דאָס באַדערפעניש פאַנאַנדערצוטיילן די גשמיותדיקע און רוחניותדיקע פּראָדוקטן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט ווערט באַפרידיקט דורך דעם פאַרשיידענעם סדר פון דעם געזעל־שאַפטלעכן לעבן, דורך די פאַרשיידענע סאָציאַלע אינ־סטיטוציעס, באַזונדערע סאָציאַלע בנינים. די משפחה, צום ביישפּיל, איז אַזאַ מין סאָציאַלע אינסטיטוציע; אויך איז די פאָרם פון דעם „מיין און דיין", וואָס קומט פאָר אין דער געזעלשאַפט, אַזאַ סאָציאַלער בנין. קאָמוניזם אָדער סאָציאַליזם, אָדער פּריוואַט־אייגנטום; די משפחה מיט איין מאַן און איין פרוי, אָדער מיט איין מאַן און מערערע פרויען, אָדער מיט איין פרוי און מערערע מאַנען, אָדער מיט מערערע מאַנען און מערערע פרויען, — זענען פאַרשיידענע פאָרמען פון סאָציאַלע בנינים, וואָס באַפרידיקן דעם אויבנדערמאָנטן ציל. פון די סאָציאַלע אינסטיטוציעס באַשטייט דער פערטער צווייג פון דער מענטשלעכער קולטור.

דער פינפטער צווייג באַשטייט פון דער יוריס־פּרודענץ, די משפּטים און דינים, יורידישע כללים, וואָס באַגרענעצן דעם מענטשנס כאַנט איבער אַנדערע מענטשן

און זאַכן. די מאַכט, וואָס אַ פאָטער האָט איבער זיינע ווייבער־אָדער קינדער, וועלכע שטראָפן ער קאָן אַרויפלייגן אויף זיי און וועלכע נישט, וואָס מעג איך נעמען פון מיין שכן און וואָס נישט, וועלכע רעכט האָט יעדער איינצלנער אין לעבן, — דאָס אַלץ געהער צו דעם פינפטן צווייג.

דער זעקסטער צווייג איז די פּאָליטיק. איר ציל איז אַכטונג צו געבן אויף דעם גאַנצן סדר פון דער געזעלשאַפט, צופאַסן אַלץ, וואָס אין איר קומט פאָר, איינס צו דעם אַנדערן אַזוי, אַז זיי זאָלן נישט שטיין אין וועג איינער דעם אַנדערן. די פּאָליטיק, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער גע־זעלשאַפט גופא, טרעט אָבער אַרויס שטענדיק אין דער פאָרם פון דעם אויבערהאַר איבער דער גאַנצער געזעלשאַפט. זי לאָזט אַרויס די געזעצן, זי שטיצט אונטער אָדער רייסט אַראָפּ די סאָציאַלע בנינים און זי טרעט אַרויס אין דעם פאַל, ווען איין געזעלשאַפט האָט צו טאָן מיט דער אַנדערער געזעלשאַפט.

קיין געזעלשאַפט קאָן נישט לעבן, ווען זי האָט נישט לכל־הפחות וועלכע עס איז קענטעניש און וויסנשאַפט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין איר און אַרום איר. דער זיבעטער צווייג פון דער קולטור, די וויסנשאַפט, דינט יענעם ציל. זי לערנט אונז, וועלכע וועגן און מיטלען (מעטאָדן) מען מוז אָנווענדן, כּדי ריכטיק צו פאַרשטיין דעם נאַטירלעכן שכל פון יעדער זאַך, סיי אין דער נאַטור, סיי אין דעם מענטשן, סיי אין דער געזעלשאַפט. זי געפינט אויס, אין וואָס די טבע פון איין זאַך מוז זיין אַקוראַט אַזאַ, מיט דיזעלביקע סימנים און כוחות, ווי די טבע פון אַן אַנדער זאַך, און אין וואָס די טבע פון איין זאַך מוז על פּי הכרח זיין פאַרשיידן פון דער אַנדערער זאַכס טבע. זי ווייזט אונז אויף, ווי אַזוי איין זאַך מוז זיין שטענדיק פאַרבונדן מיט אַן אַנדערער זאַך און ווי אַזוי איין פּאַסירונג מוז על פּי הכרח ציען נאָך זיך אַן אַנדער פּאַסירונג, ווי אַזוי פון איין זאַך ווערט אַן אַנדער זאַך. זי מאַכט אונז אַלץ מער באַקאַנט מיט דעם דרך־הטבע פון דער נאַטור, פון דעם מענטשנס נשמה און פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

כדי אַרויסצובריינגען דאָס, וואָס עס איז נאָך נישטאָ אויף דער וועלט, אָבער וואָס עס דאַרף זיין, נאָך אונזער מענטשלעכן שכל און נאָך אונזער מענטשלעכן יושר, און גיט אונז אויף דעם אופן די מעגלעכקייט צו ווערן דער בּאַלעבאָס איבער דעם דרך־הטבע, אויף וויפל אונזערע מענטשלעכע כּוחות לאָזן דאָס צו.

דער אַ כ ט ע ר צווייג איז די פ י ל אָ ז אָ פ י ע. דער פילאָזאָפישער געדאַנק זוכט אַרויס אָדער וויל אַרויסזוכן דעם ת מ צ י ת פון אַלע פאַקטן פון דער נאַטור, דער געזעלשאַפט און דעם מענטשלעכן „איך", — דעם תּמצית פון אַלץ, וואָס עס איז דאָ, און פון אַלץ, וואָס עס ד אַ ר ף זיין על־פּי שכל און על־פּי יושר, און מאָלט אונז אויס אַ װ ו ע ל ט ־ ב י ל ד און אַ ל ע ב נ ס ־ ח כ מ ה, אויסגעבּונדן אינאייינעם צו איין־איינציקער, האַרמאָנישער סיסטעם, אין וועלכער אַלע טיילן זענען, ווי וואָרצלען, צווייגן, בּלעטער, בּלומען און פּירות פון איין געוויקס.

דער נ י י נ ט ע ר צווייג, די ר ע ל י ג י ע, — ווי פאַר־שיידן עס זאָלן נישט זיין די פאָרמען, אין וועלכע זי טרעט אַרויס, האָט זי שטענדיק געהאַט אין זינען צו לערנען יעדן איינצלנעם מענטשן, ווי ער זאָל זיך באַגיין מיט יענעם לעצטן גרונט פון דער וועלט און פון זיין אייגענעם לעבן, פון וועלכן עס הענגט אָפּ זיין גליק און אומגליק, זיין יעדער שריט אין דעם קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ. זי האָט געלערנט, וואָס איז אַזוינס דער לעצטער גרונט פון דער וועלט — די גאָטהייט, און וואָס דער מענטש דאַרף טאָן, כּדי צו לעבן אַזוי, אַז זיין לעבן זאָל זיין פאַרבּונדן מיט דעם לעבן און דעם ווילן פון דער גאָטהייט.

דער צ ע נ ט ע ר צווייג, די ק ו נ ס ט, וויל באַפרידיקן די מענטשלעכע באַדערפעניש, וואָס ער האָט, צו געניסן שיינ־קייט אין האַרמאָנישע אָדער סימעטרישע קלאַנגען, ליניען, בּיל־דער, קערפּערס און פאַרבּן.

דער ע ל פ ט ע ר צווייג, די ז י ט ל ע כ ק י י ט אָ ד ע ר עטיק, וויל פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון מ ע נ ט ש ל ע כ ע ר

חשיבות, פון אַ שיינעם בכבודיקן מענטשלעכן לעבן אין די געדאַנקען, די געפילן און דעם רצון, וואָס דער מענטש האָט, און אויך אין אַלע מעשים, וואָס ער טוט. עס פאַרשטייט זיך, אַז מענטשן, וואָס שטייען אויף אַ פאַרשיידענער מדרגה פון בילדונג און אַנטוויקלונג האָבן אַ פאַרשיידענעם אידעאַל פון אַ חשובן, בכבודיקן מענטשלעכן לעבן; אָבער אַפילו די נידעריקסטע מענטשן און פעלקער קאָנען נישט לעבן אָן אַזאַ אידעאַל. עס זענען פאַראַן דענקער, וואָס מיינען, אַז אין דער ערשטער צייט פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג איז נאָך קיין זכר נישט געווען פון אַן עטישן אידעאַל און אַז דער געדאַנק פון אַ בכבודיקן לעבן, פון מענטשלעכער חשיבות איז אויסגע־וואַקסן ערשט שפּעטער מיט דעם אָנוואַקסן פון בילדונג און ציוויליזאַציע, ווען די געפילן פון דעם מענטשן האָבן גענומען ווערן פיינער. אַ ראיה דערצו ברענגט מען אָפט פון דעם בושמען (אַ שבט, וואָס שטייט אויף דער נידעריקסטער קולטור־מדרגה), וואָס האָט אויף דער שאלה, — וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, — געענטפערט: „שלעכט איז — ווען מען גנבעט ביי מיר מיין ווייב, און גוט איז — ווען איך גנבע ביי דעם אַנדערן זיין ווייב". מען האָט אָבער דעם ענטפער פון דעם בושמען שלעכט אויסגעטייטשט. אויב ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען, וואָס מען האָט אים געפרעגט, האָט ער מיט זיין ענטפער געוואָלט זאָגן, אַז דער אידעאַל פון אַ בכבודיקן, חשובן מענטשלעכן לעבן באַשטייט אין דעם, אָפּצוהיטן זיין ווייב און מקריב זיין זיך צוליב דעם אָפּהיטן זי; און פון דער אַנדערער זייט — זיין אַזאַ גבור און האָבן אַזויפיל מוט, אַז מען זאָל קאָנען קעמפן קעגן דעם אַנדערן און אָפּנעמען ביי אים זיין ווייב, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, האָבן אַן אידעאַל, פאַר וועלכן מען זאָל ברענגען קרבנות, לויט וועלכן מען זאָל לעבן, ווען אַפילו זיין פאַרווירקלעכונג איז פאַרבונדן מיט דאגות, צרות און יסורים. אויב דער בושמען וואָלט דערלאָזן אַן אַנדערן ביי אים גנבענען זיין ווייב, אָדער אויב ער וואָלט געפילט, אַז ער האָט נישט אַזויפיל מוט אין האַרצן, צו לאָזן זיך אויף דעם געפערלעכן

וועג פון גנבענען אַ פרעמדנס ווייב, וואָלט ער זיך געדעכנט פאַר אַ שפלן מענטשן, וואָלט ער זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. פאַרוואָס ער זעט נישט מיט אַלע כּוחות צו פאַרווירקלעכן אין זיינע געפילן און זיינע מעשים דעם אידעאַל פון מענטשלעכער חשיבות, וואָס דאַרף אין זיינע אויגן זיין הייליק און טייער.

נאָך אַ צווייג פון קולטור, דער צוועלפטער, באַשטייט אין דעם אַריינפירן אין לעבן זיטן און מנהגים. כּמעט יעדעס פאָלק און יעדע געזעלשאַפט האָט אירע מנהגים און זיטן, וועלכע זיי היטן אָפּ. זיי קאָנען נישטליידן, ווען די איינצלנע מענטשן, סיי איינענע, סיי פרעמדע, טרעטן זיי אַריבער. דער מקור פון זיטן און מנהגים ליגט דאָס רוב אין די אויבן-אויסגערעכנטע צווייגן פון דער קולטור, און דעריבער זענען זייערע צילן אַרויסגעוואַקסן פון די צילן, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט יענע קולטור-צווייגן. אָבער אַחוץ דעם האָבן די זיטן און מנהגים נאָך אַן אייגענעם מקור מיט אַן אייגענעם ציל: זיי ווילן אַריינברענגען אין בעוויסע פאָרמען דאָס אַלטעגלעכע באַגיין זיך פון מענטש צו מענטש, דאָס אַלטעגלעכע לעבן אין דער געזעלשאַפט: באַגריסן זיך, זעגענען זיך, ווינטשעווען איינער דעם אַנדערן אַלדאָס גוטס, גוט-יום-טוב-ביטן א.אַז.וו., א.אַז.וו.— דאָס וויל דער צווייג פון קולטור, וואָס מיר רופן זיטן און מנהגים, אַריינגיסן אין באַשטימטע פאָרמען פון צערעמאָניעס, וואָס זענען פאַרשיידן פון פאָלק צו פאָלק, פון לאַנד צו לאַנד, פון דור צו דור.

דער דרייצנטער צווייג, די פּעדאַגאָגישע אַרבעט, קינדער-דערציאונג, די אויפקלערונג פון דעם יונגן דור, איז איינע פון די וויכטיקסטע קולטור-צווייגן. זי האָט אין זינען ווייטער איבערצוגעבן דעם יונגן דור אַלע קענטענישן און השלמות, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון די עלטערע דורות און איבערגעבן בירושה צו דעם איצטיקן דור. זי וויל מדריך זיין די יוגנט אין אַלע טראַדיציעס פון דער קולטור.

דער לעצטער, פערצנטער צווייג פון דער קולטור,

איז דאָס היסטאָרישע לעבן. דער צווייג האָט נישט קיין אייגענע אויפגאַבע. ער באַשעפטיקט זיך מיט אַלע צווייגן פון דער קולטור און וויל אַריינברענגען שינוים און פאַרבעסערונגען, סיי אין די פרטים, סיי אין דעם גאַנצן שטייגער פון דעם מענטשלעכן קולטורעלן לעבן און אין אַלע אַרטן פון זייַן קולטורעלן שאַפן.

עס איז נישט דאָ דאָס אָרט אַריינצולאָזן זיך אין דער טעאָרעטישער חקירה, ווי אַזוי די אַלע צווייגן און פעלדער פון דער מענטשלעכער קולטור ווערן מיט דער צייט זעלבשטענדיקע פאַקטאָרן פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס. נישט דאָ קאָנען מיר אויספאָרשן, וואָס פאַר אַ ראָלע זיי שפּילן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, נאָך וואָסערע געזעצן עס קומט פאָר זייער ווירקן איינס אויף דאָס אַנדערע, און ווי אַזוי עס וואַקסט אַרויס פון זייער צוזאַמענווירקן דער וועג פון דעם שטענדיקן, פון קיין זאַך נישט איבערגעריסענעם מענטשלעכן פּראָגרעס. מיט דער פאַרענטפערונג פון די אַלע שאלות דאַרף זיך באַשעפטיקן די פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע. פאַר אונזער ספּעציעלן צוועק איז זייער וויכטיק צו באַמערקן, אַז אָט די אַלע הויפּט-קאַטעגאָריעס פון דעם קולטורעלן לעבן, — שפּראַך און שריפט, טעכניק, עקאָנאָמיק, סאָציאַלע אינסטיטוציעס, רעכט, פּאָליטיק, וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, רעליגיע, קונסט, זיטלעכקייט, זיטן און מנהגים, קינדער-דערציאונג און דאָס היסטאָרישע לעבן, — זענען מער נישט ווי פאַרשיידענע ענטפערס, מיט וועלכע די מענטשהייט פאַרענטפערט אין פאַרשיידענע צייטן די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור.

צו יעדער צייט און אויף יעדן פעלד פון דער קולטור קאָן דער מענטש געפינען אַסך ענטפערס אויף דערזעלבער קולטור-שאלה; אָבער נישט אַלע ענטפערס זענען גלייך גוט, גייען גלייך צום ציל. אונטער די געגעבענע אומשטענדן איז נאָר איין ענטפער דער בעסטער, דער פּאַסיקסטער פאַר די צילן, וואָס ליגן אויף דעם גרונט פון דעם פּראָבלעם. אָט דער בעסטער

ענטפער איז דער אידעאַל פאַר דעם באַשטימטען פעלד פון דער קולטור צו דער באַשטימטער צייט. אַ ביישפּיל. פאַר די צילן פון דער טעכניק איז די שקלאַפעריי פון אַ באַשטימטער צייט געװען דער בעסטער ענטפער אויף דער שאלה, װי אַזוי צו אָרגאַניזירן די מענטשלעכע אַרבעט, אַז פון איר זאָל מען קאָנען אַרויסבּרענגען װאָס מער חפצים און גיטער. די שקלאַפעריי האָט געמוזט דעריבער זיין צו אַ געװיסער צייט דער עקאָנאָמישער אידעאַל פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס איז דעריבער אַ טעות פון די, װאָס מיינען, אַז אידעאַלן פאַלן אַראָפּ פון הימל װי פּאַרטיקע, אייביק-ליכטיקע, אומפאַרענדערלעכע שטערן. די אידעאַלן בייטן זיך און מוזן זיך בייטן מיט דעם לעבן פון דער געזעלשאַפט גופא. פון דער אַנדערער זייט איז אויך אַ טעות פון די, װאָס גלויבן, אַז עס קאָן זיין אַ געזעלשאַפטלעך לעבן אָן אידעאַלן. װי נאָר איר גיט צו, אַז אויף אַ באַשטימטער קולטורעלער שאלה קאָנען געגעבן װערן אין אַ געװיסער צייט אַסך ענטפערס מיטאמאָל; װי נאָר איר גיט צו, אַז פון די אַלע ענטפערס מוז צו יעדער געגעבענער צייט נאָר איין ענטפער זיין דער בעסטער, — מוזט איר צוגעבן, אַז אויף אַלע פעלדער פון דער קולטור און צו אַלע צייטן מוזן צװישן די גראָזן און די דערנער פון דער קולטור אויך װאַקסן די בלומען פון דעם אידעאַל.

אָט נאָך דער לאַנגער הקדמה װעגן די צװייגן פון דער קולטור און װעגן די אידעאַלן, װאָס װאַקסן אויף זיי, װעט אונז קלאָר װערן װאָס מיר מיינען מיט די װערטער: „די אינטע־רעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס", װאָס זענען פאַר־שיידן פון די אינטערעסן פון יענע מענטשן, װעלכע פאַר־װירקלעכן זיי אין לעבן. די אינטערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס — דאָס זענען די אינטערעסן פון די אידעאַלן.

לאָמיר אָננעמען אין געדאַנק אַ פאַל, װאָס איז אוממעג־לעך: אַז די באַדערפעניש, װאָס האָבן אַרויסגעבראַכט אַלע

אַרטן און פעלדער פון דער מענטשלעכער קולטור, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין זייער אַנטוויקלונג, אַזוי אַז נישט עס פאַרגרעסערט זיך זייער צאָל, און נישט עס בייט זיך איבער זייער מהות. לאָמיר ווייטער אָננעמען, אַז די פאַרענטפערונג פון די קולטורעלע פראָבלעמען און דער אַריינפיר פון די ענטפערס אין לעבן איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע גרופּעס: די רעליגיע אָוועקגעגעבן צו די כהנים, די פּראָדוקציע — צו די קאַפּיטאַליסטן, און אַזוי ווייטער, און אַז אָט די געזעלשאַפטלעכע ענטפערס גייען איבער בירושה פון פאָטער צום זון. אויך לאָמיר אָננעמען, אַז עס איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּגעמאַכט געוואָרן, נאָך וועלכער מאָס מען זאָל פאַנאַנדערטיילן אַלע געזעלשאַפטלעכע גיטער, סיי די מאַטעריעלע, סיי די גייסטיקע, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט דורך דעם, וואָס די געזעלשאַפט פאַרענטפערט אַלע אירע שאלות אויף אַלע וועגן פון דער קולטור. דעמאָלט קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן אַזאַ פאַל, ווען די מענטשהייט זאָל האָבן דערגרייכט איר העכסטע אידעאַלע שטופע, ד. ה. אַזאַ מדרגה אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווען די עמפּירישע אינטערעסן פון די איינצלנע פערזאָנען וועלן זיך נישט פאַנאַנדערגיין מיט די אינטערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, ד. ה. מיט די בעסטע ענטפערס אויף די קולטורעלע פראָבלעמען, — ענטפערס, וואָס ווערן דיקטירט פונם אידעאַל, — וואָס וואַקסט אַרויס אויף יעדן באַזונדערן צווייג פון דער קולטור.

צום אומגליק אָדער צום גליק, קאָן מען גאָרנישט טרוימען פון אַזאַ „אידעאַלער מדרגה" פאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. די באַדערפענישן פון דעם מענטשן האַלטן אין איין שטענדיקן בייטן זיך, און נייע באַדערפענישן רופן אַרויס דעם חשק אַנדערש צו פאַרענטפערן די קולטורעלע פראָבלעמען. געפינט מען אַ נייעם, אַ בעסערן ענטפער אויף וועלכער עס איז קולטורעלער פראַגע און פירט מען אים אַריין אין לעבן, צערודערט ער דעם גאַנצן אָרגאַניזם פון דער קולטור, רופט ער אַרויס אַ נייע אויפרעגונג אין אַלע צווייגן פון דעם געזעל-

שאַפטלעכן לעבן, ווייל זיי אַלע זענען פאַרבונדן איינע מיט די אַנדערע און הענגען אָפּ איינע פון די אַנדערע. די נייע אויפרעגונג רופט אַרויס אין לעבן נייע פראַגן און פּראָבלעמען; נייע פראַגן און פּראָבלעמען רופן אַרויס דעם חשק צו זוכן נייע ענטפערס, און די נייע ענטפערס טראָגן אַריין ווידער אַ נייעם לעבנס-זאַפט אין דעם אָרגאַניזם פון דער קולטור, רופן אַרויס נייע אומצופרידנקייט, נייע שאלות, ווידער נייע ענטפערס און לאָזן דאָס לעבן פון דער געזעלשאַפט זיך נישט אָפּשטעלן, נישט פאַרגליווערט ווערן אויף אַ לענגערע צייט. אַלץ ווייטער און ווייטער דרייט זיך דאָס ראָד, אָן אויפהער אַרבעט דאָס „פּערפּעטואום מאָבילע" פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

דאָס אויסגעפינען פון דעם ריכטיקסטן וועג, אויף וועלכן מען קאָן קומען צו דעם בעסטן ענטפער אויף אַ קולטורעלער שאלה, איז קודם-כל אַ רעזולטאַט פון דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, ד. ה. סוף-כל-סוף, אַ פועל-יוצא פון דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס. דער נייער בעסערער ענטפער ווערט דאָס רוב פאַרטראָטן פון גאַנץ נייע גרופּן און מענטשן, איידער די, וואָס האָבן אָפּגעהיט דעם אַלטן אַרט פון לעבן. אָט די נייע גרופּן און מענטשן טרעטן אַרויס אין אַ קריג קעגן די פּריווילעגיעס פון די אַלטע, ווען עס לוינט אָפּצוהיטן די אויסגעלעבטע קולטור. וואָס מער די מענטשהייט אַנטוויקלט זיך, אַלץ אין מער צווייגן פון דער קולטור באַווייזן זיך נייע ענטפערס און נייע גרופּן, וועמען די נייע ענטפערס לוינען זיך בעסער, איידער די אַלטע. אויף אַזאַ אופן וואַקסט אויס אַן אָפּגרונט צווישן די אינטערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, צווישן די אינטערעסן פון מענטשן און גרופּן, וואָס שטייען פאַר די אידעאַלן, און די אינטערעסן פון יענע גרופּן און מענטשן, וואָס האַלטן זיך פאַר די אַלטע אופנים, ווי צו פאַרענטפערן די שאלות פון דעם לעבן. זייער זעלטן קאָן זיך טרעפן, אַז די אינטערעסן פון דעם אידעאַל זאָלן צונויפפאַלן אינאיינעם מיט די אינטערעסן פון די, וואָס שפּילן די הויפּט-ראָלע אין דער אַלטער קולטור.

כּדי צו דערקלערן בּאַריכות די אַלע געדאַנקען, דאַרף מען אָנשרייבן אַ בּאַזונדערע געשיכטס-פֿילאָזאָפֿישע שריפֿט. אָבער אַפֿילו דאָס ווייניקע, וואָס מיר האָבן געגעבן, איז גענוג צו פֿאַרשטיין, וואָס מיר מיינען אייגנטלעך, ווען מיר רעדן וועגן אידעאַלן פֿון דער מענטשלעכער קולטור און אין וואָס פֿאַר אַ שייכות עס שטייען אָט די אידעאַלן צו די אינטערעסן פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע פֿונקציעס פֿון איין זייט, און צו די אינטערעסן פֿון די איינצלנע גרופּן און מענטשן פֿון דער אַנדערער זייט.

## III

עס קאָן זיין, אַז אויף קיין פֿעלד פֿון דער קולטור טרעט נישט אַרויס אַזוי קלאָר די נאָר-וואָס דע־מאָנטע שייכות צווישן אידעאַלן און אינטערעסן, ווי אויף די פֿעלדער פֿון אינדוסטריע-לער טעכניק און נאַטורוויסנשאַפֿט. לאָמיר, צום בּיישפּיל, פֿאַר-גלייכן די אינטערעסן פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער אונטערזוכונג, ווי זיי האָט פֿאַרשטאַנען אַ גאַלילעי אָדער אַ בּעקאָן, מיט די אינטערעסן פֿון די סכאָלאַסטישע געלערנטע, וואָס האָבן געהערשט אין יענער צייט. אָדער לאָמיר פֿאַרגלייכן די אינטערעסן פֿון דער אינדוסטריע, פֿאַר וועלכע עס האָבן זיך איינגעשטעלט די ערשטע גרויסע פֿאַבּרי-קאַנטן, מיט די אינטערעסן פֿון די קליינע און מיטלערע בּעלי-מלאכות, — און עס וועט אונז נישט זיין שווער אַרויסצוגעפֿי-נען, אַז דער אמתער מהות פֿון דער וויסנשאַפֿט איז געווען בּעסער און שאַרפֿער אויסגעדריקט בּיי גאַלילעי און בּעקאָן, איידער בּיי די תּלמידי-חכמים פֿון זייער צייט, און אַז דער מהות פֿון אינדוסטריע איז ריינער אַרויסגעקומען אין די טעכנישע אַפּאַראַטן און פּראָצעסן פֿון דער גרויסער פֿאַבּריק, איידער אין די וואַרשטאַטן פֿון דעם קליינינקן צעך-בּעל-מלאכה.

אָבער אויב איך האָב נישט קיין טעות, זענען טעכניק און וויסנשאַפֿט אפֿשר די איינציקע צווייגן פֿון דער קולטור, אין וועלכע עס טרעט אַזוי בּולט אַרויס די אונז אינטערעסירנ-

דיקע שייכות. דאָס שטאַמט דערפון, וואָס אויף קיין פעלד פון דער מענטשלעכער קולטור זענען די אידעאַלן פון דער מענטשהייט נישט אַזוי קלאָר און דייטלעך, ווי דווקא אויף די פעלדער פון פּינקטלעכן וויסן און אינדוסטריעלער טעכניק. מיט אַלע אַנדערע צווייגן פון דער קולטור איז שוין אַ גאַנץ אַנדערע מעשה. אין וואָס אַן ערך — לאָמיר אַ פרעג טאָן — באַשטייט דער קלאָרער און דייטלעכער אידעאַל פון די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, פון פּאָליטיק, רעליגיע, פילאָזאָפיע? מיט אַנדערע ווערטער, אין וואָס באַשטייט דער בעסטער תירוץ אויף די סאָציאַלע, פּאָליטישע און רעליגיעזע שאלות? מען קאָן נישט פאַרענטפערן אָט די אַלע פראַגן מיט דערזעלבער פּינקטלעכקייט, וואָס מיר געפינען אין דער וויסנשאַפט און אין דער טעכניק. דעריבער זעען מיר טאַקע, אַז די סאָציאַלע, פּאָליטישע, רעליגיעזע און פילאָזאָפישע אידעאַלן זענען זייער פאַרשיידן, און זייער פאַרשיידנקייט ווענדט זיך אין דעם, וואָס פאַר אַ גרופּע מענטשן און פון וואָס פאַר אַ שטאַנדפּונקט זי טרעט צו צו פאַרענטפערן די שאלות.

פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ פּירוד הדעות ביי דער מענטשהייט אין די העכערע צווייגן פון דער קולטור? דאָס קאָן נישט זיין די דאגה פון אונזער היינטיקער אַרבעט פאַנאַנדערצוקלייבן און אויסצוגעפינען די טויזנטער פאַרוויקלטע טעמים, וואָס ברענגען צו אַזאַ פּירוד הדעות. דאָ איז גענוג פּשוט אָנצווייזן אויף דעם פאַקט, וואָס יעדער זעט מיט זיינע אויגן, אַז די מענטשהייט האָט נאָך נישט אויסגעאַרבעט איין אומפעלבאַרע פילאָזאָפיע, נאָר אַ גאַנצן סכום פון פילאָזאָפישע סיסטעמען; עס איז נאָך נישטאָ איין איינציקע קונסט, נאָר אַסך קינסטלערישע שולן, און אויך אין דעם סאָציאַלן לעבן און אין די סאָציאַלע אידעאַלן ראַנגלען זיך פאַרשיידענע ריכטונגען איינע מיט דער אַנדערער. אָט די אַלע סיסטעמען, שולן און ריכטונגען זענען פאַרשיידענע אַרטן, באַזונדערע אופנים ווי צו פאַרענטפערן די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן, וועלכע ליגן אין די-

פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, ווערט דעריבער פאַר־וואַנדלט אין דער פאַרטיידיקונג פון יענע באַשטימטע אופנים, ווי אַזוי צו פאַרענטפערן די קולטורעלע פּראָבלעמען. אידעאַליזם און מאַטעריאַליזם, צ. ב., זענען פאַרשיידענע אופנים, ווי צו פאַרענטפערן די גרונט־שאלה פון דער פילאָזאָפיע. מאָנאַרכיזם, דעספּאָטיזם און אַ רעפּובליק זענען פאַרשיידענע אופנים ווי צו פאַרענטפערן די גרונט־שאלה פון פּאָליטישן לעבן א. אז. וו.

אויף אַזאַ אופן פאַלט פאַנאַנדער יעדעס קולטור־פעלד אין פאַרשיידענע ריכטונגען, וואָס האָבן פון זייער זייט זיי־ערע אייגענע לעבנס־פרינציפּן, זייערע אייגענע אינטערעסן און אידעאַלן. נאָר אויך אין דעם פאַל איז נאָך גאָרנישט געזאָגט, אַז די אינטערעסן פון אַ באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן פּרינציפּ און די אינטערעסן פון יענע מענטשן, וואָס פאַרווירקלעכן אים אין לעבן און היטן אים אָפּ, זאָלן שטענדיק זיין איינס. לאָמיר נעמען, צ. ב., דעם פּאָליטישן פּרינציפּ פון דעספּאָטיזם. איבער דער גאַנצער געזעלשאַפט הערשט איין־איינציקער מענטש, און ער געוועלטיקט איבער דעם לאַנד נישט דורך געזעצן און דינים, וואָס יעדער איז מחויב אָפּצוהיטן, נאָר דורך באַפעלן און פאַראָרדענונגען, וואָס ער גיט אַרויס, ווען ער וויל, און וואָס ער בייט אָפּ, ווען אים פאַרגלוסט זיך.

ווען אייניקע פירער פון דעם שבט ניאַם־ניאַם דערציילט אונז דער אַפריקע־רייזנדער געאָרג שווײנפורט, אַז אַן אַנדערס מאָל מאַכן זיי זיך בכיוון פאַר משוגע, כדי אײנמיטן דערינען, ווען עס כאַפּט זיי אָן דער שגעון, אַרויסצורייסן פון זייער סוויטע לגמרי אומשולדיקע מענטשן און אויפן אָרט צו טויטן זיי מיט זייער מעסער. אויף אַזאַ אופן ווילן זיי איינפלאַנצן אין זייער פאָלק דעם פעסטן גלויבן, אַז זיי האָבן דאָס רעכט אויף דעם לעבן און טויט פון יעדן איינצלנעם און די מאַכט צו טאָן שטענדיק זייער נישט באַגרענעצטן ווילן*). קיינער וועט געוויס נישט לייקענען, אַז דער פּרינציפּ פון דעספּאָטיזם האָט

*) Dr. Georg Schweinfurth. Im herzen von Afrika, Leipzig, 1878, S. 238-239.

ערגעץ נישט אַזוי קלאָר אויסגעדריקט זיין מהות, ווי אין יענעם „סימבאָלישן" אַקט פון דעם ניאַם-ניאַמישן פירשט. אָבער פון דער אַנדער זיים וועט אויך קיינער נישט אָפלייקענען, אַז די דעספאָטישע הערשער פון פעלקער, וואָס שטייען שוין אויף אַביסל אַ העכערער מדרגה פון אַנטוויקלונג, וועלן, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט פרווון אויף אַזאַ אופן צונויפצוגיסן די אינטע-רעסן פון זייער פערזאָן מיט די אינטערעסן פון דעם דעספאָ-טישן פרינציפּ, וועלכן זיי דאַרפן נאָך זייער לאַגע נאָך אָפּהיטן. וואָס העכער אַ פאָלק שטייט אויף דעם שטאַפּל פון קולטור, אַלץ אָפטער קומט אויס דעם דעספאָט ווערן אומטריי צו זיין הייליקער זאַך, כדי אָפּצוהיטן זיין הייליקע פערזאָן. כמעט אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכן זענען בטבע געווען דעספאָטן, זיי האָבן אָבער געמוזט אָפּזאָגן זיך פון זייער פרינציפּ, אָפּלייקענען די אינטערעסן פון זייער אידעאַל, כדי נישט אומצוקומען אינ-איינעם מיט אים.

דער קאַמף פון געזעלשאַפטלעכע גרופּן און מענטשן, וואָס האָבן צו פאַרטרעטן פאַרשיידענע פרינציפּן און אידעאַלן, צווינגט זיי אָפט מאַכן צווישן זיך אַ פשרה, אָפּטרעטן פון דעם גאַנץ-ריינעם, נישט באַפלעקטן פרינציפּ, כדי נישט אומצוקומען אינאיינעם מיט אים, אויב זיי זעען, אַז דאָס לעבן און דער קאַמף ווילן מאַכן פון אים אַ תל. דאָס איז איינע פון די אורזאַכן, פאַר וואָס עס גייען זיך אָפט פאַנאַנדער די אינטערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס אָדער ריכטונגען און די אינ-טערעסן פון יענע מענטשן, וואָס זענען זייערע טרעגער. פונ-דעסטוועגן הערן די פרינציפּן נישט אויף אַרויסצווייזן זייער ווירקונג. זיי לעבן אינעווייניק אין דער פאָרם פון טענדענצן, פון אידעאַלן, וואָס וואַרטן מער נישט אָפּ אויף אַ בעסערע צייט, כדי אַריינצורייסן זיך אין לעבן און דורכצוזעצן אין אים זייער ווילן. די אידעאַלן און די טענדענצן זענען די אויבערהאַרן אויף דער נשמה פון די גרופּן און מענטשן, וועלכע האָבן זיי איינגעשלאָסן אין זייערע הערצער.

איך מיין, אַז אויף דעם גרונט פון אַלץ, וואָס איך האָב

דאָ געזאָגט, מעג מען, דאַכט זיך, מיינען, אַז די אינטערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, ווען מען שיידט זיי אָפּ פון די מענטשן און די גרופּן, זענען נישט קיין אָפּגעשונדענע, אַבסטראַקטע *השגות*, וואָס האָבן כּלומרשט מער נישט ווי אַ רוחניותדיקע עקזיסטענץ. אין דעראמתן זענען זיי פאַקטישע, רעאַלע טענדענצן, היסטאָרישע כּוחות, וואָס האָבן אַ גרעסערן אָדער אַ קלענערן אימפּעט, אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע ווירקונג. דערפון איז געדרונגען, אַז כּדי אויסצופאָרשן און אויסצוגעפינען די אינטערעסן פון אַ וואָסער עס איז געזעלשאַפטלעכן פּרינציפּ, איז בשום אופן נישט גענוג אָפּצושטעלן זיך מער נישט, ווי אויף די מעשים און געדאַנקען פון יענע געזעלשאַפטלעכע גרופּן, וואָס האָבן אָנגעשריבן אויף זייער פאָן יענעם געזעלשאַפטלעכן פּרינציפּ און וואָס קעמפן אונטער דער פאָן פאַר זייערע טאָג-טעגלעכע אינטערעסן. געוויס מוז מען גוט צוקוקן זיך און גוט אויסשטודירן אָט די אַלע טאָג-טעגלעכע פאַקטן; אָבער דערצו איז אַחוץ דעם נויטיק צו פאַנאַנדערגלידערן זיי אין געדאַנק, כּדי אַרויסצוגעפינען דעם אידעאַל פון פּרינציפּ, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין די טאָג-טעגלעכע פאַקטן; דעם אידעאַל פון פּרינציפּ, וואָס שטאַמט פון זיין מהות גופא. זייער ריכטיק באַמערקט קאַרל מאַרקס, ווען ער זאָגט, אַז „כּדי צו אַנאַליזירן די עקאָנאָמישע פאָרמען, קאָנען אונז נישט העלפן נישט דער מיקראָסקאָפּ, נישט די כעמישע רעאַקטיוו-מיטלען. *די קראַפט פון דעם אַבסטראַקטן דענקען* דאַרף פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון זיי ביידן"*). דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם אַנאַליז פון אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס און שאלות. די נאַציאָנאַליטעטן-פראַגע קאָן נישט זיין קיין יוצא מן הכּלל. ווילן מיר פאַרשטיין די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, איז נישט גענוג באַקאַנט צו ווערן מיט די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען און פּאָדערונגען, ווייל נישט אַלע פון זיי שפּיגלען אָפּ ריכטיק דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ אין זיין גאַנצער קלאָרקייט און ריינקייט. מען מוז דורך אַן אַבסטראַקטן פּאַלמעסן דערגרייכן ביז צו דעם עצם מהות פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ.

---

*) K. Marx. Das Kapital, Bd. I, S. 6.

# דריטעס קאַפּיטל

## וואָס איז אַ נאַציע

### I

וואָס איז אַ נאַציע? אין וואָס באַשטייט איר תּוך?

עס איז שווער געווען צו געבן אַן ענטפער אָט אויף דער פאַרוויקלטער שאלה, וואָס האָט אַרויסגערופן אַסך וויכּוחים, ווייל מען האָט זי זייער אָפט צונויפגעפּאָרט מיט דער פראַגע וועגן די מענטשלעכע ר אַ ס ן, — אַ פראַגע, וואָס איז זייער קרוביש צו איר, אָבער לאָגיש לגמרי אומאָפּהענגיק.

די איצטיקע אַנטראָפּאָלאָגן טיילן איין די מענטשהייט אין אַ קליינע צאָל פאַרשיידענע ראַסן. איינע רעכענען דריי, אַנדערע רעכענען מער. אָנגענומען און כּמעט אַלעמען באַקאַנט איז די צאָל פינף: די איראָפּעאישע אָדער קאַווקאַזישע ראַסע, די מאָנגאָלישע, די מאַלאַיאישע, די נעגער-ראַסע און די אינדיאַנער ראַסע.

אָבער אויף צו פאַרענטפערן די פראַגע וועגן נאַציאָנאַליטעטן און נאַציעס איז גאָר קיין נפקא מיניה נישט, צי די מענטשהייט שטאַמט פון איין-איינציקער אַרט חיה אָדער פון עטלעכע אַזעלכע אַרטן; גאָר קיין נפקא מיניה נישט, צי די ראַסן זענען באַזונדערע זעלבשטענדיקע אַרטן פון דעם מין מענטש, אָדער אונטער-אַרטן פון איינער און דערזעלבער אַרט;

קיין נפקא-מיניה נישט דערפאַר, ווייל נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן טרעטן אַרויס, ווי באַקאַנט, אויך אין די גרענעצן פון איין און דערזעלביקער ראַסע, און אַ נאַציאָנאַלע פראַגע וואָלט געווען אויך דעמאָלט, ווען די גאַנצע מענטשהייט וואָלט אָפּגעשטאַמט פון דעמזעלביקן שבט, אָדער גאָר פון איין פּאָר מענטשן, פון איין אדם וחוה, ווי דאָס וויל די ביבל. כּדי פּשוטער צו מאַכן די אונדז אינטערעסירנדיקע שאלה, לאָמיר דעריבער אָננעמען, אַז די מענטשהייט באַשטייט אינדעראמתן מער נישט, ווי פון איין-איינציקער ראַסע אָדער אונטער-ראַסע, צום ביישפּיל, דער אַרישער, וואָס נעמט אין זיך אַריין אַלע פעלקער פון דער קאַווקאַזישער ראַסע, אַחוץ די סעמיטישע. לאָמיר אָננעמען, אַז אָט די אַרישע ראַסע איז נאָך נישט פאַנאַנדערגעפאַלן אין איינצלנע פעלקער, האָט זיך נאָך נישט פאַנאַנדערגעטיילט אין סלאַוון, קעלטן, ראָמאַנען און גערמאַנען און שטעלט דעריבער פאָר איין-איינציקע מענטשהייט. לאָמיר ווייטער אָננעמען, אַז אָט די מענטשהייט, וואָס באַשטייט פון איין-איינציקער ראַסע, לעבט אין איין-איינציקער געזעלשאַפט, ד. ה., אַז זי שטייט אונטער דער שליטה פון איין-איינציקער ס אָ צ י אַ ל ע ר  אַ ט מ אָ ס פ ע ר, וואָס בינדט צונויף אַלע אירע מיטגלידער מיט דיזעלביקע פסיכישע פעדים.

אַלע דערשיינונגען פון דער קולטור, וואָס מיר האָבן אויבן אויסגערעכנט, — שפּראַך, רעליגיע, טעכניק א. אַז. וו. — וואָלטן אין דעם פאַל געווען קולטור-דערשיינונגען פון דער איין-איינציקער מענטשהייט. ווי משונהדיק עס זאָל נישט אויסזען די פאָרם, אין וועלכער די דערשיינונגען טרעטן אַרויס; ווי פאַרשיידן עס זאָלן נישט זיין די געשטאַלטן, אין וועלכע עס וואָלט זיך געקאָנט אויסגיסן אָט די איין-איינציקע קולטור, — וואָלט מען בשום-אופן נישט געקאָנט זאָגן, אַז אויף איר האָט געהאַט אַ וועלכע עס איז ווירקונג דער נאַציאָנאַלער עלעמענט. די דערשיינונגען פון דעם פאָלקסלעבן אין די פאַרשיידענע פעלדער פון דער קולטור וואָלטן קיין אַנדער זאַך נישט געווען, ווי נאָר באַשטימטע אַלגעמיינע מענטשלעכע אופנים, ווי אַזוי

צו פאַרענטפערן די שאלות און די קשיות פון דער אַלגעמיינ-
מענטשלעכער קולטור.

און אויך אין דעם איבערבייט פון דעם פאָלקסלעבן, אין
די פאַרשיידענע שינויים, וואָס דאָס לעבן ברענגט אַריין אין
אַלע פעלדער פון דער קולטור, וואָלטן מיר נישט געקאָנט גע-
פינען קיין איין זכר פון נאַציאָנאַליטעט. מען וואָלט נישט
געקאָנט זאָגן, אַז די איבערבייטן זענען צוגעפאַסט צו וועלכער
עס איז נאַציאָנאַלער באַזונדערקייט, אָדער שטאַמען אַרויס פון
אַ וועלכער עס איז נאַציאָנאַלער נויט. דער איינציקער מענטש-
לעכער שבט, וואָס לעבט אין דער איינציקער מענטשלעכער
געזעלשאַפט, פאַרענדערט זיין קולטור לויט יענע אַלגעמיינע
געזעצן, וואָס הערשן אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון
דער מענטשהייט בכלל. די דאָזיקע געזעצן שטאַמען, ערשטנס,
פון די אַלגעמיינע פאָרמען פון דעם מענטשנס טבע (ווי צום
ביישפּיל, דעם כּוח פון מענטשלעכן שכל אויסצוגעפינען די
אורזאַכן פון דערשיינונגען; זיין כּוח הדמיון, וואָס בויט אויף
פאַנטאַסטישע געביידעס פון די נאַטירלעכע איינדרוקן, וועלכע
ער נעמט אין זיך אַריין; זיין קראַפט אויפצוטאָן נייע המצאות,
און אַזוי ווייטער), און, צווייטנס, פון דער באַשטימטער דרויסנ-
דיקער סביבה, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטשן. די סביבה
באַשטייט אין דעם גאַנצן סך-הכּל פון יענע דערשיינונגען אין
דער אַרומיקער וועלט, וואָס לאָזן איבער אַ רושם אין דער
מענטשלעכער נשמה, וועלכן דעם מענטשנס נשמה אַרבעט אי-
בער לויט די געזעצן, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין איר שאַפן.
אין דעם קאַמף מיט דער סביבה אַרבעט די מענטשהייט אויס
און קלייבט אָן אַסך גייסטיקע און מאַטעריעלע גיטער. דער גראַד
פון דעם אָנקלייבן, ד. ה., דער מצמד פון איר קולטורעלער
רייכקייט אין חפצים און בילדונג, און דער אופן, ווי אַזוי די
געזעלשאַפט פאַרטיילט די מאַטעריעלע און גייסטיקע גיטער
צווישן אירע איינצלנע מיטגלידער, האָבן די גרעסטע ווירקונג
אויף דעם לעבן און דער אַנטוויקלונג פון דער קולטור. פאַר-
ענדערונגען אין דער דרויסנדיקער געאָגראַפישער סביבה, דאָס

אַריינדרינגען פון דעם מענטשלעכן שכל אין די דערשיינונגען פון דער נאַטור און דער גראַד פון הערשאַפט, וואָס דער מענטש באַקומט איבער איר, — אַט דאָס זענען אַלץ וויכטיקע מאָמענטן, וואָס ווירקן אויף די שינויים, וועלכע דער מענטש טראָגט אַריין אין דער פאַרענטפערונג פון אַלע שאלות, אין דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור. קיין איין־איינציקן שינוי וואָלט מען נישט געקאָנט אויפשרייבן אויף דעם חשבון פון דעם „נאַציאָנאַלן פאַקטאָר". לאָמיר גיין ווייטער.

אין דעם לויף פון דער אַנטוויקלונג מוז די געזעלשאַפט דערגרייכן אַזאַ שטופע, ווען דאָס רייכער־געוואָרענע קולטורעלע לעבן לאָזט איבער שטאַרקע שפּורן אין דעם מענטשלעכן מאַרך און אין די נערוון. דער, וואָס באַשעפטיקט זיך מער מיט מוזיק, קלייבט אָן אין זיינע נערוון און אין זיין מאַרך שפּורן פון מוזיקאַלישן טאַלענט; ווער עס באַשעפטיקט זיך מיט קאָפּ־אַרבעט, קלייבט אָן אין זיך שפּורן פון אַ שאַרפערן מוח. ווי טונקל עס זאָל נאָך פאַר אונדז נישט זיין דער פּראָצעס, ווי אַזוי די שפּורן גייען איבער ירושה פון דור צו דור*), — דאָס ווייסן מיר אָבער אויף געוויס, אַז דער פּראָצעס פון דער שפּורן־פאַראַרבונג ברענגט אַרויס אַזוינע אינטערעסאַנטע קאָמבינאַציעס, וועלכע די דרויסנדיקע נאַטור און אירע איינדרוקן וואָלטן קיינמאָל נישט אַרויסגערופן ביי דעם מענטשן. אויף דעם וועג פון פאַראַרבונג וואַקסן אויס טאַלענטן און גאונים, וואָס האָבן זייערע אייגענע פאָרמען פון באַשאַפן קולטור, וואָס פאַלן

---

*) עס איז אין דער ביאָלאָגישער ליטעראַטור פון פאַריקן יאָר־הונדערט אויפגעוואָרפן געוואָרן, אַ דאַנק ווייסמאַנען, די שאלה, צי קאָנען בכלל „דערוואָרבענע אייגנשאַפטן" איבערגיין בירושה אין דעם פּראָצעס פון פאַראַרבונג. דעם ענטפער אויף דער שאלה האָבן אַרויסגעבראַכט ריכאַרד סעמאָן און זיינע נאָכגייער, און ער שטימט מיט דעם געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין טעקסט. [1930]

נישט צוזאמען מיט יענע אלגעמיין-מענטשלעכע באשאפונגס-פאָרמען אָדער כוחות, וועלכע יעדער מענטש האָט אין זיך. די טאלענטירטע אָדער זשעניאלע אינדיווידועז ברענגען ארויס דורך זייערע אינדיווידועלע באשאפונגס-פאָרמען נייע ענטפערס אויף די קולטורעלע שאלות אין אלע צווייגן פון דעם מענטשלעכן לעבן. אָבער אויך דאָ, אין דעם אינדיווידועלן פאקטאָר פון דער מענטשלעכער קולטור, קאָן מען בשום-אופן נישט ארויסגעפינען נישט איין טראָפן פון א וועלכן עס איז נאציאָנאלן עלעמענט *). זוי פארשיידן עס זאָלן נישט זיין די רעזולטאטן פון דעם אינדיווידועלן שאפן, ווי רייך עס זאָל זיך נישט פאנאנדערשפילן דאָס ווירקן און קעגנווירקן פון די גרויסע מענטשן, די טאלענטירטע אינדיווידועז, און די ברייטע מאסן, — סוף-כל-סוף וואָלט אין לעבן ארייגעפירט געוואָרן נאָר יענער ענטפער אויף א קולטורעלער שאלה, וואָס וואָלט אין דעם קאמף מיט אלע אנדערע ענטפערס געוואונען דעם זיג און וואָס וואָלט אלע אנדערע ענטפערס אָפגעשטופט אָן א זייט. דער ענטפער, וואָס וואָלט מנצח געווען זיינע קאָנקורענטן, וואָלט זיך פארשפרייט איבער אלע מיטגלידער פון דער ראסע, וואָס זענען ענג פארבונדן צווישן זיך. די מענטשלעכע נשמה איז פלאסטיש, ד.ה., זי קאָן זיך צופאסן צו די פארשיידנסטע מינים ענטפערס; זי איז נוטה נאָכצוטאָן דעם אנדערן. און אָט די צוויי מעלות אירע וואָלטן געווירקט אויסגלייכנדיק אויף אלע קולטור-דערשיינונגען

*) וועגן די „אינדיווידועלע" און די „אלגעמיינע" פארמען פון מענטש-לעכן שאפן לייען ביי פרידריך אלבערט לאנגע Geschichte des Materialismus Bd. II. (1877) S. 530 u. f. איך מוז דאָ באמערקן, אז עס איז בארגישט נייטיק אנצונעמען מיט לאנגע דעם קאנטישן געדאנק, אז אָט די פארמען זענען „אפריאָריש", דאָס הייסט, אזעלכע, וואָס שטאמען גאר-נישט פון דער דערפארונג. פון וואנען עס זאָלן זיך נישט האָבן גענומען אָט די פארמען, — זיי זענען א פאקט, מיט וועלכן מען מוז זיך רעכע-נען, וועלכן קיינער קאָן נישט אפלייקענען. — ס'איז נישט דאָ דאָס אָרט ארײנצולאָזן זיך אין א ברייטער חקירה וועגן קאנטס און לאנגעס טעאָריעס.

פון דעם איינציקן מענטשלעכן שבט.

איצט לאָמיר אָננעמען, אַז אַ וועלכע עס איז גרופּע מענטשן האָט זיך אָפּגעריסן פון איר אַרישן שבט און האָט אַריבערגע־וואַנדערט אין אַ נייעם געגנט. די קראַפט פון דער סאָציאַלער אַטמאָספער, וואָס גלייכט אויס אַלע קולטורעלע דערשיינונגען ביי אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, וואָלט אויף אַזאַ אופן איבערגעריסן געוואָרן, בעת אַלע אַנדערע היסטאָרישע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אויף דעם איבערבייט פון דעם קולטורעלן לעבן, וואָלטן געבליבן אַזוי, ווי זיי זענען געווען. וואָס וואָלט דערפון געמוזט אַרויסקומען? דערפון וואָלט געמוזט אַרויסקומען, אַז די ווייטערע אַנטוויקלונג פון דער נייער גרופּע, וויבאַלד זי האָט נאָר אויפגעבויט אַן אייגענע נייע סאָציאַלע אַטמאָס־פער, וואָלט נישט געקאָנט אין אַלע אירע דערשיינונגען גיין אין דערזעלביקער ריכטונג און מיט דעמזעלביקן אימפּעט, ווי דער אַלטער שבט. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס לאָזן נישט צו קיין באַזונדערס שטאַרקן פאַנאַנדערשפּילן זיך פון אינדיווידועלן באַשאַפן; דאָרטן, ווו די אַלגעמיין־מענטשלעכע פאָרמען זענען שטענדיק גובר די אינדי־ווידועלע באַשאַפונגס־פאָרמען, ווי צום ביישפּיל, אין דער מאַ־טעמאַטיק און אין די ערשטע שריט פון דער טעכניק, וועלן די נייע ענטפערס אין דער קולטור, וואָס די נייע גרופּע גע־פינט אַרויס, זיין כמעט פון דערזעלבער אַרט, ווי די, וואָס דער אַלטער שבט געפינט אַרויס אין דערזעלבער צייט און אין דיזעלבע קולטור־פעלדער. די אַלגעמיינע פאָרמען פון דער מענטש־לעכער נשמה, האָבנדיק צו טאָן מיט דעמזעלביקן אָדער אַ גלייכן מאַטעריאַל, וועלן אונטער דיזעלביקע באַדינגונגען ביי ביידע גרופּן אַרויסברענגען גלייכע אָדער ענלעכע פאַרענטפערונגען פון קולטורעלע שאלות. גאַנץ אַנדערש וועט אָבער זיין מיט יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס עפענען אַ מער אָדער הייניקער ווייטערע מעגלעכקייט פאַר דעם פאַנאַנדערשפּילן זיך פון דעם אינדיווידועלן שאַפן, ווי, צום ביישפּיל, די פּאָעזיע, די רעליגיע און די שפּראַך אין אירע ערשטע אַנטוויקלונגס־

כּאַון. וואָס גרעסער עס איז די מעגלעכקייט פֿאַר דעם אינדיווידועלן שאַפֿן פֿאַנאַנדערצושפּילן זיך, אַלץ ווייניקער קאָן מען אָננעמען, אַז צוויי גרופּן, וואָס לעבן אָפּגעזונדערט איינע פֿון די אַנדערע, ביי וועמען דער פּסיכאָלאָגישער פּאָדים פֿון ווירקונג און קעגנווירקונג איז איבערגעריסן געוואָרן, זאָלן פֿאַלן אויף דעמזעלביקן שכל און קומען צו דיזעלביקע רעזולטאַטן. צוויי פֿאַרשיידענע ענטפֿערס, וואָס ווערן געגעבן אויף דערזעלביקער שאלה אין די גרענעצן פֿון דערזעלביקער גרופּע וואָלטן געמוזט אַרויסגיין אין קאַמף איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן, און דער נצחון וואָלט געבליבן פֿאַר יענעם ענטפֿער, וואָס וואָלט גובר געווען זיין קאָנקורענט. וואָלטן, למשל, געקעמפֿט מאָנאַרכיזם און רעפּובליק און גובר געווען וואָלט דער מאָנאַרכיזם, וואָלט די גאַנצע גרופּע געמוזט אָננעמען אָט דעם פּאָליטישן ענטפֿער. אָבער ווי נאָר דער קאַמף פֿון די ענטפֿערס קומט פֿאַר ביי צוויי פֿאַרשיידענע גרופּן, וואָס לעבן אין צוויי באַזונדערע סאָציאַלע נאָכאמונגס-ספֿערן, קאָן זיך טרעפֿן, אַז אין איין גרופּע וועט גובר זיין דער מאָנאַרכיזם און אין דער אַנדערער — די רעפּובליק. אויף אַזאַ אופֿן קאָנען פֿאַרשיידענע ענטפֿערס פֿון דער קולטור, וואָס שליסן איינער דעם אַנדערן אויס אין די גרענעצן פֿון איין גרופּע, אַלע פֿאַרווירקלעכט ווערן אין דערזעלביקער צייט ביי פֿאַרשיידענע גרופּן, איינער — דאָ, דער אַנדערער — דאָרטן. דעריבער קאָנען צוויי געזעלשאַפֿטן, וואָס שטאַמען פֿון איין וואָרצל, וואָס לעבן אין דערזעלביקער דרויסנדיקער סביבה, נאָר וואָס האָבן פֿאַרלאָרן די גייסטיקע פֿאַרבינדונג צווישן זיך, געבן אויף דעמזעלביקן פֿעלד פֿון דער קולטור אויף דערזעלביקער קולטורעלער שאלה צוויי גאַנץ-פֿאַרשיידענע ענטפֿערס.

אַחוץ דעם דאַרף מען נישט פֿאַרגעסן, אַז די גרופּע, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פֿון איר שבט, קאָן אַריינפֿאַלן גאָר אין אַ גאַנץ אַנדערער דרויסנדיקער סביבה, וואָס מוז ווירקן אויף דעם גאַנצן פּסיכישן בוי פֿון אירע מיטגלידער און וואָס מוז דעריבער אַרויסרופֿן גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטן פֿון דעם

קולטורעלן שאַפן. אויב אַזאַ גרופּע פאַלט אַריין, לאָמיר זאָגן, אין אַ ווילדער געגנט, וואָס לאָזט נישט אַזוי גרינג צו די הערשאַפט פון דעם מענטשן איבער דער נאַטור, קאָן זיך אײַנגאַנצן איבערבייטן איר באַגייין זיך מיט דער אַרומיקער וועלט. פון אַ רואיק-צופרידענעם לעבן מיט דער נאַטור קאָן ווערן אַ לעבן אין אַ נידערגעשלאָגענער שטימונג, פול מיט שטענדיקן חשד און ציטערניש פאַר די געהיימע שטאַרקע קרעפטן, וואָס זעען אָנצוטאָן דעם מענטשן כּל הצרות. אונטער דער שליטה פון אַלע אַזעלכע פאַרענדערטע דרויסנדיקע און אינעווייניקסטע לעבנס-באַדינגונגען מוז סוף-כּל-סוף די גאַנצע קולטור פון דער אָפּגעריסענער גרופּע כּמעט אינגאַנצן איבערגעביטן ווערן. אייניקע צווייגן פון איר קולטור קאָנען אינגאַנצן אָפּשטאַרבן; אַנדערע, ווידער, פאַנאַנדערוואַרפן זיך און פאַנאַנדערבליען. אין אַ ווילדער, שווערער געגנט קאָן, למשל, די אַלטע טעכניק ביסלעכווייז אינגאַנצן פאַרשווינדן און די גאַנצע ענערגיע פון פאָלק וועט דעמאָלט אָנגעווענדעט ווערן אויף אויסצוטראַכטן ווילד-ראָמאַנטישע מעשיות, וואָס דערקוויקן די פאַנטאַזיע. גריכער אָדער שפּעטער מוז די גאַנצע אינטעלעקטועלע וועלט פון דער אָפּגעריסענער גרופּע באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. זי וועט שוין אין אַסך פּונקטן זיין גאַנץ פאַרשיידן פון יענער קולטורעלער וועלט, וואָס האָט געהערשט ביי דעם שבט, פון וועלכן זי שטאַמט. זאָל מען איצטער נעמען פאַרגלייכן אָט די צוויי געזעלשאַפטן, וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אינאייניעם, וועלן מיר שוין האָבן אַ רעכט צו זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ פאַר אונזערע אויגן צוויי פאַרשיידענע נאַציעס מיט צוויי פאַרשיידענע קולטורן. די פאַרשיידנקייט אין דער פאַרענטפערונג פון די קולטורעלע שאלות האָט סוף-כּל-כּוף געבראַכט דערצו, עס זאָלן אויסגעאַרבעט ווערן נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן. דער נאַציאָנאַלער עלעמענט איז דאָ אַרויסגעוואַקסן — און האָט געמוזט אַרויסוואַקסן — פון דעם קולטורעלן עלעמענט.

דער פּועל-יוצא, צו וועלכן מיר זענען געקומען, באַטראַכטנדיק על-פּי-שכל די כּוחות, וואָס באַשאַפן אַ נאַציע, ווערט באַ

שטעטיקט, ווען מיר שטודירן אין דער געשיכטע יענע פּראָצעסן, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז די עראַשע ראַסע זאָל פֿאַנאַנדערפֿאַלן אין איינצלנע פֿעלקער און נאַציעס. די פּלאַסטישקייט פֿון דער מענטשלעכער נשמה, איבערהויפּט אין די ערשטע פֿאַזן פֿון דער קולטור־אַנטוויקלונג, איז אַזוי גרויס, אַז עס איז גענוג, קליינע פֿאַרענדערונגען זאָלן פֿאָרקומען אין דעם לעבן פֿון גרופּן, וואָס זענען אָפּגעריסן איינע פֿון דער אַנדערער, כּדי זייער קולטור זאָל זיך אָנהייבן צו אַנטוויקלען אויף אַ גאַנץ פֿאַרשיידענעם שטייגער. מענטשלעכע גרופּן, וואָס לעבן לגמרי אָפּגעריסן איינע פֿון דער אַנדערער, מוזן על־פּי הכּרח קומען צו גאַנץ פֿאַרשיידענע רעזולטאַטן אין זייער קולטור, דאָס הייסט, אין זייער אַרט צו לעבן און צו קעמפֿן אויף דער וועלט. אַן אַנדער קלימאַט, אַנדערע מעלות און חסרונות פֿון דער ערד, אַנדערע היסטאָרישע פּאַסירונגען, קריג אָדער פֿרידן, אַנדערע העלדן און פֿירער. אַנדערע פּאָעטן און דענקער, — דאָס אַלץ צווינגט די מענטשלעכע גרופּן צו גיין אין פֿאַרשיידענע וועגן און צו געפֿינען פֿאַרשיידענע ענטפֿערס אויף די שאלות פֿון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור.

דערפֿון איז געדרונגען, אַז די סיבה פֿון כּל הסיבות פֿון די נאַציאָנאַלע פֿאַרשיידנקייטן ליגט אין דעם, וואָס די מענטשהייט, אָדער אַפֿילו איינע פֿון אירע ראַסן, איז פֿאַנאַנדערגעפֿאַלן אויף גרופּן, וואָס לעבן באַזונדער איינע פֿון דער אַנדערער. יעדע גרופּע פֿירט זעלבשטענדיק איר אייגענע קולטורעלע באַלעבאַטישקייט, דאָס הייסט, יעדע פֿון זיי פֿאַרענטפֿערט די פּראָבלעמען פֿון דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור, קודם־כּל, פֿ אַ ר ז י ך א ו ן צ ו ל י ב ז י ך אַ ל י י ן. געפֿינט זי אַ וועלכע עס איז נייע טעכנישע המצאה, אָדער אַ נייע פֿאָרם פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, פֿירט זי איין די המצאה אָדער נייע פֿאָרם אין איר אייגענעם לעבן, נישט האָבנדיק צו טאָן מיט די אַנדערע גרופּן, אַפֿילו ווען יענע האָבן אין דערזעלביקער צייט געפֿונען דיזעלביקע המצאה אָדער דיזעלביקע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאָרם און האָבן זי אויך אַריינגעפֿירט אין זייער אייגן לעבן.

און דאָרטן, ווו די בעסטע עלעמענטן פון איין גרופּע פּלעגן, אדאַנק דעם אָדער יענעם פאַקטאָר פון פּראָגרעס, אַרויס־ברענגען ענטפערס אין לעבן, גאַנץ פאַרשיידענע פון די, וועל־כע די אַנדערע גרופּן פּלעגן אַרויסברענגען, — דאָרטן דריקט זיך שוין אויס די נאַציאָנאַליטעט פון דער גרופּע נישט נאָר אין דעם, וואָס זי בויט אַליין מיט אירע אייגענע הענט איר אייגן קולטורעל לעבן פאַר זיך אַליין און צוליב זיך אַליין, נאָר אויך אין דעם, וואָס זי בויט דאָס לעבן אַנדערש, איידער דאָס טוען אַנדערע גרופּן. אַזוי ווי אויף דערזעלביקער קולטורעלער שאלה קאָנען געגעבן ווערן אַסך ענטפערס, אַזוי ווי די פּלאַסטישקייט פון דער מענטשלעכער נשמה דער־לאָזט, אַז דער איין ענטפער זאָל זיך פאַרשפּרייטן אויף דער גאַנצער גרופּע מענטשן, וואָס לעבן אין דערזעלביקער סאָציאַלער אַטמאָספער, איז דערמיט געגעבן געוואָרן דער צווייטער מאָמענט פון נאַציאָנאַליטעט, — דער מאָמענט פון פאַרשיידנקייט אין דער פאַרענטפערונג פון קולטורעלע פראַגן.

נעווויס, אויף די נידעריקע שטאַפּלען פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג קאָן נאָך די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייט נישט זיין באַזונדערס גרויס. דאָרטן, ווו די אינדיווידועלע באַשאַפונגס־פאָרמען און באַשאַפונגס־כוחות האָבן זיך נאָך נישט אַרויסגע־וויזן אין זייער גאַנצער רייכקייט, אָדער אויף יענע פעלדער פון דער קולטור, ווו די באַשאַפונגס־„פאָרמען" שטייען אונטער דער הערשאַפט פון דער „מאַטעריע", ווי לאַנגע דריקט זיך אויס, דאָס הייסט, פון דעם מאַטעריאַל, וועלכן די פאָרמען מוזן באַאַרבעטן, ווי, צום ביישפּיל, אין דעם אָנהויב פון דער טעכניק און אין דעם אָנהויב פון באַקאַנט ווערן מיט די נאַטור־דערשיינונגען, און אומעטום, ווו דער מאַטעריאַל מוז גובר זיין די באַשאַ־ינגס־פאָרם, — דאָרטן באַמערקן מיר שטענדיק, אַז די פעלקער, ס שטייען אויף דעמזעלביקן שטאַפּל פון אַנטוויקלונג, קומען אומאָפּהענגיק איינס פון דעם אַנדערן צו דיזעלביקע אָדער זייער ענלעכע פאַרענטפערונגען פון די קולטורעלע פּראָב־

לעמען. אָבער וואָס העכער מענטשן שטייען אין זייער קולטור־רעלער אַנטוויקלונג, וואָס רייכער עס וואַרפט זיך ביי זיי פּאַ־באַנדער די אינדיווידועלע באַשאַפונגס־פאָרם, מוזן זיי קומען צו אַלץ מער פאַרשיידענע ענטפערס אין זייער קולטורעלן לעבן, איבערהויפּט אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס מען קאָן מיט לאַנגע אָנרופן די „פרייע" פעלדער, ווו די פאָרם איז גובר דעם אינהאַלט, דעם מאַטעריאַל, ווי, צום ביישפּיל, אין דער פּאָעזיע און אין דער רעליגיע.

און פונדעסטוועגן, אַפילו אויף די נידעריקסטע שטופן פון דער אַנטוויקלונג, אין יענער פינסטערער מדרגה פון דער הארטער נויטווענדיקייט, ווו דער נאָך אָרעמער מענטשלעכער שכל איז ווי אַ שקלאַף צוגעבונדן צום מאַטעריאַל, וועלכן ער מוז באַארבעטן, האָבן מיר איין פעלד פון קולטור, וואָס רייסט זיך אַרויס פריי פון דעם נויטווענדיקן לאָגישן צוואַנג פון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן שכל און ווו די אינדיווידועלע באַשאַפונגס־פאָרמען, — עס מאַכט נישט אויס, וואָס זיי זענען אַזוי אָרעם, — האָבן נאָך אַ גרעסערן פעלד, ווו אַרויסצוווייזן זיך, איידער ביי די קולטורעלע פעלקער. מיר מיינען דאָ דאָס קולטור־פעלד פון דער מענטשלעכער שפראַך. „צוויי ברי־דער, זאָגט רענאַן, וואָס וואָלטן באַשאַפן אַ שפּראַך, זייענדיק אָפּגעטיילט איינער פון דעם אַנדערן מיט אַ מהלך פון אַ פערטל קילאָמעט., וואָלטן באַשאַפן צוויי פאַרשיידענע לשונות"*). „ביי די ווילדע, שרייבט באַסטיאַן, ווערן באַשאַפן אַלע רגע נייע דיאַ־לעקטן, וואָס וואַקסן גיך אויס צו לגמרי פאַרשיידענע שפּראַכן. די מיסיאָנערן האָבן באַמערקט, אַז אין יענע דערפער, ווו קינדער בלייבן אַליין חדשים־לאַנג, בייט זיך אום דער לשון כמעט פון דור צו דור, און אַז די עלטערן קומען צוריק אַהיים, רעדן די קינדער אַ שפּראַך, וואָס די עלטערן קאָנען גאָרנישט פאַרשטיין. און אין אויסטראַליע, ווו עס הערשט דער מנהג, אַז ווען איינער שטאַרבט אין דער משפּחה, מוזן אַלע ווערטער,

*) E. Renan, De l'origine du langage, Paris, 1863.

וואָס האָבן כּאָטש אַ ווייטע ענלעכקייט צו דעם קלאַנג פון זיין נאָמען, אַרויסגעוואָרפן און פאַרביטן ווערן מיט אַנדערע ווערטער, מוז אַזאַ שנעלער איבערבייט אין דעם לשון נאָך אָפטער פאָרקומען" *).

„אין די גרענעצן פון אַן ענגן קרייז מענטשן", שרייבט דערזעלביקער מחבר, „אַרבעט זיך גאַנץ פּשוט אויס אַן אייגנאַרטיקער לשון, אָבער שוין די איינוווינער פון דעם שכנישן דאָרף וועלן אפשר אין אַ קליינער צייט אַרום אָנהייבן רעדן אַ גאַנץ אַנדערע שפּראַך, און אויב צווישן די דערפער הערשט אַ שנאה, וועלן זיי מיט אַ כּיוון אויסמיידן יעטוועדע ענלעכקייט אין זייער שפּראַך" **).

אויף אַזאַ אופן קאָן מען זאָגן, אַז דאָס נאַציאָנאַלע אין די קולטור-דערשיינונגען פון אַ וועלכן עס איז פאָלק איז קודם-כּל מער נישט ווי יענע פאַרשיידנקייט אין די אַרויסשפּראָצונגען פון לעבן, וועלכע מען קאָן געפינען, ווען מיר פאַרגלייכן די קולטור-דערשיינונגען פון איין פאָלק מיט די בנעפדיקע קולטור-דערשיינונגען פון אַן אַנדער פאָלק. אין וואָס מער פעלדער פון דער קולטור עס ווייזן זיך אַרויס די פאַרשיידנקייטן, וואָס בולטער זיי טרעטן אַרויס, אַלץ שטאַרקער זענען די נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן פון דעם געגעבענעם פאָלק. שטעלט מען זיך אויף אָט דעם שטאַנדפּונקט, מוז מען באַטראַכטן די נאַציאָנאַליטעט פון אַ פאָלק אין די ערשטע פאַזן פון זיין אַנטוויקלונג נישט ווי אַ נאַטירלעך-פיזיאָלאָגישן פאַקט, וואָס איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל געגעבן און וואָס קאָן נישט אומגעביטן ווערן, נאָר ווי אַ קולטור-היסטאָרישע דערשיינונג, וואָס בייט זיך פון צייט צו צייט. אחוץ דעם זעען מיר, אַז די נאַציאָנאַליטעט פון אַ פאָלק איז נישט

*) A. Bastian, Der Mensch in der Geschichte, 1860, Bd. I., S. 284—285.

**) דאָרטן גופא, זייט 384.

עפּעס אַבסאָלוטעס, וואָס מיר קאָנען אויסגעפינען בעת מיר שטודירן דאָס פאָלק גופא, נישט פאַרגלייכנדיק עס מיט אַלע אַנדערע. ניין, די נאַציאָנאַליטעט איז עפּעס רעלאַטיוועס, וואָס האָט נאָר אַ זין אויף אַזויפיל, אויף וויפיל עס זענען דאָ אַנדערע דערשיינונגען, וואָס זענען גאַנץ אומאָפּהענגיק פון איר, מיט וועלכע מיר פאַרגלייכן זי. נאָר אין דעם פאַרגלייכן גע-פינען מיר ארויס די נאַציאָנאַליטעט. עס מעג קלינגען זייער פּאַראַדאָקסאַל, אָבער פונדעסטוועגן איז פּאָרט ריכטיק דער געדאַנק, אַז דאָסזעלביקע פאָלק איז מער נאַציע אָדער ווי-ניקער נאַציע, עס ווענדט זיך אין דעם, מיט וועלכע אַנדערע פעלקער מען פאַרגלייכט עס. די גרויס-רוסן זענען וויניקער אַ נאַציע, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די פּאָלאַקן; זיי זענען מער אַ נאַציע, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די דייטשן אָדער די יידן.

אין די ערשטע אַנטוויקלונגס-פאַזן האָט די נאַציאָנאַלי-טעט, ווי מיר האָבן געזען, קיין שום זכר נישט פון נאַטירלעך-פיזיאָלאָגישע גרונט-עלעמענטן. וואָס לעבנגער אָבער אַ נאַציע לעבט אויף דער וועלט, אַלץ מער ווערט זי פון אַ ריין קולטור-היסטאָרישער דער-שיינונג אַ נאַטירלעך-פיזיאָלאָ-גישע. דיזעלביקע געזעצן, וואָס מאַכן פאַרוויקלטער דאָס פּסיכישע לעבן פון דעם מענטשן און בויען אין דעם שטילן סוד פון דער לייב-מוטער די פאָרמען פון פאַרערבלעכקייט; דיזעל-ביקע געזעצן, וואָס האָבן באַשאַפן די מעגלעכקייט, עס זאָלן קאָנען אַרויסטרעטן טאַלענטירטע מענטשן מיט אינדיווידועלע באַשאַפונגס-פאָרמען, — מוזן פריער אָדער שפּעטער פירן דערצו, אַז אין די גרענעצן פון דערזעלביקער נאַציאָנאַלער אַטמאָספער זאָל זיך איינשטעלן אַ געוויסער סדר פון געפילן און פּסיכישע געוווינטקייטן, וואָס זענען אָנגעמאָסטן צו דעם געגעבענעם מין אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור. אויב אין דעם לעבן פון אַ פאָלק שפּילט איין פעלד פון דער קולטור אַ גרעסערע ראָלע, איידער

ביי אַלע אַנדערע פעלקער, אַן ערך האַנדל, רעליגיע, אָדער קריג, מוז דאָס הערשנדיקע קולטור-פעלד איינדריקן זיין חתימה אין דער גאַנצער נשמה פון דעם פאָלק; און אָט די חתימה אָדער אַ גאַנצע סומע פון אַזעלכע חתימות מוזן אַלץ מער און מער אַריינדרינגען אין אַלע דערשיינונגען פון זיין לעבן און צופאַסן צו זיך זיין גאַנצע פסיכאָ-פיזישע אָרגאַניזאַציע. אַדאַנק דעם פיזיאָלאָגישן געזעץ, וואָס זעצט דורך, אַז די אברים מוזן זיך צופאַסן צו זייערע פונקציעס, צו דעם וואָס זיי טוען, און אַדאַנק דעם אַנדערן פיזיאָלאָגישן געזעץ, וואָס מאַכט, אַז די אברים מיט זייערע פונקציעס מוזן זיך צופאַסן איין אבר צו דעם אַנדערן, קומט פריער אָדער שפעטער אַרויס, אַז די פסיכאָ-פיזישע אָרגאַניזאַציע פון איין פאָלק מוז ווערן פאַרשיידן פון דער פסיכאָ-פיזישער אָרגאַניזאַציע פון אַלע אַנדערע. די געוווינטקייטן פון דעם פאָלק, די אופנים פון זיין דענקען, פילן און זיין רצון גייען אַריין אין פלייש און בלוט און גייען איבער בירושה פון דור צו דור. אויף אַזאַ אופן כאַפט די פאַראַרבעלעכקייט אונטער אָט די פאַרשיידנקייט פון דער פסיכאָ-פיזישער אָרגאַניזאַציע און מאַכט פון אַ קולטור-היסטאָרישער דערשיינונג, וואָס שטייט אונטער דער הערשאַפט פון פסיכאָלאָגישע געזעצן, **אַ ראַסן-דערשיינונג**, וואָס ווירקט שוין נאָך אירע אייגענע ביאָלאָגישע געזעצן. צו די אַלגעמיין-מענטשלעכע פאָרמען פון דעם גייסטיק-קולטורעלן לעבן און שאַפן און צו די אינדיווידועלע באַשאַפונגס-פאָרמען טרעטן ביסלעכווייז צו נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען, וואָס לייגן אַרויף אַ באַשטימטע חתימה אויף דער נשמה פון יעדן איינעם, וואָס געהער צו דעם פאָלק. שאַטירונגען אין דעם אופן פון דענקען, געוויסע שטריכן אין כאַראַקטער און אין דער אַרט, ווי אַ מענטש דריקט אויס זיינע געפילן און זעצט דורך זיין רצון, הויבן אָן אַריבערצוגיין בירושה פון עלטערן צו קינדער אינאיינעם מיט דעם באַשטימטן נאַציאָנאַלן קלאַנג פון דער שטימע און דעם באַשטימטן אויסדרוק אין געזיכט. עס ווערט באַשאַפן **אַ נאַציאָנאַלער טיפ** סיי פיזיש, סיי גייסטיק, ווי אַ באַזונדערער

פסיכאָ-פיזישער [illegible]גאַניזם, וואָס איז דער מקור פון דער נאַציאָנאַלער אָריגינאַליטעט.

וועגן דער פסיכאָ-פיזישער אָריגינאַליטעט מוז איך דאָ זאָגן נאָך אַ פּאָר ווערטער, כדי בעסער מסביר צו זיין דעם ענין פון דעם, וואָס איך רוף אָן נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען, ווייל זייער אָפט מישט מען אויס די „נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרם" גופא מיט אַ באַשטימטן אינהאַלט, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט פון איר. דער נאָמען „פאָרם" און „באַשאַפונגס-פאָרם" אין דעם פירוש פון דעם וואָרט, וועלכן איך באַנוץ דאָ אין מיין אַרבעט, שטאַמט פון עמאַנועל קאַנט. פאַרשטיין קאָן מען אים, ווען מען זאָל פאַרגלייכן די פאָרם צו יצנע כוחות, וואָס ברענגען אַרויס אַ באַשטימטע פרוכט.

נעמט צוויי קערנדלעך: די זריעה פון אַ ראַנעט-עפּלבוים און די זריעה פון אַן אַפּאָרט-עפּלבוים. זעצט זיי אַריין אין דערזעלביקער ערד, פול מיט דיזעלביקע עלעמענטן, וואָס זענען נויטיק צו שפּייזן אַ פרוכטבוים בכלל און אַן עפּלבוים בפרט. זיי וואַקסן אונטער דעמזעלביקן הימל, אונטער דעמזעלביקן רעגן, און פונדעסטוועגן גיט אַרויס איין עפּלבוים ראַנעט-עפּל, און דער אַנדערער — אַפּאָרט-עפּל. דעם סכום פון קרעפטן און פון „אַלגעמיין-עפּלבוימלעכע" פּראָצעסן, וואָס ברענגען אַרויס די „אַלגעמיין-עפּלבוימלעכע" פרוכט, אָבער איינמאָל אין דער פאָרם פון אַ ראַנעט, דאָס אַנדערע מאָל אין דער פאָרם פון אַן אַפּאָרט, — קאָן מען אָנרופן: „די באַשטימטע באַשאַפונגס-כוחות אָדער פאָרמען פון ראַנעט-עפּלבוים", „די באַשטימטע באַשאַפונגס-פאָרמען פון אַן אַפּאָרט-עפּלבוים". זיי ליגן ביכולת שוין אין דעם קערנדל און קומען אַרויס בפועל, ווי נאָר דאָס קערנדל הויבט אָן צו וואַקסן. ווי גלייך עס זאָל נישט זיין די שפּייז, וועלכע יעדער עפּלבוים נעמט אַריין אין זיך, מוז דאָך פון דער גלייכער שפּייז באַשאַפן ווערן אַן עפּל, וואָס איז ווי יעדער עפּל „אַלגעמיין-עפּלבוימלעך", אָבער צו דערזעלבער צייט פאָרט פאַרשיידן ביי די פאַרשיידענע עפּל-סאָרטן, לויט די פאַרשיידענע באַשאַפונגס-כוחות, וואָס שטעקן אין זיי.

דאָסזעלביקע איז אויך מיט די מענטשלעכע נאַציאָנאַלי-טעטן. דערזעלביקער מענטשלעכער אמת באַקומט אין אַ סך זייער וויכטיקע פאַלן אַ באַשטימטן נאַציאָנאַלן טעם, פאַרב און פאָרם, לויט דער פסיכאָ-פיזישער נאַטור פון דעם פאָלק, וואָס אַרבעט אים אויס אָדער נעמט אים אויף. אונזער וויסנשאַפט וועגן נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-כוחות אָדער פאָרמען, וואָס גייען איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער, איז נאָך זייער יונג. פריער מוז מען אויסשטודירן די שטריכן פון דעם באַציאָנאַלן כאַראַקטער אין אַלץ, וואָס אַ פאָלק באַשאַפט, כדי אַרויסצוגעפינען, ווי מוז זיין באַשאַפן די פסיכ-פיזישע נאַטור פון דעם פאָלק, וואָס האָט אין זיך אַזעלכע שטריכן. נאָר אַזאַ פיינער און טיפער דענקער, ווי היפּאָליט טען, האָט געקאָנט נעמען אויף זיך אַרויס-צוברענגען די שטריכן פון דעם ענגלישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער לויט דעם, ווי זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין דער ענגלישער ליטעראַטור. אָבער וויסנשאַפטלעכע שוועריקייט און אין אַ סך פאַלן אוממעגלעכקייט פאַרטיק צו ווערן מיט אַ וועלכן-עס-איז ענין איז געוויס קיין באַווייז נישט, אַז דער ענין גופא איז נישטאָ. עד היום קאָן מען נאָך נישט פּינקטלעך אַרויסברענגען, אין וואָס באַשטייט די פיזיאָגנאָמיע פון דעם יידישן פנים און איבערהויפּט פון דעם נאַציאָנאַלן אויסדרוק אין געזיכט. און פונדעסטוועגן רעכנט זיך שוין די אַלטעגלעכע געדאַנקענוועלט שטענדיק מיט נאַציאָנאַלע טיפּן, וועלכע זי באַמערקט אויף שריט און טריט. אָבער אַזוי גוט ווי זי באַמערקט פיזישע נאַציאָנאַלע טיפּן, באַמערקט זי אויך גייסטיקע נאַציאָנאַלע טיפּן, ווייל אין אונזער וועלטל איז שוין „גשמיות" און „רוחניות" פאַרבונדן אַזוי, אַז יעדע פאַרענדערונג אין דער חומריות גייט כמעט תמיד האַנט אין האַנט מיט אַ באַשטימטער פאַרענדערונג אין דער „רוחניות". אין דער אַלטעגלעכער געדאַנקענוועלט טרעפן מיר אַזעלכע מאמרים, ווי: „אַ יידישער קאָפּ", „אַ יידיש האַרץ", „פראַנצויזישע גייסטעס-גראַציע", „דייטשישע טיפקייט", א. ד. גל. אין פאַרשוומענג, ביזט-קלאָרע דייך ווייזט זי אָן אויף גאַנץ-באַשטימטע מעלות און חסרונות

פון דער פאַרשיידענער נאַציאָנאַלער טבע ביי פאַרשיידענע פעלקער, ד. ה., אויף פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-כּוחות און פאָרמען.

יעדער מענטשלעכער קאָפּ דענקט, אָבער יעדער נאַציאָנאַלער קאָפּ דענקט אויף אַ באַזונדערן אופן. דער יידישער קאָפּ, צ. ב., גיט צו אַ באַשטימטע יידישע פאַרב, אַ יידישן טעם און יידישע פאָרם דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן אינהאַלט, — אַלץ איינס, צי דער קאָפּ שטעקט אויף די אַקסלען פון שלמה גבירול, וואָס האָט אין שפּאַניע אין עלפטן יאָרהונדערט געשריבן אין אַראַביש וועגן מעטאַפיזיק און טעאָלאָגיע, אָדער ער שטעקט אויף די אַקסלען פון שפּינאָזאַ, וואָס האָט אין האָלאַנד אין זי-בעצנטן יאָרהונדערט געשריבן אין לאַטיין וועגן עטיק, אדער גאָר אויף די אַקסלען פון קאַרל מאַרקס, וואָס האָט אין דייטש-לאַנד אין ניינצנטן יאָרהונדערט געשריבן אין דייטש וועגן נאַציאָנאַל-עקאָנאָמיע.

און אָט דער באַשטימטער יידישער נאַציאָנאַלער באַשאַ-פונגס-כּוח, וואָס לייגט אַרויף זיין שטעמפּל אויף אַלץ, וואָס אַ יידישער קאָפּ באַשאַפט, קאָן נישט אָפּגעזונדערט ווערן פון דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן באַשאַפונגס-כּוח, אַקוראַט אַזוי ווי די באַ-שאַפונגס-כּוחות, וואָס ברענגען אַרויס עפּל בכלל, קאָנען נישט אָפּגעשיידט ווערן פון יענע כּוחות, וואָס מאַכן פון דעם אַלגע-מיינעם עפּל אַ באַשטימטן ראָנעט. אַקוראַט אַזוי ווי די אַלגע-מיינע „עפּל-כּוחות" קאָנען נישט עקזיסטירן פאַר זיך ערגעץ-ווו דרויסן פון די פאַרשיידענע עפּל-סאָרטן, נאָר דווקא אינעווייניק אין זיי, אַזוי קאָנען אויך די אַלגעמיינע מענטשהייט און די אַלגעמיין-מענטשלעכע באַשאַפונגס-כּוחות נישט עקזיסטירן ערגעץ-ווו דרויסן, אָפּגעזונדערט פון די איינצלנע נאַציעס און די איינצלנע נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-כּוחות, נאָר דווקא א י ן זיי.

די וויסנשאַפט, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אָנגעהויבן אויסצופאָרשן די פאַרשיידענע פּסיכאָ-פיזישע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע פעלקער, כּדי צו פאַרגלייכן זיי, קאָן נאָך איצטער נישט, ווי איך האָב שוין באַמערקט, אָנגעבן אויף קלאָר, אין

וואָס די פּסיכאָ-פיזישע אָרגאַניזאַציע פון איין פאָלק שיידט זיך אָפּ פון די פּסיכאָ-פיזישע אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע פעלקער. אָבער כדי צו פאַרשטיין די שאלה גופא, וואָס באַשעפטיקט איצטער די יונגע וויסנשאַפט וועגן נאַציעס, וויל איך דאָ ברענגען אַ דערוויילעקע השערה, וואָס קאָן אונז מאַכן קלאָרער דעם ענין. לאָמיר, צ. ב., פאַרגלייכן די דריי אויבן-דערמאָנטע פאַרשיידענע יידישע דענקער, וואָס האָבן געלעבט אין דריי פאַרשיידענע צייטן, אין דריי פאַרשיידענע לענדער און האָבן געשריבן וועגן דריי פאַרשיידענע ענינים: שלמה גבירול, שפינאָזא און קאַרל מאַרקס. ווי פאַרשיידן עס זאָלן נישט זיין די ענינים, וועגן וועלכע זיי האָבן געשריבן, די צייט און דאָס לאַנד, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט, קאָן מען אפשר ביי זיי ביי אַלעמען געפינען איין סימן, אין וועלכן עס דריקט זיך ביי זיי ביי אַלעמען אויפן גלייכן שטייגער אויס די אַרט פון דעם יידישן דענקען. לאָמיר אָננעמען, אַז די אַרט באַשטייט אין דעם, וואָס דער יידישער שכל האָט די מעלה אָדער דעם חסרון צונויפצוזאַמלען אַלע שטראַלן פון דער פאָרשונג, ווי אין אַ ברען-גלאָז, אויף איין-איינציקן פונקט און דורכצוברענען דעם פונקט אַזוי ווייט, אויף וויפל עס איז איבערהויפּט מעגלעך פאַר דעם מענטשלעכן שכל. בעת מעשה בלייבן אָבער אַלע אַנדערע פונקטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם ענין, וועלכער אינטערעסירט זיי, אָדער אין האַלב-טונקל, אָדער אין גאַנצער פינסטערקייט. אַ שמאָל, טיף און שטאַרק דענקען, וואָס וויל זיך נישט פאַרלירן אין טויזנטערליי קלייניקייטן, וואָס גייט אין אַ גלייכן וועג, שטענדיק פאָראויס און פאָראויס, נישט קוקנדיק אויף די מניעות, וועלכע די ווירקלעכקייט שטעלט אים אויף יעדן שריט און טריט, דורכברענענדיק אַלע פעלזן, וועלכע ער געפינט אויפן וועג, כדי אויסצוגרונען זיך אין איין-איינציקן לעצטן פונקט, — דאָס איז אפשר דער גרונט-כאַראַקטער, די אינעווייניקסטע טבע פון דעם יידישן שכל. און אפשר שטאַמט דער גאַנצער מאָנאָטעאיזם אָט פון דעם ענגן, שמאָלן, אָבער טיפן און שטאַרקן דענקען.

באַטראַכטן מיר דעם יידישן אַרט פילן, אַזוי ווי ער דריקט זיך אויס ביי די שטאַרקערע יידישע נאַטורן, ביי די בעסטע עקזעמפּלאַרן פון דעם יידישן פאָלק, געפינען מיר אפשר אויך דיזעלביקע ענגע, שמאָלע טיפקייט. דעם יידנס נשמה איז נישט רייך אין פאַרשיידנאַרטיקע געפילן, וואָס זענען סותר איינס דאָס אַנדערע, אָדער פאַרקערט, באַרייכערן איינס דאָס אַנדערע. דעם יידנס האַרץ קאָנצענטרירט זיך שטענדיק אויף איין־איינציקן פונקט, און אין דעם פונקט לייגט ער אַריין דאָס גאַנצע פייער פון זיינע געפילן. רעדט ער פון ליבע צו גאָט, געברויכט ער דעם אויסדרוק: „ואהבת את יהוה אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך" (און דו זאָלסט ליב האָבן גאָט דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער נשמה און מיט דיין גאַנצן זייער — ז יי ע ר). דיזעלביקע שטאַרקייט פון געפילן געפינען מיר אויך אין דעם שיר השירים: „כי עזה כמות אהבה, קשה כשאול קנאה". (שטאַרקער ווי דער טויט איז די ליבע, שווער ווי אַן אָפּגרונט איז אייפערזוכט). און טויזנטער, טויזנטער ביישפּילן קאָן מען ברענגען, כדי צו באַלייכטן די ענגע און טיפע אַרט פון יידישן פילן, וועלכע ברענגט דערצו, אַז דער ייד איז בטבע אַ פאַנאַטיקער, וואָס קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, עס זאָלן קאָנען זיין אַנדערע זאַכן, וואָס זענען אויך ווערט, מען זאָל זיי ליבן אָדער האַסן, אַחוץ די, וועלכע ער ליבט און האַסט.

מיט דעם יידישן ווילן איז שוין די זאַך נישט אַזוי פּשוט, ווי מיט דעם יידישן שכל און יידישן פילן. פון איין זייט האָבן שוין די תלמודיסטן באַמערקט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַ לייכטזיניק פאָלק: „עמא פזיזא ישראל", זייער ווילן שפּרינגט פלוצלונג איבער פון איין זאַך צו דער אַנדערער: „תובעין למשכן ונותנין, תובעין לעגל ונותנין", — בעט מען ביי זיי אויף דעם משכן — גיבן זיי אַוועק אַלץ, בעט מען ביי זיי אויף דעם עגל — גיבן זיי אויך אַלץ אַוועק.

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט שוין דער חומש באַמערקט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַ האַרטנעקיק פאָלק, אַן

„עם קשה עורף“, ד. ה. אַזאַ פאָלק, וועמעס ווילן עס לאָזט זיך נישט בויגן, וואָס זעצט דורך זיין ווילן כמעט אויף דעמ־יעלביקן אופן, ווי עס פירט דורך זיין געדאַנק און זיין געפיל, ד. ה. אין איין שמאָלער, גראַדער ליניע, וואָס לויפט צו איין־איינציקן פונקט, אויף וועלכן עס קאָנצענטרירט אַלע פייערן פון זיין ענערגיע.

ווי מיר דוכט, איז דאָ אייגנטלעך קיין סתירה אין דעם יידנס אַרט צו וועלן נישטאָ. דער קשה עורף איז אויך דאָ דער גרונט־כאַראַקטער, דאָסזעלביקע שמאָלע, טיפע און ברענענדיקע שטרעבן צו איין־איינציקן פונקט. איך רעכן דאָס דערפאַר, ווייל דער ווילן איז פסיכיש צו שטאַרק צונויפגעוואָקסן מיט דעם דענקען און דעם פילן. כדי איך זאָל עפעס וועלן, מוז איך וועגן דעם דענקען, האָבן אַ פאָרשטעלונג פון דעם, און איך מוז עס ליבן, ד. ה. באַגיסן עס מיט מיין געפיל. אַ שמאָל און טיף דענקען, צונויפגעשמאָלצן אינאיינעם מיט אַן ענגן און טיפן פילן, מוז אַרויסרופן אַ קשה־עורפדיקן ווילן. די לייכט־זיניקייט, די פזיזאקייט, שטאַמט אפשר דערפון, וואָס די מאַסן, דער המון, האָבן נאָך נישט אינגאַנצן אַרומגענומען דעם ענין, צו וועלכן זיי זענען צוגעשטאַנען. נישט דעם עגל און נישט דעם משכן האָבן זיי נאָך נישט דורכגעבערענט מיט זייער שכל־ברענגלאָז און נישט גוט אַריינגענומען אין זייער אייגענעם ענגן און טיפן געפיל. והא ראיה: כל זמן דאָס יידישע פאָלק האָט נאָך נישט אַריינגענומען אין זיין שכל און זיין האַרצן דעם קולט פון דעם איין־איינציקן יידישן גאָט, פלעגט עס אומשפרינגען פון איין עבודה זרה צו דער אַנדערער. קוים אָבער איז אים זיין רעליגיעזער געדאַנק געוואָרן קלאָר פאַרן שכל און איז איינגעבאַקן געוואָרן ביי אים אין האַרצן, האָבן טויזנטער יאָרן נישט געקאָנט שוואַך מאַכן זיין ווילן פון צו קעמפן פאַר אים, פון צו בלייבן אים טריי.

אָט־אָ־די שמאָלע און ענגע טיפקייט, וואָס מיר קאָנען באַמערקן כמעט אויף אַלע פעלדער פון יידישן דענקען, יידישן פילן און יידישן טאָן, איז אַ פועל יוצא פון זיין פסיכאָ־פיזישער

אָרגאַניזאַציע און איז אַ באַשטימטע באַשאַפונגס-פאָרם, וואָס מוז איבעראַרבעטן אויף אַ באַזונדערן אופן יעדן מאַטעריאַל, וואָס ער נעמט אויף פון דער אַרומיקער וועלט און וואָס רופט אַרויס די אַרבעט פון זיין דענקען, פילן און וועלן, — אַלצ-איינס, אין וואָס עס זאָל נישט באַשטיין דער אינהאַלט פון דעם מאַטעריאַל.

II

באַטראַכטן מיר אַלץ, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט, קאָן מען, דאַכט זיך, געבן אָט וואָס פאַר אַן ענטפער אויף דער שאלה, וואָס איז אַזוינס אַ נאַציע:

א נ אַ צ י ע א י ז אַ ג ר ו פ ע מ ע נ ט ש ן, ו ו אָ ס ה אָ ט א י ן מ ש ך פ ו ן פ י ל ד ו ר ו ת פ אַ ר ע נ ט פ ע ר ט אַ ל ע ק ו ל ט ו ר ע ל ע ש א ל ו ת פ ו ן ד ע ר מ ע נ ט ש ה י י ט צ ו ל י ב ז י ך אַ ל י י ן, ד ע ר ב י י פ אַ ר-ע נ ט פ ע ר ט א י י נ י ק ע פ ו ן ד י ק ו ל-ט ו ר ע ל ע ש א ל ו ת אַ נ ד ע ר ש, ו ו י ד אָ ס ט ו ע ן אַ נ ד ע ר ע ג ר ו פ ן מ ע נ ט ש ן, מ י ט ו ו ע ל כ ע ז י ט ר ע פ ט ז י ך צ ו נ ו י ף, אָ ד ע ר מ י ט ו ו ע ל כ ע מ ע ן פ אַ ר ג ל י י כ ט ז י, א ו ן ו ו אָ ס ה אָ ט ד ע ר י ב ע ר א ו י ס ג ע אַ ר ב ע ט ב אַ ז ו נ ד ע ר ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ב אַ ש אַ-פ ו נ ג ס-פ אָ ר מ ע ן, אַ ב אַ ז ו נ ד ע ר ן „נ אַ-צ י אָ נ אַ ל ן" ג י י ס ט י ק ן א ו ן ק ע ר פ ע ר-ל ע כ ן ט י פ, ו ו אָ ס ג י י ט א י ב ע ר פ ו ן ד ו ר צ ו ד ו ר.

נעמען מיר פאַנאַנדער די נאָר-וואָס געגעבענע פאָרמול, געפינען מיר, אַז דער עצם נאַציאָנאַליטעט באַשטייט אָט פון וועלכע בויטווענדיקע מאָמענטן.

ערשטנס, דער מאָמענט פון אָפּגעזונדערטקייט און זעלבשטענדיקייט (אַ נאַציע איז אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט אין משך פון אַ לאַנגער קייט פון דורות פאַרענטפערט אַלע קולטורעלע שאלות פון דער מענטשהייט, פריער פאַר אַלץ פאַר און צוליב זיך אַלײן).

צווייטנס, דער מאָמענט פון קולטורעלער פאַרשיידנקייט (אַ נאַציאָנאַליטעט איז אַ גרופּע מענטשן, וואָס פאַרענטפערט אַלע פראַגן פון דער קולטור אָדער לכל-הפּחות אייניקע פון זיי אַנדערש, איידער דאָס טוען אַנדערע גרופּן, מיט וועלכע מען פאַרגלייכט זי).

און צום סוף, דער דריטער מאָמענט, דער מאָמענט פון פּסיכאָ-פיזישער אָריגינאַליטעט (אַ נאַציאָנאַליטעט איז אַזאַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט אין דעם משך פון יאָרן געלעבט אין דערזעלביקער פּסיכישער אַטמאָספער פון ווירקן איינער אויף דעם אַנדערן און נאָכטאָן איינער דעם אַנדערן, און וואָס האָט דעריבער אויסגעאַרבעט אין זיך געוויסע שאַטירונגען אין איר דענקען, איר וועלן און אין איר אַרט פילן, — שאַטירונגען, וואָס גייען איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער).

די אַלע דריי מאָמענטן פון אַ נאַציאָנאַליטעט, אָפּגעזונדערטקייט און זעלבשטענדיקייט, פאַרשיידנאַרטיקייט אין דער קולטור-אַרבעט און אָריגינאַליטעט פון דער פּסיכאָ-פיזישער באַשאַפונגס-פאָרם, זענען נויטיק אַרויסצוברענגען דאָס, וואָס מיר רופן אָן אַ נאַציע.

לויט אונזער פאָרמול קאָן מען עטוואָס פּינקטלעכער אויסטייטשן דעם אינהאַלט פון אַסך ווערטער, וואָס מען געברויכט, ווען מען רעדט וועגן נאַציאָנאַלע דערשיינונגען. רעדט מען, למשל, וועגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, איז דער טייטש דערפון, אַז איין נאַציאָנאַלע גרופּע צווינגט דער אַנדערער נאַציאָנאַלער גרופּע צו פאַרענטפערן עטלעכע אויפגאַבן פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור אינאיינעם מיט איר און אויף איין שטייגער, ווי זי. אַ נאַציאָנאַלע פאַראייניקונג קומט דעמאָלט פאָר, ווען אייניקע נאַציאָנאַלע גרופּן

זעען איין, אַז זיי שיידן זיך ווייניקער אָפּ איינע פון דער
אַנדערער, איידער יעדע פון זיי שיידט זיך אָפּ פון די אַרו-
מיקע מער פרעמדע נאַציעס, און דעריבער נעמען זיי פרייוויליק
אויף זיך צו פאַרענטפערן אַלע פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיין-
מענטשלעכער קולטור אינאיינעם און צוליב זיך אַליין. אויב עס
איז אמת, וואָס מיר זאָגן דאָ וועגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג
און נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג, האָט מען אייגנטלעך געדאַרפט
די אַלע איצטיקע פּאַנסלאַוויסטישע, פּאַנגערמאַניסטישע און
פּאַנראָמאַנישע באַוועגונגען גיכער פאַרשרייבן אויף דעם חשבון
פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, איידער באַטראַכטן זיי, ווי
דערשיינונגען פון נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג. ווייל זיי ווילן
דערגרייכן זייער ציל נישט דורך אַ *פּרייוויליקן* *אָפּ-*
*מאַך* צווישן אַלע סלאַווישע פעלקער, זיי זאָלן זיך צונויפגיסן
אין איין סלאַווישער נאַציע, אָדער צווישן אַלע גערמאַנישע און
ראָמאַנישע פעלקער, זיי זאָלן זיך צונויפגיסן — די ערשטע אין
אַ גערמאַנישער, די צווייטע אין אַ ראָמאַנישער נאַציע, וואָס זיי
ווילן איז, אַז די הערשנדיקע סלאַווישע, גערמאַנישע אָדער
ראָמאַנישע נאַציע זאָל מיט געוואַלט צווינגען די שוואַכערע
פעלקער פון איר ראַסע, צוצושטיין צו איר. אַ *געמישטע*
אָדער אַ *פּאָליטישע* נאַציע האָבן מיר דאָרטן, ווו איניקע
נאַציאָנאַלע גרופּן מאַכן אָפּ פרייוויליק צווישן זיך אינאיינעם
צו פאַרענטפערן צוליב זיך אַליין נאָר איין-איינציק פּראָבלעם
פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור, — דאָס פּראָבלעם פון
לעבן אין איין מדינה אונטער איין מלוכהשער פאַרוואַלטונג
מיט איין אַלגעמיינער פּאָליטיק. אַזאַ געמישטע נאַציע איז, צום
ביישפּיל, דאָס שווייצאַר-פאָלק, וואָס באַשטייט פון פיר באַזונדערע
פעלקער: דייטשן, פראַנצויזן, איטאַליענער און רעטאָ-ראָמאַנער.
אַלע פיר פעלקער בויען זייער אייגענע קולטור צוליב זיך
אַליין. נאָר אין איין-איינציקן פּונקט גיסן זיי צונויף זייער
פאַרשיידענעם ווילן, — אין דעם פּונקט פון אַלגעמיינע מדינה-
ענינים. אַן *אינטערנאַציאָנאַלער* *צווישן-*
*פעלקערלעכער* *אָפּמאַך* ווערט באַשאַפן

דאָרטן, ווו פיל זעלבשטענדיקע נאַציעס זענען זיך מתחיב איינער פאַר דער אַנדערער צו פאַרענטפערן די אָדער יענע שאלות פון דער קולטור (צום ביישפּיל, אַרבעטער-געזעצגעבונג, ענינים פון פּאָסט און אייזנבאַן, א.אַז.וו.) נישט יעדע איינע פאַר זיך אַליין, נאָר אויף אַ באַשטימטן פאַר אַלעמען גלייכן שטייגער, וואָס קאָן צולאָזן געוויסע אָפּטרעטונגען רעכטס און לינקס, נאָר אין גאַנץ באַשטימטע גרענעצן. די אָפּטרעטונגען זענען מער אָדער ווייניקער קלאָר אַרומגערעדט אין דעם צווישן-פעלקערלעכן אָפּמאַך.

איצטער לאָמיר זיך אומקערן צו אונזער ענין.

פון די דריי מאָמענטן, וואָס מיר רופן אָן דעם עצם פון אַ נאַציאָנאַליטעט, מוזן אַרויסוואַקסן דריי פאַרשיידענע אַרטן פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן. ערשטנס, די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער *אומאָפּהענגיקייט*, צווייטנס, די אינטערעסן פון נאַציאָנאַלער *פאַרשיידנקייט*, און דריטנס, די אינטערעסן פון די נאַציאָנאַלע *באַשאַפונגס-פאָרמען*.

א) די אינטערעסן פון נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט האָבן אין זינען נאָר איין ציל: צו פאַרענטפערן אַלע פּראָבלעמען פון דער קולטור, און בפרט דאָס פּראָבלעם פון לעבן אין איין מדינה, מער נישט ווי פאַר זיך גופא און צוליב זיך גופא. דערביי איז דעם פאָלק קיין דאגה נישט, צי וועט דער אינעווייניקסטער אינהאַלט פון זיינע ענטפערס אויף אַלע פעלדער פון דער קולטור צונויפפאַלן מיט די גרונט-עלעמענטן פון דעם קולטורעלן לעבן ביי אַנדערע פעלקער, אָדער נישט. נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, וואָס זאָלן האָבן אין זינען די אינטערעסן פון זעלבשטענדיקייט, און נאָר זיי אַליין, זענען זייער זעלטן אין דער געשיכטע. צו די אינטערעסן פון אומאָפּהענגיקייט מישט זיך כמעט שטענדיק צו אַ גרויסער טייל פון באַשטימטע אַנדערע קולטורעלע אינטערעסן — עקאָנאָמישע, רעכטלעכע, רעליגיעזע א. אַז. וו., וואָס קאָנען בעסער צופרידן געשטעלט ווערן, ווען דאָס פאָלק זאָל באַקומען אַ נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט.

בעת די צפון-אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס האָבן זיך גע-

ראַנגלט מיט ענגלאַנד פאַר זייער באַפרייאונג פון אונטער ענג-לאַנדס הערשאַפט, האָבן זיי געוואָלט דערמיט שאַפן פאַר זיך אַזאַ לאַגע, ווו זיי וואָלטן קאָנען פאַרענטפערן אַסך פראָבלעמען פון דער קולטור בעסער, איידער זיי וואָלטן דאָס געקאָנט טאָן, בלייבנדיק טריי דער ענגלישער מדינה. פונדעסטוועגן קאָן מען זאָגן, אַז אין דעם פרט פון נאַציאָנאַליטעט האָבן זיי זיך דע-מאָלט אין קיין זאַך נישט אָפּגעשיידט פון די ענגלענדער, און זייער ברען אויפצובויען אַן אייגענע נאַציע קאָן נישט דער-קלערט ווערן דורך דעם מאָמענט פון נאַציאָנאַלער פאַרשיידנ-קייט. ער מוז דעריבער צוגעציילט ווערן צו יענע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן אין זינען נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט און שטאַמען נאָר אָט פון דעם אַרט נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

ב) די אינטערעסן, וואָס וואַקסן אַרויס פון דעם צווייטן נאַציאָנאַליטעטס-מאָמענט, דעם מאָמענט פון נאַציאָנאַלער פאַר-שיידנקייט, טרעטן אַרויס אָפן דאָרטן, ווו אַ נאַציאָנאַלע גרופּע אָדער איין טייל פון איר קאָנצענטרירט אַלע אירע כוחות אויף אָפּצוהיטן אַ באַשטימטן אינהאַלט פון איר קולטור, כדי ער זאָל נישט גיין לאיבוד דורך די שעדלעכע ווירקונגען פון די אַרו-מיקע פעלקער און קולטורן. זייער אָפּט איז דערביי נישט גענוג צו פאַרטיידיקן און אָפּצוהיטן דאָס, וואָס איז פאַראַן. אָפּט-מאָל קומט אויס, אַז עס איז נויטיק ווייטער צו אַנטוויקלען און לאָזן פאַנאַנדערוואַקסן זיך אייניקע צווייגן פון דער איי-גענער קולטור, איינציק צוליב דעם, כדי צו באַפרידיקן די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרשיידנקייט, דאָס הייסט, מאַכן, אַז די פאַרשיידנקייט, מיט וועלכער איין פאָלק שיידט זיך אָפּ אין זיין קולטור פון אַנדערע פעלקער, זאָל אַרויסקומען נאָך מער בולט און נאָך מער וואַרפן זיך אין די אויגן.

דאָס באַשטרעבן איינצושטעלן זיך פאַר די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרשיידנקייט זעען מיר אָפּט דאָרטן, ווו אַ פאָלק שטייט אין דער געפאַר אַסימילירט צו ווערן פון אַ פרעמ-דער נאַציאָנאַלער סביבה. אַזאַ פאָלק מוז זיך אָנכאַפּן פאַר פאַר-שיידענע מיטלען, כדי אויף אַ קינסטלעכן אופן אָפּצוהיטן אָדער

נאָך שטאַרקער צו מאַכן יענעם סימן, לויט וועלכן עס שיידט זיך אָפּ אין דעם געגעבענעם היסטאָרישן מאָמענט פון די געגעבענע פעלקער, וואָס רינגלען אים אַרום. אַזוי ווי דער עצם פון נאַציאָנאַליטעט האָט זייער ווייניק וואָס צו טאָן מיט דעם אָדער יענעם באַשטימטן אינהאַלט פון דער קולטור און קאָן אינגאַנצן אויסגעדריקט ווערן אין דעם מאָמענט פון זעלבשטענדיקייט, דעם מאָמענט פון וועלכער עס איז פאַרשיידנקייט און דעם מאָמענט פון אַ פרייען פעלד פאַר דער אַרבעט פון די נאַציאָנאַלע שאַפונגס-פאָרמען, קאָן דאָסזעלביקע פאָלק אין זיין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ אָנכאַפּן זיך אָן פאַרשיידענע מיטלען, כדי אָפּצוהיטן אָדער שטאַרקער צו מאַכן זיינע נאַציאָנאַלע סימנים. עס ווענדט זיך אין דער נאַציאָנאַלער סביבה, פון וועלכער דאָס פאָלק וויל זיך נאַציאָנאַל אָפּגרענעצן. די גריכישע איינוווינער פון די קליין-אַזיאַטישע שטעט, וואָס האָבן שוין פאַרלאָרן זייער נאַציאָנאַלן לשון, זעען מיט אַ כּיוון צו קולטיווירן זייער נאַציאָנאַלע רעליגיע*). זיי געברויכן דעם גריכישן אַלף-בית, כדי צו געבן אַ נאַציאָנאַלן פּנים זייערע געבעט-ביכער, וואָס זענען פאַרפאַסט אין דער טערקישער שפּראַך. אָבער אַנדערע גריכן, וואָס האָבן נישט פאַרלאָרן זייער לשון און וואָס וווינען אין אַ לאַנד מיט אַ גריכיש-אָרטאָדאָקסישער רעליגיע, צום ביישפּיל, אין רוסלאַנד אָדער רומעניע, וועלן ווייניקער דאַגהן פאַר זייער רעליגיע און מער טראַכטן וועגן די אָפּהיטונג פון זייער שפּראַך. די קראָאַטן, ווען זיי ווילן זיך נאַציאָנאַל אָפּגרענעצן פון די סערבן, רוקן אַרויס זייער קאַטוילישע רעליגיע און זייער לאַטייניש אַלף-בית, ווייל אין אַלע אַנדערע פונקטן זענען זיי כּמעט גלייך צו די

---

*) דיזעלביקע דערשיינונג, — אָנצוכאַפּן זיך פאַר דעם רעליגיעזן גלויבן צוליב דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן קיום, — קאָן מען איצטער שטודירן אויף דער רוסישער עמיגראַציע אין אויסלאַנד, אויף דעם מערקווירדיקן אויפבלי פון דעם גריכיש-אָרטאָדאָקסישן (פּראַוואָסלאַווינעם) גלויבן ביי דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. [1930]

סערבן. פון דער אַנדערער זײט אָבער, בעת דיזעלביקע קראָאַטן קעמפן קעגן די מאַדיאַרן (אונגאַרן), װאָס האָבן דיזעלביקע קאַטױלישע רעליגיע און דעמזעלביקן לאַטײנישן אַלף-בית, װי זײ, װײזן זײ אױף אױף זײער סלאַװישן קראָאַטישן לשון.

אומעטום װוּ פעלקער, אָדער טײלן פון פעלקער שטעלן זיך אײן פאַר די באַזונדערקײטן פון זײער קולטור אױס ריין-נאַציאָנאַלע טעמים, אױב צו די טעמים מישן זיך נישט צו קײן אַנדערע ריין-קולטורעלע השערות; װוּ די נאַציאָנאַלע באַזונדערקײטן זענען טײער, הײסט עס, מער נישט דערפאַר, װאָס זײ זענען אײגענע באַזונדערקײטן, — דאָרטן װערן די אינטערעסן פון די נאַציאָנאַלע באַזונדערקײטן אין דעם לעצטן סך-הכּל צוריקגעפירט צו אײן-אײנציקער שטרעבונג: אָפּצוהיטן די נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ. פעלקער, װאָס האָבן פאַרלאָרן די זעלבשטענדיקע פּאָליטישע עקזיסטענץ, זענען געבױטיקט אױף אַ באַזונדערן אופן צו דאַגהן װעגן אַ װאָסער עס איז באַזונדערקײט אין זײער קולטור, מיט אַ כּיװן שטאַרקער צו מאַכן זי און אױף אַזאַ אופן בלײבן אָפּגעשײדט פון די אַרומיקע פעלקער. „אַרומגערינגלט מיט פּראָװינצן פון דער רױמישער מלוכה, װאָס זענען געװען אָנגעזאַפּט מיט דער רױמישער קולטור, האָבן די גערמאַנישע פעלקער“, שרײבט ניטש, „מיט אַ כּיװן געהאַלטן זיך פאַר זײערע זיטן און פאַר דער דעמאָקראַטישער פּשטות פון זײער זײן אױף דער װעלט“*).

װען די יידן האָבן פאַרלאָרן זײער נאַציאָנאַלע טעריטאָריע, דעם גרעסטן און דעם שטאַרקסטן פאַקטאָר, װאָס היט אָפּ אַ נאַציאָנאַליטעט, האָבן זײ אױסגעאַרבעט אַ תּלמודיש-רבּנישע געזעצגעבונג, װאָס האָט אַרומגענומען דאָס פאָלק מיט אַ געץ פון קלײנלעכע דינים און מנהגים, און אױף אַזאַ

---

*) R. W. Nitzsch, Geschichte des deutschen Volkes, Bd. I, S. 65.

אופן אָפּגעהיט דאָס פאָלק פון צונויפגיסן זיך מיט די אַרומיקע פעלקער*).

דער ביישפּיל מיט דעם יידישן פאָלק באַווייזט, ווי אַזוי ריין-נאַציאָנאַלע דאגות קאָנען גיין להיפך צו די אינטערעסן פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור אין דעם לעבן פון אַ פאָלק. אָפּהיטן און שטענדיק בויען אַ געוויסן געדאַנק אָדער אַ געוויסע סיסטעם פון סאָציאַלע אינסטיטוציעס קאָן פירן דערצו, אַז דער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט אין יענע פעלדער פון דער קולטור, ווו די אַלגעמיין-מענטשלעכע באַשאַפונגס-פאָרמען דיק-טירן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט דיזעלביקע פאַרבעסערונגען אין זייער לעבן, זאָל אַריבעריאָגן די צוריקגעבליבענע קולטור פון אַ פאָלק און זאָל צווינגען דאָס פאָלק נאָך מער צו באַ-שטיין אויף איר רעאַקציאָנערן שטאַנדפּונקט. דערזעלביקער ביישפּיל פון דעם יידישן פאָלק באַווייזט אָבער אויך, אַז דאָס בעסטע מיטל צו קעמפן אַנטקעגן רעאַקציע און אָפּגעשטאַנענ-קייט אין דעם קולטורעלן לעבן קאָן נישט באַשטיין אין דעם קאַמף אַנטקעגן דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ גופא פון דעם פאָלק ; דאָס איינציקע מיטל צו קעמפן אַנטקעגן רעאַקציע איז אַריינצופירן אין לעבן פון דעם פאָלק אַזוינע פאַקטאָרן צו דערהאַלטן זיין נאַציאָנאַליטעט, וואָס זאָלן נישט גיין להיפך צו דעם פּראָגרעס פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור און וואָס זאָל אויף אַזאַ אופן באַפרייען דאָס פאָלק פון דער טרויעריקער נויט צו באַצאָלן פאַר אַ נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ מיט דעם פּרייז פון צוריקגעשטאַנענקייט אין דער קולטור. פון דעם מאָמענט אָן, ווען עס האָט זיך באַוויזן אין לעבן און זיך געשטעלט אויף אירע אייגענע פיס די יידישע ליטעראַטור אין דער לעבעדיקער יידישער שפּראַך, קאָנען די יידישע פאָלקס-מאַסן אָנלענען זיך אָן אַ נייעם דערהאַלטונגס-פאַקטאָר פון זייער נאַציאָנאַליטעט און איינגאַנצן אָפּזאָגן זיך פון די פאַרעלטערטע תלמודישע פונ-

*) מער וועגן דעם זע מיין ארבעט: Мысли объ историческихъ судьбахъ еврейства. Москва, 1887

דאַמענטן פון דעם פאָלקס-לעבן. דער היסטאָרישער פּעריאָד, וואָס ווערט איצט דורכגעלעבט פון דעם יידישן פאָלק, באַשטייט אין דעם, וואָס די יידישע פאָלקס-מאַסן זוכן צו פאַרבייטן דעם היסטאָריש-רעאַקציאָנערן פאַקטאָר פון זייער לעבן אויף אַ היסטאָריש-פּראָגרעסיוון. דער פּראָצעס שפּילט זיך אָפּ אין רוסלאַנד און גאַליציע אַזוי גוט, ווי אין די יידישע געטאָס פון אַמעריקע.

ג) די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. האָבן מיר געזאָגט, טראַכטן נאָר וועגן איין זאַך: אַז דאָס פאָלק זאָל אַליין מיט זיינע אייגענע הענט אויפבויען דעם גאַנצן בנין פון זיין קולטור צוליב זיך אַליין. די אינטערעסן פון נאַציאָנאַלער פאַרשיידנקייט ליגן, האָבן מיר ווייטער געזען, אין דער שטרעבונג אָפּצוהיטן און צו אַנטוויקלען גאַנץ באַשטימטע ענטפערס אויף גאַנץ באַשטימטע שאלות פון קולטורעלן לעבן. די אינטערעסן פון דעם דריטן מאָמענט פון נאַציאָנאַליטעט — פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-כּוחות אָדער פאָרמען — האָבן פאַר זייער ציל צו באַשאַפן אַזאַ געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע סביבה, וואָס זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט זיך פריי און אָן מניעות צו אַנטוויקלען, כּדי זיי זאָלן קאָנען אַרויסברענגען אַלץ, וואָס אין זיי ליגט פאַרבאָרגן, און צו יעדער צייט דערגרייכן דעם העכסטן שטאַפּל פון זייער באַשאַפונגס-קראַפט.

איצטער קאָנען מיר אַוועקשטעלן די פראַגע: ווי שטעלן זיך צו די דריי גרונט-אינטערעסן פון נאַציאָנאַלן פּרינציפּ דער קאָסמאָפּאָליטיזם, דער נאַציאָנאַליזם און דער אינטערנאַציאָנאַליזם?

דער קאָסמאָפּאָליטיזם רעכנט זיך לגמרי נישט מיט דעם, וואָס עס זענען דאָ נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען, און טראַכט נאָר וועגן איין זאַך — וועגן דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן אינהאַלט פון דער קולטור. פאַר אים זענען וויכטיק נאָר די אינטערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, ווי מיר האָבן זיי דערקלערט אויבן, דעריבער וויל ער איבערהויפּט נישט וויסן פון וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע אויפגאַבן.

צוריק, דער נאַציאָנאַליזם לייקנט לגמרי אָפּ, עס זאָל זיין אויף דער וועלט אַזאַ זאַך, ווי אַלגעמיין-מענטשלעכע קולטור, און פּרעסט מיט זיין גאַנצער קראַפט אויף דעם באַווייז, אַז די נאַציאָנאַלע קולטורן זענען פאַרשיידן איינע פון דער אַנדערער אין רעליגיע, פּאָליטיק, זיטן א. ז. וו. ער גלויבט נישט אין אויפגאַבן פון רעליגיע בכלל, פּאָליטיק בכלל, פילאָזאָפיע בכלל, סאָציאַלן לעבן בכלל, וואָס זאָלן זיין די אייגענע ביי אַלע מענטשן. ער רעכנט זיך נאָר מיט די באַשטימטע נאַציאָנאַלע פאַרענטפערונגען פון די אַלע קולטורעלע פּראָבלעמען. דעריבער קאָן דער ענטפער, וואָס דער נאַציאָנאַליזם גיט אויף דער נאַציאָנאַלער שאלה, אַזוי פאָרמולירט ווערן: קודם כל מוז אַ פאָלק זען צו דערגרייכן נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט, און דאָרטן, וווּ זי איז שוין דאָ, דאַרף דאָס פאָלק פאַרשטאַרקן זיין זעלבשטענדיקייט דורך נאַציאָנאַל-אונטעריאָכן פון אַנדערע פעלקער, — און דערנאָך איז נויטיק אָפּצוהיטן דעם אינהאַלט פון זיין קולטור פון אַלע ווירקונגען, וואָס די אַרומיקע פעלקער וואָלטן געקאָנט האָבן אויף איר: מען דאַרף שאַרפער און בולטער אויסאַרבעטן די סימנים, דורך וועלכע זי שיידט זיך אָפּ פון די אַנדערע קולטורן און, אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך, אַריינטראָגן די סימנים אין דעם לעבן פון די אַרומיקע פעלקער, כדי אויף אַזאַ אופן צו צעברעכן דעם שכנס קאָנקורירנדיקע און אַסימילירנדיקע מאַכט.

דער אינטערנאַציאָנאַליזם אָבער, אויב מען פאַרשטייט ריכטיק זיין מיין, זייענדיק אַ העכערע צונויפגיסונג פון די צוויי היפּוכים פון נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, גיט צו, אַז עס איז דאָ איין אַלגעמיין-מענטשלעכע קולטור, אָבער אין דערזעלביקער צייט לייקנט ער בשום אופן נישט אָפּ די גאַנצע וויכטיקייט פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-כוחות אָדער פאָרמען. דעריבער זעט ער צו פאַרענטפערן די נאַציאָנאַלע פראַגע אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל יעדן פאָלק געגעבן ווערן די מעגלעכקייט פריי פאַנאַנדערצוּוויקלען אַלע זיינע גייסטיקע קרעפטן און השלמות, כדי אָנצופילן זיינע נאַציאָ-

דר. ח. זשיטלאָווסקי

נ אַ ל ע  ב אַ ש אַ פ ו נ ג ס - פ אָ ר מ ע ן  מ י ט  
אי י ן  אַ ל ג ע מ יי ן - מ ע נ ט ש ל ע כ ן  א י ב ע ר - 
ה אַ ל ט.

דעריבער קעמפט דער אינטערנאַציאָנאַליזם אומעטום פאַר דער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט פון די פעלקער, ווייל נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט איז קודם כל נויטיק פאַר דער פרייער אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-כוחות.

# פערטעס קאַפּיטל

## די קריטיק פון קאָסמאָפּאָליטיזם און נאַציאָנאַליזם

1

אין דעם דריטן קאַפּיטל האָבן מיר געפּרוווט שילדערן די דריי פּרינציפּן, וואָס הערשן אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע. מיר מוזן איצטער דורכנעמען און אַנאַליזירן יענע וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע טעמים, וועלכע דער קאָסמאָפּאָליטיזם און דער נאַציאָנאַליזם האָבן אַרויסגעשטעלט, כדי צו פאַרשטאַרקן זייערע גרונט-לערעס. ערשט דעמאָלט וועלן מיר זיין אין דער לאַגע צו פאַרענטפערן די שאלה, צו וועמען פון זיי שטייט צו דער סאָציאַליזם. דער קאָסמאָפּאָליטיזם, בעת ער קעמפט טעאָרעטיש קעגן דעם נאַציאָנאַליזם, איז נוטה איגנאָרירן אָפּצולייקענען דעם נאַציאָנאַלן פאַקטאָר אין דעם איצטיקן לעבן. אים וואָלט זיך גריילעך געוואָלט וויסנשאַפטלעך באַווייזן, אַז נאַציעס, ווי באַזונדערע אַנטראָפּאָלאָגישע דערשיינונגען, זענען גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. „איצטער זענען נישטאָ קיין נאַציאָנאַליטעטן; עס זענען דאָ מער נישט ווי פּאַרטייען", האָט נאָך מער ווי מיט פופציק יאָר צוריק געשריבן היינריך היינע. אָט דער אויסרוף פון דעם ליבעראַלן קאָסמאָפּאָליטיזם איז אַריבערגעגאַנגען אויך אין

סאָציאַליסטישן קאָסמאָפּאָליטיזם מיט דער איינציקער נפקא-מינה, וואָס ער זאָגט אָנשטאָט „פּאַרטייען“ — „קלאַסן“. „נישטאָ קיין נאַציאָנאַליטעטן, עס זענען דאָ נאָר קלאַסן“, טענהט דער סאָציאַליסטישער קאָסמאָפּאָליטיזם. דעריבער איז ער נוטה אין יעדער נאַציאָנאַלער באַוועגונג צו זען אַ פֿאַרמאַסקירטן קלאַסנקאַמף צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט.

ווי שאַרף עס זאָלן זיך נישט פֿאַנאַנדערגיין די וועגן פֿון קאָסמאָפּאָליטיזם און נאַציאָנאַליזם אין זייער פּראַקטישער לעבנס-אַרבעט, פֿליסן דאָך זייערע טעאָרעטיש-וויסנשאַפֿטלעכע טעמים פֿון דעמזעלביקן מקור — פֿון זייער בליק אויף דעם ע צ ם-ב אַ ג ר י ף פֿון נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ט ע ט. זיי ביידע נעמען אָן דעם געדאַנק פֿון נאַציאָנאַליטעט, ווי אַן אַבסאָלוטן געדאַנק; פֿאַר זיי איז אַ נאַציאָנאַליטעט אַ גרופּע מענטשן, וועלכע האָבן גלייכע סימנים, וו אָ ס ב ל ײ ב ן אָ ן אַ ש ו ם ש י נ ו י צ ו אַ ל ע צ ײ ט ן א ו ן א ו נ ט ע ר אַ ל ע א ו מ ש ט ע נ ד ן. אין אָט די סימנים דאַרף מען, נאָך זייער ביידנס מיינונג נאָך, זוכן דעם תמצית פֿון נאַציאָנאַליטעט.

דער קאָסמאָפּאָליטיזם האָט דעריבער געוואָלט מיט אַלע זיינע וויסנשאַפֿטלעכע כּוחות באַווייזן, אַז די אַלע סימנים, אויף וועלכע מען ווייזט אָן, אַז נאָך זיי קאָן מען דערקענען אַ נאַציאָנאַליטעט, האָבן אין זיך קיין ברעקל נאַציאָנאַלע ממשות נישט. נישט די שפּראַך, נישט אַן אייגענע טעריטאָריע, נישט די רעליגיע, נישט היסטאָרישע טראַדיציעס, זענען נישט ביכולת אויפצובויען אַ נאַציאָנאַליטעט. ענגלענדער, אירלענדער און אַמעריקאַנער רעדן אויף דערזעלביקער שפּראַך; שפּאַניער און פֿראַנצויזן האָבן דיזעלביקע רעליגיע; פּאָלאַקן און רוסן לעבן אין דערזעלביקער מדינה, וואָס פֿאַרנעמט איין טעריטאָריע, א.ז.וו., אַפֿילו די ג ע מ ײ נ ש אַ פֿ ט ל ע כ ע אָ פּ ש ט אַ מ ו נ ג, וואָס דער נאַציאָנאַליסט האָט געהאַלטן פֿאַר דעם בעסטן סימן פֿון נאַציאָנאַליטעט, האָט דער קאָסמאָפּאָליט אויך אָפּגעלייקנט דערפֿאַר, ווייל איצטער האָבן מיר איבערהויפּט נישט אַזעלכע

פעלקער, וואָס וואָלטן קאָנען גרויסהאַלטן זיך מיט אַ ריינער, נישט צונויפגעמישטער אָפּשטאַמונג. אַלע איצטיקע קולטור-פעלקער, צום ביישפּיל, זענען אַ צונויפמישונג פון גאַלישן, ראָמאַנישן, קעלטישן, גערמאַנישן און סלאַווישן בלוט.

דער לייענער קאָן שוין אונזער בליק אויף נאַציאָנאַליטעט און ער ווייסט, אַז נאָך אונזער מיינונג נאָך איז דער באַגריף פון נאַציאָנאַליטעט נישט קיין אַבסאָלוטער, נאָר אַ רעלאַטיווער, ד. ה. דער עצם-נאַציאָנאַליטעט ליגט נישט אין יענע סימנים, וואָס אַלע מיטגלידער פון אַ וועלכן עס איז פאָלק האָבן בשותפות און וואָס פאַרבינדן זיי צו אַ באַשטימטן סאָרט פון דעם מין „מענטש" בכלל, נאָר אין יענע סימנים, וואָס שיידן אָפּ איין פאָלק פון אַלע אַרומיקע פעלקער. דעריבער איז פאַר אונז נישט נויטיק אָפּצושטעלן זיך באריכות אויף דער קאָסמאָפּאָליטישער לערע וועגן נאַציאָנאַליטעטן. די לאָגישע קראַפט פון דער לערע קאָן מען גרינג באַלייכטן מיט איניקע נאָכגעמאַכטע משלים. האָט ראובן אַ באַשטימטע קלאָר-אויסגעשפּראָכענע פיזיאָגנאָמיע? אויף דער שאלה מוזן מיר אונטער אַלע אומשטענדן ענטפערן: „ניין". ווייל דער הויכער דענקער-שטערן פון ראובנען געפינט זיך אויך ביי שמעונען; אַקוראַט אַזעלכע בלאָע טרוימערישע אויגן געפינען מיר ביי לוין; זיין גריכישע נאָז איז אַ געטרייע קאָפּיע פון יהודהס נאָז, א. ז. וו. א. ז. וו.

דער פעלער, וואָס ליגט אין דער אַרגומענטאַציע, וואַרפט זיך אין די אויגן. אַפילו, אַז מען זאָל אָננעמען, אַז אַ נאַציאָנאַליטעט איז אַ גרופּע מענטשן, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ סכום אייביקע סימנים, ליגט אויך דעמאָלט איר תוך נישט אין איין-איינציקן סימן, נאָר אין אַ באַשטימטער קאָמבינאַציע פון סימנים; ווי די פיזיאָגנאָמיע פון אַ מענטשן באַשטייט נישט אין איין-איינציקן שטריך, וואָס קאָן זיך געפינען ביי אַסך פאַרשיידענע מענטשן, נאָר אין אַ באַשטימטער קאָמבינאַציע פון אַלגעמיין-מענטשלעכע שטריכן. אַבסטראַקט אויסגעדריקט, קאָן דאָס הייסן אַזוי: לאָז זיין, אַז אַלע מענטשן האָבן

אַ באַשטימטן סכום שטריכן: a, b, c, d, e, f, g,
אָבער איין מענטש האָט פון זיי די קאָמבינאַציע: a, c, e, f,
דער אַנדערער מענטש האָט די קאָמבינאַציע: b, d, f, g,
דער דריטער מענטש האָט די קאָמבינאַציע: a, c, f,
א. ז. וו., א. ז. וו. אַזוי איז אויך מיט די נאַציאָנאַליטעטן. איין פאָלק האָט די קאָמבינאַציע: אַ באַשטימטע שפּראַך, געשיכטע און רעליגיע; אַן אַנדער פאָלק האָט דיזעלביקע שפּראַך, נאָר אַן אַנדער געשיכטע; אַ דריט פאָלק האָט דיזעלביקע רעליגיע, אָבער אַן אַנדערע געשיכטע און אַן אַנדערע שפּראַך, א. ז. וו.

אַחוץ דעם ליגט אין דער גאַנצער קאָסמאָפּאָליטישער פּאָלעמיק קעגן נאַציאָנאַליטעט אַן אינעווייניקסטע סתירה. כּדי צו באַווייזן, אַז עס זענען נישטאָ קיין נאַציעס, מוז זי זיך אָנלענען אויף דעם פאַקט, אַז עס זענען דאָ פאַרשיידענע נאַציעס. לאָמיר זיך גוט צוקוקן אָט צו דעם שטריך פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין זיין פּאָלעמיק קעגן דעם נאַציאָנאַליזם. ער גייט אַרויס מיט אַ טענה אַנטקעגן דעם נאַציאָנאַליזם און זאָגט: „איר, נאַציאָנאַליסטן, גלויבט, אַז עס זענען דאָ פאַרשיידענע נאַציעס. זאָגט, אין וואָס באַשטייט דער עצם נאַציאָנאַליטעט?" „אין דער שפּראַך", ענטפערט, לאָמיר זאָגן, דער נאַציאָנאַליסט. — „אין דער שפּראַך? ניין! די שפּראַך קאָן נישט זיין קיין סימן פון נאַציאָנאַליטעט. והא ראיה, אָט האָט איר צוויי פאַרשיידענע נאַציעס–ענגלענדער און אַמעריקאַנער, וואָס רעדן איין שפּראַך". — „נו, טאָ וואָס ווילסטו?" קאָן אויף דערויף ענטפערן דער נאַציאָנאַליסט. „זאָגסטו דאָך אַליין, אַז עס זענען דאָ פאַרשיידענע נאַציעס". דאָסזעלבע איז אויך מיט דער רעליגיע. „עס זענען נישטאָ קיין נאַציעס", זאָגט דער קאָסמאָפּאָליט, „ווייל עס איז נישטאָ קיין איין-איינציקער סימן, נאָך וועלכן מען זאָל קאָנען אָפּשיידן איין נאַציע פון דער אַנדערער". — „עס זענען דאָ נאַציעס, און זייער סימן איז די רעליגיע". — „רעליגיע", ענטפערט דער קאָסמאָפּאָליט, „קאָן נישט זיין קיין סימן פון נאַציאָנאַליטעט. ווייל אָט האָסטו צוויי פאַרשיידענע נאַציעס — פראַנצויזן און פּאָלאַקן, וואָס

האָבן דיזעלביקע רעליגיעס". — „זאָגסט דאָך אַליין, אַז פראַנצויזן און פּאָלאַקן זענען צוויי פאַרשיידענע נאַציעס!" —

איך וויל, אַז דער לייענער זאָל נישט מיינען, אַז דער גאַנצער משל איז בלויז אַ וויציקער סאָפיזם פון אונזער זייט. ס'איז זייער אַ טיפער לאָגישער אַרגומענט, און אויב מען זאָל אים אויספירן וויסנשאַפטלעך, דאַרף דער וויכוח אויסגעפירט ווערן אַזוי:

„איך, דער נאַציאָנאַליסט, זאָג, אַז די שפּראַך איז דער סימן פון נאַציאָנאַליטעט; מענטשן, וואָס רעדן איין שפּראַך, געהערן צו איין פאָלק". — „ווי אַזוי"? פּראָטעסטירט דער קאָסמאָפּאָליט. „אָט זענען דאָך ענגלענדער און אַמעריקאַנער, וואָס רעדן איין שפּראַך, צוויי פאַרשיידענע נאַציעס". — „זיי זענען נישט קיין צוויי פאַרשיידענע נאַציעס, זיי זענען איין נאַציע"! — דעמאָלט בלייבט ביי דעם קאָסמאָפּאָליט קיין אַנדער ברירה נישט, סיידן אַליין צו באַווייזן, אַז זיי זענען נישט איין נאַציע, נאָר צוויי פאַרשיידענע נאַציעס, ד. ה. אַז נאַציעס זענען דאָ. וואָס איז דער לאָגישער פּועל יוצא אָט פון דעם גאַנצן סכסוך? דער פּועל־יוצא איז דערפון, אַז דער קאָסמאָפּאָליט ווערט געצוווּנגען אָנצונעמען דעם פאַקט, אין וועלכן קיין מענטש איז נישט מסופק, אַז עס זענען דאָ אויף דער וועלט נאַציעס. פון דער אַנדערער זייט אָבער קאָן ער גאַנץ לייכט באַווייזן דעם נאַציאָנאַליסט, אַז ער, דער נאַציאָנאַליסט, קאָן נאָך נישט וויסנשאַפטלעך אָנווייזן, אין וואָס עס ליגט דער עצם נאַציאָנאַליטעט. און דאָס פאַרשטייט זיך איז שוין גאָרנישט קיין באַווייז קעגן נאַציאָנאַליטעט; ווייל, ערשטנס, קאָן מען זאָגן, אַז נאַציאָנאַ־ליטעט ליגט נישט אין איין סימן, נאָר אין אַ באַשטימטער קאָמבינאַציע פון סימנים; צווייטנס, איז נאָך דאָ אַ סברא, וועלכע מיר האָבן אָנגענומען, אַז דער סימן פון נאַציאָנאַליטעט ליגט נישט אַזוי אין באַשטימטע אויסערלעכע סימנים, ווי אין די דריי אויבנדערמאָנטע מאָמענטן פון זעלבשטענדיקייט, פאַרשיידנקייט און באַשטימטע פּסיכאָ־פיזישע באַשאַפונגס־כוחות. און, סוף־כל־סוף, אויב אויך די טעאָריע זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר פאַלש, איז דאָס נאָך אויך נישט קיין באַווייז, אַז עס זענען נישטאָ קיין נאַציעס, נאָר אַ באַווייז, אַז די וויסנשאַפט איז נאָך לעת עתּה

נישט ביכולת און וועט אפשר קיין מאָל נישט זיין אין דער לאַגע קלאָר אַרויסצוגעפינען דעם תּוך פון נאַציאָנאַליטעט. פּאַראַן אַסך זאַכן אין דער וועלט, וואָס קיינער לייקנט זיי נישט, קאָן זיי נישט לייקענען, און וואָס מיר ווייסן פונדעסטוועגן פאָרט נישט, אין וואָס עס באַשטייט זייער תּוך. נעמט, צ. ב., דעם רוים, די אויסגעשפּרייטקייט, דאָס אָרט, וואָס יעדע זאַך פאַרנעמט אין דער וועלט. וואָס איז אַזוינס רוים? די פילאָזאָפן הקרענען זיך וועגן דעם כּמעט זינט עס האָט אויפגעבליט דער פילאָזאָפישער געדאַנק, און עד היום האָבן מיר נאָך נישט קיין תּירוץ מספּיק אויף דער שאלה. און וואָס איז אַזוינס צייט? זייער טיף האָט באַמערקט וועגן דעם דער הייליקער אויגוסטין: „פרעגט מען מיך נישט, ווייס איך, וואָס איז אַזוינס: צייט. פרעגט מען מיך יאָ, ווייס איך נישט"... כּמעט דאָסזעלביקע קאָן מען אויך זאָגן וועגן נאַציאָנאַליטעט. קוקט מען נישט „וויסנשאַפטלעך" אויף דער פראַגע, נאָר מיט פּשוטע מענטשלעכע אויגן, זעט יעדער איין, אַז עס זענען דאָ פאַרשיידענע נאַציעס, וואָס פירן קריג אָדער שליסן שלום, וואָס גיסן זיך צונויף אָדער שיידן זיך פאַנאַנדער. פרעגט מען אָבער וויסנשאַפטלעך, וואָס איז אַזוינס אַ נאַציע, קאָן זיין, אַז מיר וועלן קיינמאָל נישט געפינען קיין תּירוץ מספּיק אויף דער שאלה, אַזוי ווי מיר האָבן עד היום נישט געפונען קיין ריכטיקן ענטפער אויף דער פראַגע: „וואָס איז צייט"? און אַזוי ווי עס איז נאַריש אָפּצולייקענען די עקזיסטענץ פון צייט (ווייניקסטנס די עמפּירישע עקזיסטענץ, די, וואָס מיט איר האָבן מיר צו טאָן אין טאָג-טעגלעכן לעבן) בלויז דערפאַר, ווייל מיר ווייסן נישט, וואָס איז צייט, — אַזוי איז אויך נאַריש אָפּצולייקענען נאַציאָנאַליטעט, ווייניקסטנס, די עמפּירישע, וואָס מיר געפינען אין טאָג-טעגלעכן לעבן, בלויז דערפאַר, ווייל מיר ווייסן נישט, וואָס איז אַ נאַציע.

איך וויל נאָך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער קאָסמאָפּאָליטישער קריטיק פון דעם „עמיינשאַפטלעכן אָפּשטאַם. „נאַציעס זענען נישטאָ דערפאַר", זאָגט דער קאָסמאָפּאָליט, „וויל

עס איז איצטער נישטאָ קיין איין נאַציע מיט ריינעם בלוט, און אַלע נאַציעס האָבן אין זיך אַ צונויפמישונג פון כמעט דיזעלביקע עלעמענטן". וואָלט עס געווען אַ טענה, וואָלט מען מיט דערזעלביקער לאָגיק געקאָנט אָפּלייקענען, אַז עס איז דאָ אַ װעלכער עס איז חילוק צווישן פלאַנצן און חיות, ווייל די פלאַנצן-וועלט און די זאָאָלאָגיש-אַנטראָפּאָלאָגישע וועלט פון חיות און מענטשן באַשטייען אין עצם פון די פיר כעמישע גרונט-עלעמענטן: וואַסערשטאָף, זויערשטאָף, קוילנשטאָף, שטיקשטאָף (אַזאָט). דער פעלער פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם ליגט דאָ אויף דעמזעלביקן פעלד, מיט וועלכן מיר זענען באַקאַנט געוואָרן פריער: ער לאָזט אַרויס פון אויג די מעגלעכקייט פון פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פון דיזעלביקע עלעמענטן און סימנים. די פיר כעמישע עלעמענטן זענען אין דער פלאַנצן-וועלט אַנדערש קאָמבינירט, איידער אין דער וועלט פון חיות. אַפילו אַז מען זאָל אָננעמען, אַז די קולטור-פעלקער זענען אַ צונויפמישונג פון די פיר סאָרטן בלוט, וועלכע דער קאָסמאָפּאָליטיזם גיט אָן, — ראָמאַנישן, גערמאַנישן, קעלטישן און סלאַווישן, — זעט דאָך יעדער אויפן שטעל איין, אַז די מישונג ביי איין פאָלק קאָן זיין אין אַ גאַנץ אַנדער פּראָפּאָרציע, איידער ביי אַן אַנדער פאָלק. אַז ביי די אירלענדער, צ. ב., מוז דאָס קעלטישע בלוט שפּילן די הויפּט-ראָלע, ביי די דייטשן—דאָס גערמאַנישע, ביי די איטאַליענער — דאָס ראָמאַנישע, א. ז. וו.

די נאָרוואָס אַנאַליזירטע טעאָרעטישע טעמים פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם קומען פאָר כמעט אין יעדער קאָסמאָפּאָליטישער הקירה וועגן נאַציאָנאַליטעט. און אָט מיט אַזעלכע לאָגישע טעמים האָט מען געמיינט צו באַווייזן די ווייסנשאַפטלעכע אוממעגלעכקייט פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ; באַוויזן האָבן זיי נאָר די לאָגישע פלאַטשיקייט פון דער איצט-הערשנדיקער קאָסמאָפּאָליטישער טעאָריע.

נישט מער גליקלעך זענען געווען אין זייערע אַרגומענטן די ווייסנשאַפטלעכע וואָרטפירער פון דעם נאַציאָנאַליזם. אויף דער קאָסמאָפּאָליטישער קריטיק, וואָס האָט אַריינגעוואָרפן אין

ספק די עקזיסטענץ גופא פון דער נאַציאָנאַליטעט, פלעגט דער נאַציאָנאַליזם ענטפערן מיט דעם, וואָס ער פלעגט אַרויסכאַפּן איינעם פון די פאַרבראַקירטע סימנים און פלעגט זען אָפּצושוואַכן די אַלע טענות, וואָס דער קאָסמאָפּאָליטישער קריטיקער האָט אַרויסגעשטעלט אַנטקעגן דעם סימן. אַנדערע, ווידער, פלעגן זען אַריבערצושלעפּן דעם שווער-פּונקט פון די דרויסנדיקע סימנים אויף די אינעווייניקסטע, און אויסבויען זייערע וויסנשאַפטלעכע פּאָזיציעס אויף דעם פעלד פון דעם אינעווייניקסטן נאַציאָנאַלן געפיל"*).

פון אַלע דרויסנדיקע נאַציאָנאַלע סימנים האָט דערביי מער פאַר אַלץ אָפּגעגליקט דער טעריטאָריע און דעם געמיינשאַפטלעכן געשיכטלעכן לעבן, וואָס ווערן איצטער כמעט פון אַלע געלערנטע גערעכנט פאַר גרונט-סימנים פון נאַציאָנאַליטעט, אין וועלכע עס ליגט איר עצם טבע. דעריבער מוזן מיר אַביסל אָפּשטעלן זיך ביי זיי.

ס'איז נישט שווער צו באַווייזן, אַז אַ טעריטאָריע קאָן נישט זיין קיין גרונט-סימן פון אַ נאַציאָנאַליטעט. פאַראַן וואַנדער-פעלקער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין אייגענע טעריטאָריע און וואָס זענען פונדעסטוועגן נאַציאָנאַל פאַרשיידן איינס פון דעם אַנדערן. יעדער איינער, וואָס געהער צו אַ וואַנדער-פאָלק, ווייסט גאַנץ גוט, אַז זיין פאָלק שיידט זיך אָפּ פון אַלע פעלקער, און אַז ער און אַלע זיינע ברידער געהערן צו איין באַשטימטן פאָלק. יעדעס וואַנדער-פאָלק פאַרענטפערט אַלע שאלות פון זיין פשוטן לעבן פאַר זיך גופא און צוליב זיך גופא, און אַסך פון די ענטפערס גיט עס אויף אַן אַנדער אופן און מיט אַ כיוון אויף אַן אַנדער אופן, איידער דאָס טוען אַנדערע וואַנדער-פעלקער. שוין אָט דער פאַקט אַליין באַווייזט, אַז עס קאָנען עקזיסטירן נאַציעס אָן אַ טעריטאָריע, און אַז דעריבער איז די טעריטאָריע נישט קיין סימן מובהק פון נאַציאָנאַליטעט. אויך צווישן די קולטור-פעלקער געפינען מיר איצ־

---

*) זע, צ. ב., פּראָפ. מ. לאַצאַרוס Was heisst national?

טער אייניקע נאַציעס, וואָס האָבן אָדער גאָר קיין טעריטאָריע נישט, אָדער וועמעס גרעסטער טייל עס לעבט נישט אויף זיין טעריטאָריע. דאָס זענען יידן, אַרמענער און די נישט-קולטורעלע ציגיינער, וועלכע לעבן צווישן קולטורעלע פעלקער. וועגן ציגיינער און אַרמענער איז נישטאָ וואָס צו רעדן. זייער נאַציאָנאַליטעט האָט קיינער נישט געשטעלט אין ספק. אָבער אויך די יידן, דאָס וואַנדער-פאָלק פון דער העכערער קולטור, זענען גאַנץ געוויס אַ באַזונדער נאַציאָנאַליטעט.

לאָמיר לאָזן אָן אַ זייט די קליינע גרופּע פון די אַסימילירטע יידן און לאָמיר פרעגן: צו וועלכער נאַציע, אויב נישט צו דער יידישער, געהערן אָט די אַלע מאַסן פון יידישן פאָלק, וואָס וווינען אין פוילן, ליטע, אונגאַרן, בוקאָווינע, רומעניע, גאַליציע, אוקראַינע, דעם ווהייטשעפּל אין לאָנדאָן און אין דעם יידישן „געטאָ" פון ניו-יאָרק, — אָט די אַלע מיליאָנען מענטשן, וואָס האָבן דעמזעלביקן לשון און וואָס שיידן זיך אַזוי שאַרף אָפּ אין זייער לעבן פון אַלע פעלקער, וואָס רינגלען זיי אַרום?

ס׳איז גענוג אַוועקצושטעלן די שאלה, כדי אויפן שטעל צו באַקומען אויף איר אַ קלאָרן ענטפער: קיין איין-איינציק פאָלק פון די, וואָס רינגלען זיי אַרום, וויל נישט אָננעמען דעם ייד פאַר אַ מיטגליד פון זיין נאַציע; קיין איין-איינציק פאָלק פון די אַרומיקע פעלקער וויל דאָס יידישע פאָלק נישט דערקענען, ווי זיין אייגן פאָלק. ווער-זשע זענען זיי, אויב זיי זענען נישט קיין פּאָלאַקן, נישט קיין רומענער, נישט קיין לעטן, נישט קיין רוסן א. ז. וו.? „יידן", דאַרף יעדער איינער ענטפערן. „מענטשן", ענטפערט אונז אָנשטאָט דעם דער יידיש-קאָסמאָפּאָליטישער אינטעליגענט.

דער ענטפער פון דעם יידישן קאָסמאָפּאָליט איז געוויס זייער אַ ריכטיקער, אָבער נישט גאָר קיין פּינקטלעכער, ד.ה., אַן ענטפער, וואָס צילט אויף אַ גאַנץ אַנדער פראַגע, איידער די, וואָס מען שטעלט אים. זאָל מען באמת אָננעמען ערנסט דעם ענטפער, וועלן מיר באַקומען, אַז די גאַנצע מענטשהייט

פאַלט איצט פאַנאַנדער אין צוויי נישט גלייכע טיילן: דער גרעסטער טייל באַשטייט פון פאַרשיידענע פעלקער, און נאָר אַ גאַנץ קליינינקער חלק פון דער מענטשהייט באַשטייט פון סתם מענטשן. די סתם-מענטשן זענען אין אַלץ אָפּגעשיידט פון די פעלקער-מענטשן און מען רופט זיי „יידן". יידן זענען נישט קיין פאָלק, נאָר סתם-מענטשן; אָבער אַזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער זענען נישט גלייך צו יידן, ווייזן די יידן אויס פּלומרשט ווי אַ פאָלק. צו וואָס קאָן מען דאָס פאַרגלייכן? צו אַ חלל, צו אַ לאָך פון אַ בייגל. דאָס לאָך, דער חלל איז גאָרנישט; אָבער ער ווייזט אויס ווי אַ באַזונדער זאַך, ווייל ער איז נישט בייגל; ריכטיקער, ווייל דער בייגל איז נישט ער... אָדער נאָך אַ בעסערן פאַרגלייך. פאַראַן אַזעלכע וויץ-בילדער, וואָס מען רופט זיי אויף דייטש „וועקסיר-בילדער", בילדער צום פיניקן. אָנגעמאָלט איז אויף אַזאַ בילד, לאָמיר אָננעמען, אַ הויז, אַ פּלאַנקן און אַ פּאָר גרויסע ביימער מיט אַסך צווייגן, און מער גאָרנישט. אונטן שטייט געשריבן: „ווו איז די קאַץ?" מען קאָן זיך גוט אָנפייניקן, ביז מען געפינט זי, די קאַץ. בעצם איז קיין קאַץ נישטאָ. נאָר די צווייגן פון די ביימער זענען אַזוי אויסגעמאָלט, אַז דער ליידיקער שטח צווישן זיי זעט אויס, ווי אַ קאַץ. אָט אַזאַ מין „וועקסיר-קאַץ" זענען די יידן, נאָך דער מיינונג נאָך פון אונזערע סתם-מענטשן! בעצם זענען זיי נישט קיין פאָלק, נאָר אַזוי ווי אַלע אַנדערע מענטשן זענען פעלקער, זעט אויס דער ליידיקער שטח פון סתם-מענטשן אויך ווי אַ באַזונדער פאָלק, אפשר מיט דעם איינציקן חלוק, וואָס עס קאָסט גאָר קיין ברעקל מי נישט, אויפן שטעל אַרויסצוגעפינען, ווו דער ייד איז...

כ'לעבן, שוין צייט אַוועקצוּוואַרפן די אַלטע נאַרישקייט פון די „סתם-מענטשן"!*).

אָט טאַקע דערפאַר, וואָס די נאַציאָנאַליטעט איז נישט

---

*) פאַרגלייך מיין אַרטיקל: „דאָס יידישע פאָלק און די יידישע שפּראַך" אין באַנד VII פון מיינע געזאַמלטע שריפטן.

קיין אַבסאָלוטער, נאָר אַ רעלאַטיווער געדאַנק; אַט טאַקע דער־פאַר, וואָס לעבן די יידן זיך געפינען זיך אויך אַנדערע נאַציעס, — זענען אויך די יידן אַ נאַציע, אַ לייבלעכער מיטגליד פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער משפחה, אַלץ איינס, צי זיי האָט זיך איינגעגעבן אָדער נישט איינגעגעבן אַריינצוכאַפּן אין זייערע הענט אַ טייל פון אונזער אַלעמענס פאָטערלאַנד — דעם כדור הארץ.

אַ טעריטאָריע, ווען מען קוקט אויף איר נישט ווי אויף באַשטימטע גרענעצן פון אַ מדינה, נאָר ווי אויף באַשטימטע גרענעצן פון אַ נאַציע, איז מער נישט ווי די דרויסנדיקע גע־אָגראַפישע אַרומקרייזונגען, וואָס ווייזן אונז, ווו די געגעבענע נאַציע וווינט. נישט די נאַציע עקזיסטירט צוליב דער טעריטאָריע און אַדאַנק דער טעריטאָריע, נאָר פאַרקערט, די טעריטאָריע עקזיסטירט צוליב דער נאַציע און אַדאַנק דער נאַציע. אַז אַ באַשטימטע גרופּע מענטשן, וואָס מיר רופן אָן נאַציע, ווערט צונויפגעשרומפּט, צ. ב., ווען די באַוווינער פון אירע גרענעצן פאַרלירן זייער נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע און נעמען אָן די נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע פון דעם שכן-פאָלק אָדער עמיגרירן אינגאַנצן אויס, ווערט לפי-ערך צונויפגעשרומפּט אויך די נאַ־ציאָנאַלע טעריטאָריע; און וואַרפט זיך די נאַציאָנאַליטעט פאַ־נאַנדער אין איר וואַקסן, וואַקסן אויך און ווערן ברייטער די גרענעצן פון איר טעריטאָריע. דערפון איז געדרונגען, אַז די טעריטאָריע איז נישט דער תוך פון דער נאַציאָנאַליטעט, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס גייט נאָך איר נאָך, ווי אַ שאָטן. אמת, אין דעם ליבן שאָטן פון דעם אייגענעם לאַנד וואַקסט די טייערע בלום פון דער מענטשלעכער קולטור — די ליבע צום פאָטער־לאַנד. אָבער אַ טעריטאָריע און די ליבע צום פאָטערלאַנד, וואָס וואַקסט אויף איר, זענען מער נישט ווי נויטיקע מעכטיקע פאַקטאָרן צו דערהאַלטן די עקזיסטענץ און דער וויכטיקסטער תנאי פאַר אַ נאָרמאַלן לעבן פון אַ פאָלק. תנאים פון נאָרמאַלן לעבן און פאַקטאָרן פון דערהאַלטונג זענען אָבער נישט די אייגענע זאַך, וואָס נאַציאָנאַליטעט גופא. מען קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז דאָס לעבן איז דיזעלביקע זאַך, וואָס דער זויערשטאָף,

וועלכער איז נויטיק אויף צו דערהאַלטן דאָס לעבן; אָדער אַז פלאַנצן זענען דיזעלביקע זאַך, וואָס דער פלאַץ, אויף וועלכן זיי לעבן און וואַקסן. אויף דעמזעלביקן פלאַץ קאָנען דאָך וואַקסן פאַרשיידענע מיני פלאַנצן.

אויך דאָס געמיינשאַפטלעכע היסטאָרישע לעבן קאָן נישט זיין קיין הויפּט-סימן פון נאַציאָנאַליטעט. רעדט מען וועגן אים, דאַרף מען מאַכן אַ נפקא-מיניה צווישן דעם געמיינשאַפטלעכן היסטאָרישן לעבן פון איין-איינציקן פאָלק און דעם געמיינשאַפטלעכן היסטאָרישן לעבן פון עטלעכע פעלקער, וואָס לעבן פּאָליטיש אין איין מדינה. אין דעם ערשטן פאַל דערציילט מען פשוט אַ מעשה, אַז אַמאָל — אַמאָל איז געווען אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט געלעבט איינגאיינעם און וואָס האָט דעריבער, ווי דאָס טרעפט ביי אַלע מענטשן, געהאַט אין לעבן פאַרשיידענע מערכות און דורכגעלעבט פאַרשיידענע פּאָסירונגען. אָבער די מעשה זאָגט אונז בפועל ממש גאָרנישט, צי עס זענען דאָ נאַציאָנאַליטעטן אויף דער וועלט אָדער נישט, און דערקלערט אונז נישט אַ ברעקל דעם תוך פון נאַציאָנאַליטעט. אויך דער איינצל-מענטש לעבט דורך אין זיין לעבן פאַרשיידענע פּאַסירונגען, און ווי די פּאַסירונגען זאָלן נישט ווירקן אויף זיין לעבן, קאָן מען דאָך נישט זאָגן, אַז דער סכום פון די פּאַסירונגען איז דער תוך פון דעם איינצל-מענטשן. אַקוראַט אַזוי האָט מען קיין רעכט נישט צו זאָגן, אַז דער סכום פון געשיכטלעכע פּאַסירונגען איז דער תוך פון אַ באַשטימטער נאַציאָנאַליטעט, ווען אַפילו אין זיי זאָלן זיך קלאָר אויסדריקן די גרונט-שטריכן פון דער פאָלקס-טבע און פון דעם פאָלקס-כאַראַקטער.

די איצטיקע פסיכאָלאָגיע וויל האָבן, אַז אונזער פאָרשטעלונג פון אונזער אייגענעם „איך" איז מער נישט ווי אַ געדאַנק, וואָס איז אָפּגעצויגן געוואָרן פון די וויכטיקסטע פּאַסירונגען פון אונזער לעבן אין די ערשטע יאָרן פון אונזער קינדהייט. מען קאָן דעריבער מאַכן אַ פאַרגלייך און זאָגן, אַז אויך דער געדאַנק פון אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן „איך", ד. ה. דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין איז אויך מער נישט, ווי אַזאַ

מין אַבסטראַקטער געדאַנק, וואָס האָט זיך געבילדעט אויף דעם גרונט פון די וויכטיקסטע היסטאָרישע פּאַסירונגען אין דעם לעבן פון אַ וועלכן עס איז פאָלק. נאָר אויב מיר זאָלן אַפילו אָננעמען די טעאָריע פון דער איצטיקער פּסיכאָלאָגיע און שטעלן זיך אויף איר שטאַנדפּונקט, באַקומען מיר אויך דעמאָלט, אַז אונזער עמפּיריש זיין אויף דער וועלט איז געגעבן געוואָרן אין לעבן פריער, איידער דאָס בילד פון אונזער אייגענעם „איך", און איז לחלוטין פאַרשיידן פון דעם בילד. אויף דעמזעלביקן אופן מוזן מיר זאָגן, אַז די געגעבענע נאַציאָנאַליטעט עקזיסטירט פריער, איידער איר נאַציאָנאַל באַוווסטזיין, און, לאָגיש גענומען, עקזיסטירט זי אומאָפּהענגיק פון די אָדער יענע היסטאָרישע פּאַסירונגען, וואָס קומען מיט איר פאָר. ווי זיי זאָלן נישט ווירקן אויף איר כאַראַקטער און אויף אַלץ, וואָס זי ברענגט אַרויס אין איר קולטור, זענען זיי מער נישט, ווי אומשטענדן, וואָס ברענגען אַריין גרעסערע אָדער קלענערע שינויים אין איר לעבן. כדי צו זיין אַ נאַציע איז גענוג מער נישט, ווי צו לעבן אַ זעלבשטענדיק לעבן, און עס זאָל דערביי זיין אַן אַנדער נאַציע, מיט וועלכער מען וואָלט זי געקאָנט פאַרגלייכן און פון וועלכער זי שיידט זיך אָפּ אין פיל פּונקטן פון איר קולטור.

בנוגע צו דעם אַנדערן פאַל, ווען עטלעכע זעלבשטענדיקע פעלקער גיסן זיך צונויף, אַדאַנק די געמיינשאַפטלעכע היסטאָרישע פּאַסירונגען, אין איין פּאָליטישע מדינה, מוז מען זאָגן, אַז די נאַציאָנאַליסטן באַווייזן דערמיט אַזוינס, וואָס גייט פּונקט להיפך צו זייער ציל. אין די שותפותדיקע געשיכטלעכע פּאַסירונגען ווייזן זיי אונז אָן אויף אַ מין קראַפט, וואָס ווירקט אין געוויסע פּרטים פּונקט להיפך צו יענעם כוח, וועלכן בעדזשהאָט האָט אַ נאָמען געגעבן „די נאַציע-בילדנדיקע קראַפט". דער בשותפותדיקער היסטאָרישער גורל פון פעלקער, וואָס לעבן אין איין מלוכה, דערשטיקט דאָ „די נאַציע-בילדנדיקע קראַפט" פון יעדער איינצלנער נאַציאָנאַליטעט, מאַכט אַ תל פון זייערע נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן און פון זייער זעלבשטענדיקן זיין אויף

דער וועלט, ד. ה. ער שניידט איבער דעם הויפט לעבנס-נערוו פון נאציאָנאליטעט. אויב דער תּוך פון נאציאָנאליטעט ליגט אין אַ שותּפותדיקן היסטאָרישן צוזאמענלעבן, דעמאָלט פארלירט דער נאציאָנאלער פּרינציפּ אינגאנצן זיין רעזאָן ד'עטר, דעם טעם פון זיין זיין אויף דער וועלט. דאָס צוניפגיסן פון אַלע פעלקער אין איין מענטשהייטס-ים וואָלט געווען אַ מעגלעכער און אַ געוווּנשענער אידעאַל. לאָזן נאָר אַלע מענטשן פון דער וועלט האָבן געמיינשאפטלעכע היסטאָרישע פּאסירונגען, לאָזן זיי לעבן אינאיינעם איין-איינציק היסטאָריש לעבן, און פון אַלע פעלקער וועט נישט אָדער נישט בלייבן קיין זכר, אָדער דער זכר וועט זיין אזוי שוואך און נישט וויכטיק, אז פון זייטעטוועגן וואָלט זיך נישט געלוינט צו בויען נצאיאָנאלע טעאָריעס און פירן אַ נאציאָנאלן קאמף.

נישט פיל בעסער טויג פאר דער דערקלערונג פון דעם, וואָס איז אזוינס אַ נאציע, דאָס אָנווייזן אויף דעם פאקט, אז עס איז דאָ אַ באשטימט נ א צ י אָ נ א ל ג ע פ י ל. ווייטער אונטן וועלן מיר רעדן מער באריכות וועגן דעם ענין. דאָ וועלן מיר מאכן נאָר איין באמערקונג. אויב דאָס נאציאָנאלע געפיל איז באמת א באזונדער געפיל, וואָס האָט זיינע ספּעציפישע שטריכן, ווי צ. ב., דאָס געפיל פון הונגער אָדער דאָרשט, דאָס געפיל פון ליבע אָדער האס, איז דאָס בלי-ספק אזא מין געפיל, וואָס ווערט ארויסגערופן אין אונז דורך דער פאָרשטעלונג פון אונזער נאציע. ממילא מוז מען צוגעבן, אז די פאָרשטעלונג פון אונזער נאציע דארף זיין פריער, איידער עס קאָן ארויסגערופן ווערן אַ נאציאָנאל געפיל, און אז דאָס נאציאָנאלע געפיל איז ערשט א פּועל-יוצא פון דער פאָרשטעלונג וועגן אונזער נאציע, ד. ה. פון איר עקזיסטענץ. מיט אנדערע ווערטער: א נאציאָנאל געפיל קאָנען מיר דערקלערן מיט דעם פאקט, וואָס עס זענען דאָ נאציעס, אָבער נישט אומגעקערט: מיר קאָנען נישט דערקלערן דעם פאקט, וואָס עס זענען דאָ נאציעס, מיט דעם פאקט, וואָס עס זענען דאָ נאציאָנאלע געפילן.

מיר דוכט, אז אויף דעם סמך פון די אלע געדאנקען, וואָס מיר האָבן נאָר-וואָס אנטוויקלט, האָבן מיר א רעכט צו זאָגן, אז נישט די קאָסמאָפּאָליטישע און נישט די נאציאָנאַליסטישע טעאָריעס האָבן געהאט גליק אין זייערע וויסנשאַפטלעכע ארגומענטן. ביידן האָט זיך נישט איינגעגעבן צו באווייזן זייערע גרונט-פּרינציפּן; נישט די, נישט יענע האָבן אונז נישט דערקלערט דעם שכל, וואָס שטעקט אין נאציאָנאַליטעט, און נישט דעמס, נישט יענעמס טעמים טויגן אויף צו פארענטפערן די שאלה, צי עס זענען דאָ נאציעס אויף דער וועלט אָדער נישט, און אין וואָס ליגט דער עצם פון נאציאָנאַליטעט. די קאָסמאָפּאָליטישע טעמים, וואָס לייקענען אָפּ נאציאָנאַליטעט, גייען להיפּך צו דער מענטשלעכער לאָגיק אָדער פירן, העכסטנס, צום געדאנק, אז דעם תוך פון נאציאָנאַליטעט קאָן מען נישט ארויסברענגען מיט וויסנשאפטלעכע מיטלען. אָבער דערפון, וואָס די וויסנשאפט איז שוואך אין דעם פּונקט, איז דאָך געוויס נישט קיין ראיה, אז עס זענען נישטאָ קיין נאציעס אויף דער וועלט. מיר מוזן נאָכאמאָל דערמאָנען: ס'איז דאָ א מאסע זאכן אין דער וועלט, וואָס זייער עקזיסטענץ שטייט העכער פון יעדן ספק, און וועלכע עס האָט זיך פשוט נישט איינגעגעבן אריינצוקוועטשן אין א פּינקטלעכער וויסנשאפטלעכער פאָרם. נעמט דעם אלוועלטלעכן פאקט פון אנטוויקלונג, נעמט דעם ביאָלאָגישן פאקט פון לעבן, דעם פּסיכאָלאָגישן פאקט פון שפּירן! וואָס איז אזוינס אנטוויקלונג, לעבן, שפּירונג? אין וואָס באשטייט זייער תוך? עס איז נישטאָ אזעלכע וויסנשאפטלעכע פאָרמולעס, וואָס זאָלן אונז געבן א וועלכן עס איז תירוץ מספּיק אויף די שאלות. און פונדעסטוועגן זענען דאָך די פאקטן פון אנטוויקלונג, לעבן און שפּירונג דאָ אויף דער וועלט, און קיינעם, אחוץ א גאנץ משוגענעם פילאָזאָף, קאָן נישט ארויפקומען אויפן געדאנק אָפּצולייקענען זיי מחמת דעם, וואָס זייער עצם איז נאָך נישט ארויסגעפונען געוואָרן. אויף דעמזעלביקן אופן הערט נישט אויף אויך די נאציאנאליטעט צו זיין א רעאלער פאקט און א רעאלער פאקטאָר אין דעם היסטאָרישן לעבן, ווען אפילו די

טעאָריע איז נישט ביכולת צו געפינען פאַר איר אַ שיינע וויסנ־שאַפטלעכע פאָרמול. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אַ שטורם־פראַגע פאַר אונזער צייט, אַלץ איינס, צי די טעאָרעטיקער וועלן פאַרענטפערן אָדער נישט פאַרענטפערן די שאלה: „וואָס איז אַזוינס נאַציאָנאַליטעט״?

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָבן מיר געפונען, אַז די פּאַרטייִדיקער פון נאַציאָנאַלן פּרינציפּ האָבן געמוזט, בעת זיי האָבן געוואָלט דערקלערן אונז נאַציאָנאַליטעט, אַנרופן אַזעלכע מאָמענטן, וואָס קאָנען אַליין ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען ווערן, ווען מיר נעמען אָן, אַז עס זענען דאָ נאַציעס, און וועלכע פליסן פון דעם פאַקט גופא, אַז עס זענען דאָ נאַציעס אויף דער וועלט.

II

די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס זענען נישט נאָר צו פאַר־ענטפערן די פראַגע: „וואָס איז אַזוינס נאַציאָנאַליטעט״? נאָר זיי ווילן אויך וויסנשאַפטלעך באַווייזן, אַז דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ דאַרף זיין דער פונדאַמענט, אויף וועלכן מען מוז בויען די דרויסנדיקע און אינעווייניקסטע פּאָליטיק פון אַ פאָלק.

מיר האָבן שוין געזען, אַז די הויפּט־פראַגע וועגן דעם עיקר פון נאַציאָנאַליטעט האָבן די פּאַרטייִדיקער פון דעם נאַ־ציאָנאַלן פּרינציפּ פאַרענטפערט נישט גאָר וויסנשאַפטלעך. איצטער וועלן מיר זען צו באַווייזן, אַז אויך די צווייטע אויפ־גאַבע פון דער נאַציאָנאַליסטישער תורה, די וויסנשאַפטלעכע פּאַרטייִדיקונג פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, קאָן אויך זייער שווער אויסהאַלטן אַ וויסנשאַפטלעכע קריטיק.

דער גרונט־שטיין פון יעדער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז דער געדאַנק, אַז מען מוז אָפּהיטן און פאַנאַנדערוויקלען אַ באַזונדער אינהאַלט פון דעם אָדער יענעם צווייג פון דער נאַ־ציאָנאַלער קולטור. נישט דערפאַר, ווייל דער אינהאַלט איז דער בעסטער ענטפער אויף דער קולטור־שאלה, וואָס ווערט

פאַרענטפערט פון יענעם צווייג ; נישט דערפאַר, וואָס ער, דער אינהאַלט, איז אַ גוטער און געווונשענער, אַלץ איינס, ווער עס זאָל נישט האָבן אַרויסגעבראַכט אים אין לעבן. אָפּהיטן אים מוז מען דערפאַר, זאָגט דער נאַציאָנאַליסט, ווייל ער איז באַשאַפן געוואָרן פון דער אייגענער נאַציע, ווייל ער איז איינער פון אירע כאַראַקטעריסטישע סימנים און איז אָנגעמאָסטן צו איר „גייסט".

אויב וואָס עס איז איז בכּוח וויסנשאַפטלעך צו באַגרינדן אָט דעם געדאַנק, איז דאָס געוויס יענע שיטה, וואָס מיינט, אַז אַן אַלגעמיין-מענטשלעכע קולטור איז אייגנטלעך גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. דער אינהאַלט פון אמת, יושר און שיינקייט בייט זיך נישט נאָר פון צייט צו צייט, נאָר איז אויך פאַרשידן פאַר פאַרשיידענע פעלקער, עס ווענדט זיך אָן דעם נאַציאָנאַלן זשעני, וואָס רופט אים, דעם אינהאַלט, אַרויס אין לעבן. און היות עס איז נישטאָ קיין אַלגעמיין-מענטשלעכער פּראָביר-שטיין, וואָס מיט אים וואָלט מען געקאָנט אויסגעפינען אויף קלאָר, אין וואָס ליגט דער עצם פון אמת, יושר און שיינקייט פאַר אַלעמען, איז דעריבער די אויפגאַבע פון דעם היסטאָרישן לעבן פון אַ פאָלק אויפצוהאַלטן און צו אַנטוויקלען יענע קולטורעלע אוצרות, וואָס שפּראָצן אַרויס פון דעם פאָלקס-גייסט גופא, אויפצוהאַלטן און צו אַנטוויקלען יענע מיינונגען, מנהגים, סאָציאַלע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס, וועלכע אָט די באַשטימטע נאַציע האָט באַשאַפן און האָט געמוזט על פּי טבע פון איר גייסט אַרויסברענגען פון זיך. ווי פאַרשיידן עס זאָל נישט זיין איינע פון די אַנדערע די קולטורעלע אוצרות ביי פאַרשיידענע פעלקער, ווי שטאַרק זיי זאָלן נישט גיין להיפּך איינער צום אַנדערן, זענען זיי, נאָך זייער אינעווייניקסטן אינהאַלט נאָך, גלייכבאַרעכטיקטע אַרויסווייזונגען פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע נשמות, און די פּאָליטישע שולע פון די ניאַם-ניאַמישע פירער איז אַקוראַט אַזוי אמת פאַר די ניאַם-ניאַמען, ווי דער רעפּערענדום און די איניציאַטיווע פאַר דעם שווייצאַרישן פאָלק. געדאַנקען און אינסטיטוציעס פון אַ וועלכן עס איז פאָלק

עקזיסטירן אויף דער וועלט צוליב זיך אַליין, איבּ זיי דריקן־ריכטיק אויס די נשמה פון דעם פאָלק. דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ פאַרלאַנגט, מען זאָל אָפּהיטן די געדאַנקען און אינסטיטוציעס פון דער שעדלעכער מאַכט, וואָס אויף זיי קאָנען האָבן אַנדערע געדאַנקען און אינסטיטוציעס, אויסגעוואַקסן אויף אַ „פרעמדן" פעלד.

די וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג פון אָט דער טעאָריע איז אינגאַנצן אויפגעבויט אויף דער סברא, אַז עס איז דאָ אַזאַ מין „פאָלקס-נשמה", און איינמאָל רופט מען זי „פאָלקס-גייסט", דעם אַנדער מאָל — „פאָלקס-כאַראַקטער". אין אונזער קריטיק פון דער נאַציאָנאַליסטישער שיטה וועלן מיר אָנווענדן אָט די ביידע נעמען, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז אונטער דעם נאָמען: „פאָלקס-גייסט" וועלן מיר פאַרשטיין די אידייען, מיינונגען, געדאַנקען פון אַ באַשטימטן פאָלק, ד. ה. אַלץ, וואָס איז שייך צו דער א י נ ט ע ל ע ק ט ו ע ל ע ר, שכלדיקער זייט פון זיין לעבן; און אונטער דעם נאָמען: „פאָלקס-כאַראַקטער" וועלן מיר פאַרשטיין אַלץ, וואָס כאַראַקטעריזירט דאָס פאָלק אויף די פעלדער פון געפיל און ווילן.

פריער לאָמיר זען, וואָס טוט זיך מיט דעם פאָלקס-גייסט. קודם כל לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז ביי יעדן פאָלק מוז מען מאַכן אַ נפקא מיניה צווישן דעם באַשטימטן אינהאַלט פון זיין קולטור און יענע נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען, אָדער באַשאַפונגס-כוחות, ד. ה. יענע פּסיכישע און פּסיכאָ-פיזישע מעלות און חסרונות, וואָס מאַכן אויס זיין אינעווייניקסטע טבע. די סברא, אַז עס איז דאָ אַ פאָלקס-גייסט, וויל דעריבער זאָגן, אַז אָדער עס איז דאָ אַ געוויסער אוצר פון נאַציאָנאַל-איינגעבאָרענע אידייען און געדאַנקען, אָדער עס איז דאָ אַ געוויסע איינגעבאָרענע אָרגאַניזאַציע פון אינטעלעקטועלע כוחות, וואָס מוז אַרויסברענגען פון זיך אָט דווקא די און נישט קיין אַנדערע אידייען און געדאַנקען. עס איז נישט נויטיק אָפּצושטעלן זיך לאַנג אויף דעם ערשטן פאַל, ווייל די נאַציאָנאַליסטישע טעאָרעטיקער האָבן נישט געבראַכט קיין איין ראיה צו זיין פאַר-

שיידיקונג, וואָס זאָל האָבן אין זיך כאָטש אַ שאָטן פון וויסנ־שאַפטלעכקייט. נישט קוקנדיק אויף די אַרבעטן פון גאָבינאָ און לעבאָן, מעג מען האָבן די העזה אַרויסצוזאָגן די מיינונג, אַז עס האָט זיך דערווייל נאָך קיינעם נישט איינגעגעבן — און אפשר וועט זיך קיינמאָל קיינעם נישט איינגעבן—ווידער אויפצולעבן אין דער פעלקער־פסיכאָלאָגיע יענע טעאָריע פון איינגעבאָרענע א י ד יי ע ן, וואָס איז איצטער לגמרי אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער וויסנשאַפטלעכער פסיכאָלאָגיע בכלל.

אַסך ערנסטער מוזן מיר זיך באַגיין מיט דער צווייטער סברא, וואָס נעמט אָן אַן איינגעבאָרענע פסיכאָ־פיזישע אָרגאַניזאַציע. עס איז, פאַרשטייט זיך, זייער שווער אָנצונעמען דעם געדאַנק, אַז פאַרשיידענע פעלקער האָבן גאַנץ אַנדערע אָרגאַנען פון דערקענטעניש און שכל. אָבער דאָס איז בלי שום ספק, אַז אַפילו אין זייער ריין־לאָגישן דענקען ווייזן פאַרשיידענע פעלקער אַרויס גאַנץ פאַרשיידענע שאַטירונגען און פאָרמען. דאָס זעט מען דייטלעך, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז איין פאָלק האָט, צ. ב., מער נייגונג צו איין פעלד פון דער קולטור און דאָס אַנדער פאָלק צו אַן אַנדער פעלד. ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבן אַרויסגעוויזן זייער גאונות אין עקאָנאָמיע און טעכניק; די דייטשן שטייען העכער פאַר אַלעמען אין דעם פרט פון פילאָזאָפישן דענקען; די אַלטע רוימער זענען געווען מאַדימס אין יוריספּרודענץ; די יידן האָבן איבערגעיאָגט אַלעמען אין דעם סאָציאַל־עטישן רעליגיעזן געדאַנק. אחוץ דעם געפינען מיר, אַז ביי פאַרשיידענע פעלקער ווייזט זיך אַרויס אַ פאַרשיידענע ליבע צו די מעטאָדן און די טיפן פון דעם מענטשלעכן דענקען. ביי איין פאָלק הערשט די אַנאַליטישע מעטאָדע, דאָס קאָנען פאַנאַנדערנעמען יעדע זאַך אויף זייערע איינצלנע טיילן; ביי דעם אַנדער פאָלק זעען מיר צוריק דעם שטאַרק־אויסגעבילדעטן כוח פון סינטעטישן דענקען, וואָס זוכט צוריק אויפצובויען איין גאַנצן בנין פון די פאַרשיידענע טיילן. איין פאָלק פילט זיך פריי און ווי אינדערהיים דאָרטן, ווו עס האָט צו טאָן מיט דעם אַבסטראַקטן דענקען. עס שפּילט זיך מיט באַגריפן

און דאַרף דערבײַ נישט שטענדיק פֿאָרשטעלן זיך פֿאַר זײַנע אויגן די לעבעדיקע בילדער פֿון דער ווירקלעכקייט, וועלכע יענע אַבסטראַקטע באַגריפֿן נעמען אַרום; אַן אַנדער פֿאָלק האָט, פֿאַרקערט, ליב שטענדיק האָבן פֿאַר די אויגן די לעבעדיקע בילדער פֿון דער ווירקלעכקייט און זוכט וואָס מער אויסצומײַדן די אַבסטראַקטע באַגריפֿן. די דענקער פֿון איין פֿאָלק אַרבעטן מיט מער טיפֿע, געדיכטע, צונויפֿגעפּרעסטע אידייען; די דענקער פֿון אַן אַנדער פֿאָלק — מער מיט איינצלנע קלאָרע, אָבער נישט גאַנץ טיפֿע פֿאָרשטעלונגען. און אַזעלכע נפֿקא־מינהס צווישן איין פֿאָלק און דעם אַנדערן קאָן מען אָנקלײַבן נאָך אַ גאַנצן הויפֿן. אָט די אַלע פֿאַקטן קאָנען אונדז דיקטירן דעם פּועל יוצא, אַז יעדע נאַציע מוז על פּי טבע נוטה זײַן צו באַשטימטע מיינונגען און געדאַנקען. אויב די מיינונגען און געדאַנקען זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פֿון דעם פֿאָלק גופֿא, זענען דעמאָלט אין זיי נישט נאָר קלאָר און פּינקטלעך אויסגעדריקט געוואָרן די מעטאָדן פֿון דענקען, וואָס דאָס פֿאָלק האָט, נאָר זיי זענען דער איינציק־מעגלעכער א י נ ה אַ ל ט, וואָס קאָן זײַן אָנגעמאָסטן צו דעם פֿאָלקס־טיפּ. אויב אָבער די געדאַנקען און מיינונגען זענען נישט אויסגעאַרבעט געוואָרן פֿון דעם פֿאָלק גופֿא, נאָר אַריבערגעטראָגן געוואָרן פֿון דער פֿרעמד, האָט דערבײַ געמוזט זײַן אַזאַ מעשה: פֿון די פֿאַרשיידענע געדאַנקען און אידייען, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין דער פֿרעמד און וואָס האָבן געווירקט אויף דעם פֿאָלק, האָט דאָס פֿאָלק געקאָנט, לויט דער טבע פֿון זײַן שכל גופֿא, אויסקלײַבן, אַריבערנעמען און אַסימילירן אין זיך נאָר אַזעלכע געדאַנקען און אידייען, וואָס האָבן געפּאַסט צו זײַן „נאַציאָנאַלן גייסט“. קיין אַנדערע אידייען און געדאַנקען וואָלט ער נישט געקאָנט אַריבערנעמען, ווײַל זיי וואָלטן נישט זײַן אָנגעמאָסטן צו זײַן טבע, און אויב אַ טייל פֿון דעם פֿאָלק וואָלט אויף אַ קורצע צײַט זיך געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון אָט־די נישט אָנגעמאָסטענע אידייען און געדאַנקען פֿון אַ פֿרעמדן פֿאָלק, וואָלט דער פֿאָלקס־גייסט זיך אויפֿגעהויבן קעגן זיי און וואָלט זיי באַלד אַרויס־

געשטופּט פון זיין אָרגאַניזם, ווען דער אָרגאַניזם וואָלט נישט פאַרסמט געוואָרן פון די פרעמדע אידייען און אינגאַנצן אָפּגע-שטאָרבן, ווי אַ לעבעדיקער שאפער פון אייגענע קולטורעלע אוצרות. הייסט עס, אַז אויך אין דעם פאַל נעמט אַריין אַ פאָלק אין זיך נאָר אַזעלכע אידייען און געדאַנקען, וועמעס אינהאַלט ס'איז ענג צוגעפּאַסט צו דעם טיפ פון זיין דענקען און וואָס האַרמאָנירט מיט די פאָדערונגען פון זיין שכלס טבע.

אין דער געשיכטע פון די פעלקער געפינען מיר אַ מאַסע פאַקטן, וואָס באַווייזן אויף דעם ערשטן בליק די ריכטיקייט אָט פון דער נאַציאָנאַליסטישער סברא, און די נאַציאָנאַליסטן ווערן נישט מיד שטענדיק אונז צו דערמאָנען אָן זיי. אַ ביי-שפּיל קאָן מען ברענגען פון דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק, וואָס פלעגט צייטנווייז אַריבערנעמען פרעמדע געדאַנקען און אידעאַלן, וואָס פלעגן צוציען צו זיך געוויסע טיילן פון דעם פאָלק, ווי צ. ב., אין דער צייט פון די העלעניסטן. אָבער די אַלע עבודה-זרות פלעגט דאָס פאָלק פריער אָדער שפּעטער אַרויסשטופּן פון זיין גייסטיקן אָרגאַניזם.

אינגאַנצן אָפּלייקענען די פּאַקטישע זייט פון דער אַרגו-מענטאַציע, וואָס אינטערעסירט אונז, קאָן מען נישט. אָבער אָט די אַלע טעאָרעטישע ראיות וואָלטן ערשט דעמאָלט געקאָנט זיין אַ מליץ-יושר פאַר דער עקזיסטענץ פון באַזונדערע נאַציאָ-נאַליטעטן און וואָלטן ערשט דעמאָלט געקאָנט אויסאיינען אונז מיט דעם געדאַנק, אַז עס זענען נישטאָ קיין אַלגעמיין-מענטשלעכע מיינונגען און אידייען, אַז דער אמת פון אַלע אידייען איז פאַרשיידן לויט דעם בוי פון דעם פאָלקס שכל, ווען מען וואָלט אונז באַוויזן אויף קלאָר, אַז איטלעכס פאָלק האָט אין אַלע פעריאָדן פון זיין געשיכטלעכן לעבן זיך געהאַלטן תמיד פאַר דיזעלביקע גרונט-אידייען און מיינונגען, וואָס האָבן געביטן מער נישט ווי זייער דרויסנדיקן אויסזען און נישט זייער אינעווייניקסטן עיקר, און ווען מען וואָלט אונז באַוויזן, אַז קיין פאָלק איז לגמרי נישט ביכולת אַריבערצוטראָגן פון דרויסן און אַסימילירן אין זיך לחלוטין אַנדערע גרונט-געדאַנקען און אידייען.

אָבער אזוי מין באַווייז האָבן די נאַציאָנאַליסטן קיינמאָל נישט געבראַכט און וועלן קיינמאָל נישט קאָנען ברענגען. די געשיכטע פון די פעלקער ווייזט אונז כמעט אויף יעדן שריט און טריט, ווי אַזוי זייערע געדאַנקען האָבן זיך ראַדיקאַל אומגעביטן נישט נאָר אין אַזעלכע פונקטן, וואָס קאָנען אויסגעטייטשט ווערן, ווי פאַרשיידענע פשטים פון דעמזעלביקן גרונט-געדאַנק, נאָר אויך אין אַזעלכע פּרטים, וואָס האָבן אומגעביטן און באַנייט די גרונט-יסודות גופא פון דעם פאָלקסלעבן און די פאָלקס-געדאַנקען. די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריע, וואָס באַשעפטיקט אונז דאָ, גייט אויך להיפך צו יענע פעסט איינגעפונדעוועטע פאַקטן, וואָס דערציילן אונז פון דער שטענדיקער ווירקונג, וואָס איין ציוויליזירט פאָלק האָט אויף אַן אַנדער ציוויליזירט פאָלק, און וועגן דעם שטענדיקן אויסבייט פון אידייען, וואָס קומט פאָר צווישן זיי.

פון דער אַנדער זייט, קאָן מען, געוויס, בשום אופן נישט לייקענען, אַז ביי דעם אויסבייט פון אידייען צווישן פאָלק און פאָלק, גייען סוף-כל-סוף נישט פאַרלאָרן יענע נאַציאָנאַלע שאַטירונגען, וועלכע יעדעס פאָלק גיט צו די געדאַנקען, וועלכע ער נעמט אַריבער פון דער פרעמד. פּאָזיטיוויזם, קאַטאָליציזם, מאַרקסיזם, מאַטעריאַליזם, אידעאַליזם, אַנאַרכיזם, און נאָך אַ טוץ אַנדערע „איזמען" האָבן גאַנץ באַשטימט באַקומען און נעמען אָן טאָג-טעגלעך אַ באַזונדער פאַרב, עס ווענדט זיך אָן דעם פאָלק, אין וועלכן זיי דרינגען אַריין. אָבער אָט די פאַרבן קאָנען נישט אָנרירן זייער עיקר-פּרינציפּ, קאָנען נישט איבער-אַרבעטן זייער עצם מהות. דעריבער מוזן מיר רעכענען אין דעם גייסטיקן לעבן פון אַ פאָלק ווי אַ שטענדיקן עלעמענט נישט די אָדער יענע גרונט-אידייען, נאָר יענע באַשאַפונגס-כוחות, וואָס ברענגען אַריין אַ באַשטימטע פאַרב, אַ באַשטימטע שאַטירונג אין דער אַלגעמיין-מענטשלעכער גרונט-אידייע. די „לאָגישע שאַטירונגען", פון וועלכע ל י ו א י ס רעדט, זענען נישט דער איינציקער פאַקטאָר, וואָס דערקלערט אונז די חילוקי דעות ביי פאַרשיידענע נאַציעס. „לאָגישע שאַטירונגען" גופא

זענען ערשט אַ פועל יוצא פון יענע באַשאַפונגס-כוחות אָדער באַשאַפונגס-פאָרמען, וואָס זענען, ווי פאַרשיידענע געפעסן, אין וועלכע עס קאָן אַריינגעגאָסן ווערן יעדער אַלגעמיין-מענטשלעכער אינהאַלט. באַגעגענען מיר דעריבער ביי וועלכן עס איז פאָלק אַזוינע געדאַנקען, וואָס גייען להיפך צו אַלע אונזערע מיינונגען וועגן יושר, אמת און שיינקייט, זענען מיר גאָר נישט מחויב צו פאַלן כורעים פאַר זיי און באַגיין זיך מיט זיי, ווי מיט עפעס אַזוינס, וואָס האָט ג ע מ ו ז ט, בלי שום תנאי, אַרויסוואַקסן פון דעם „נאַציאָנאַלן גייסט", און וואָס האָט דעריבער אַקוראַט אַזאַ רעכט אויף צו זיין אויף דער וועלט, ווי די פראָדוקטן פון אונזערע אייגענע געדאַנקען. מיר האָבן דאָס רעכט צו זען אין זיי אַ מאַסע טעותן און גרייזן, צו דערקלערן זייער הערשאַפט אין דעם לעבן פון אַ פאָלק דורך ריין-היסטאָרישע סיבות און אומשטענדן, מיט וועלכע מען קאָן קעמפן; און אַט דער קאַמף קאָן בשום אופן נישט זיין קיין באַליידיקונג פאַר דעם „זשעני" פון דעם געגעבענעם פאָלק. מיט דעם „נאַציאָנאַלן זשעני" טאָרן מיר זיך נישט באַגיין, ווי מיט אַן אָפגאָט, וואָס שטייט אין דעם קדשי-קדשים, פאַר וועלכן מיר מוזן פאַלן אויף די קני און אָננעמען אָן אַ שום קריטיק זיין תורה, ווייל ער האָט כלומרשט אַ רעכט צו פאָדערן פון אונז אַ בלינדן „נעשה ונשמע". מיר האָבן דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען פון אים, ער זאָל אויפנעמען די געדאַנקען, וואָס מיר געפינען פאַר אמת, יושר און שיין, און זאָל אויפנעמען זיי אויף זיינע אייגענע נאַציאָנאַלע „כלים", איבעראַרבעטן זיי אויף זיין נאַציאָנאַלן אַרט, נישט אָנרירנדיק זייער עצם מהות. און אויב מיר מוזן אין דער פראָפאַגאַנדע פון אונזערע אידייען רעכענען זיך מיט דעם „נאַציאָנאַלן זשעני", איז דאָס נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל עס איז נויטיק אין יעדן קאַמף פאַר אידייען אָנצופאַסן די מעטאָדן פון דעם אָנפאַל און דער פאַרטיידיקונג צו דער אַרומיקער סביבה, אויף וועלכער מען וויל ווירקן מיט דעם קלענסטן אָנווענד פון קראַפט.

איינס איז אָבער קלאָר ווי דער טאָג, אַז עס איז לגמרי

נישטאָ קיין איין פאַרנינפטיקער טעם, פאַר וואָס מיר זאָלן דאַרפן אָפּהיטן די אָדער יענע נאַציאָנאַלע מיינונגען פון אַ פרעמדער ווירקונג, אָדער זיין אומרואיק, טאָמער וועלן זיי חלילה אינגאַנצן פאַרשווינדן, בלויז דערפאַר, וואָס די מיינונגען זענען נאַציאָנאַל און וואָס זיי זענען באַשאַפן געוואָרן פון דעם „פאָלקס־גייסט".

יענע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן איינגעזען, אַז אידייען און געדאַנקען פון אַ וועלכן עס איז פאָלק בייטן זיך צו אָפט און צו גרינטלעך, מען זאָל קאָנען בויען אויף זיי אַ וויסנשאַפטלעכע פאַרטיידיקונג פון דעם נאַציאָנאַליסטישן פרינציפּ, האָבן אַרויסגעבראַכט אַן אַנדער סברא — די היפּאָטעזע פון אַ פ אָ ל ק ס־כ אַ ר אַ ק ט ע ר. יעדעס פאָלק, זאָגן זיי, האָט באַשטימטע אינסטינקטן און געפילן, און אָט די אינסטינקטן און געפילן געפינען אַ קלאָרן אויסדרוק דערהויפּט אויף די פעלדער פון סאָציאַלע, יורידישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס. אייניקע פון די, וואָס האַלטן אָט מיט דער סברא, פאַרשפּרייטן די מאַכט פון דעם נאַציאָנאַלן אינסטינקט אויף אַלע אַרויסווייזן אין אַלע קולטור־פעלדער פון אַ פאָלק. רענאַן, צ. ב., מיינט, אַז אַלע געשיכטלעכע אַרויסווייזן און אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַ פאָלקס־קולטור מוזן דערקלערט ווערן דורך פאַרבאָרגענע אָבער אומפאַרענדערלעכע אינסטינקטן פון אַ פאָלק, וועלכע קיין שכל קאָן נישט דערקלערן. דער נאַטירלעכער פועל יוצא פון אַזאַ בליק איז דער געדאַנק, אַז עס זענען נישטאָ קיין אַלגעמיין־מענטשלעכע, ג ו ט ע אינסטיטוציעס, נאָר פאַרשיידענע אינסטיטוציעס זענען גוט פאַר פאַרשיידענע פעלקער. דער געדאַנק איז אַ פּאָר מיט דעם אויבן־אַנאַליזירטן געדאַנק, אַז עס איז נישטאָ קיין אַלגעמיין־מענטשלעכער ריכטיקער אמת. אַקוראַט אַזוי ווי אויף דעם פעלד פון דער קונסט האָבן מיר פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע שולן — די איטאַליענישע, פלעמישע א. ז. וו., אַזוי האָבן מיר אויך אויף דעם פעלד פון יורידישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע טיפּן, און וואָס פאַר איין פאָלק איז גוט און גערעכט, קאָן פאַר דעם

אַנדערן פאָלק זיין אַ סם-המות, וועלכן ער וועט קיינמאָל נישט אָננעמען, און אויב ער וועט עס אָננעמען, וועט עס נישט אויסהאַלטן אויף לאַנג, ווייל, סוף-כל-סוף, קלייבט דאָס פאָלק אויס אָדער באַשאַפט אַליין אַזעלכע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אָנגעמאָסטן צו זיינע אינסטינקטן און געפילן.

שטעלט אייך פאָר אַזאַ מין פאָרטרעט: אַ קאָפּ, די גרויס ווי אַ מאָן, זיצט אויף אַ בויך, די גרויס ווי אַ פאַס; צוויי פיס דינינקע ווי ביי אַ שפין, און לאַנגע מאָגערע הענט, — אַזאַ פאָרטרעט, וועט קיינער נישט זאָגן, אַז ער איז געמאַכט געוואָרן פון אַ קינסטלער, וואָס געהער צו אַ באַשטימטער „ריכטונג" אין דער מאַלעריי. אָבער דיזעלביקע „ריכטונג", אַריבערגעטראָגן אין די יורידישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס, רופט אָפטמאָל אַרויס די פריידיקע התפעלות אין די נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע הערצער, ווייל זיי זעען אין אָט אַזאַ גליקלעכער פראָפּאָרציע פון געזעלשאַפטלעכע קלאַסן און פונקציעס דעם אויסדרוק פון דעם פאָלקס-אינסטינקט. אַן אינטעליגענץ, וואָס פאַרנעמט נישט מער פּלאַץ, ווי אַ מאָן; ליידיקגייענדיקע קלאַסן, וואָס פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַ גרויסער פאַס; די הענט — די אַרבעטער — אויסגעמאָגערט און דאַר, און דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע געביי האַלט זיך אויף דינינקע שפּינעןפיס...

מיר ווילן בשום אופן נישט אָפּלייקענען, אַז יעדעס פאָלק האָט אַ באַזונדער פאָלקס-כאַראַקטער. דעריבער לאָזן מיר אויך צו, אַז דער פאָלקס-כאַראַקטער מוז געפינען זיין אויסדרוק אויף וועלכן עס איז אופן אין דעם פאָלקס-לעבן. אָבער מיר האַלטן פאַר צו ריזיקאַליש, פאַר צו ווייניק באַוויזן די היפּאָטעזע, וואָס זאָגט, אַז אָט דער כאַראַקטער איז דער איינציקער און וויכטיקסטער פאַקטאָר, וואָס באַשאַפט יורידישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. אַפילו ווען מיר וואָלטן שוין געווען אין דער לאַגע אויסצוגעפינען אויף קלאָר די גרונטשטריכן פון אַ וועלכן עס איז פאָלקס-כאַראַקטער, — לעת עתה קאָן דאָס די פעלקער-פּסיכאָלאָגיע בשום אופן נישט אויספירן — וואָלט אויך

דעמאָלט אונז אויסגעזעצן זייער קשהדיק דאָס וועלן דערקלערן אַלע פּאָליטישע, יורידישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס פון אַ פאָלק מער נישט ווי דורך דעם פאָלקס-כאַראַקטער.

ווי באַקאַנט, קאָנען צו פאַרשיידענע פּאַרטייען, רעליגיעס און סעקטעס פון אַ וועלכן עס איז פאָלק צושטיין מענטשן מיט כמעט דעמזעלביקן כאַראַקטער. דער כאַראַקטער פון די איינצלנע חסידים האָט קיין ברעקל ווירקונג נישט אויף דעם אינהאַלט פון די תורות, צו וועלכע זיי שטייען צו. העכסטנס, וואָס דער כאַראַקטער קאָן אויסווירקן, איז, אַז די פּאַרטיי אָדער רעליגיע זאָל אָננעמען אַ באַשטימטן טעמפּ אין איר טאָן, אַ באַשטימטן גראַד פון שטאַרקייט אין איר אַרויסטרעטן, אַ באַשטימטן גראַד פון זיטלעכקייט אין די מיטלען, וואָס זי ווענדט אָן אין דעם קאַמף צוליב איר אידעאַל. די צילן און אידעאַלן גופא ווערן דיקטירט נישט פון דעם כאַראַקטער, נאָר פון דער לאַגע, פון די באַדערפעניש און פון דעם שכל. אַקוראַט אַזוי איז אויך מיט די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. יעדע פון זיי האָט אין זינען צו באַפרידיקן אַ וועלכע עס איז געזעלשאַפטלעכע נויט; אַז נישט וואָלט זי איבערהויפּט נישט געקאָנט אַרויסגערופן ווערן אין לעבן. עס זענען לחלוטין נישטאָ אַזעלכע אינסטיטוציעס, וועמעס ציל עס זאָל באַשטיין בלויז אין דעם, אויסצודריקן דעם פאָלקס-כאַראַקטער! דאַרטן אָבער, ווו מיר האָבן פאַר זיך געוויסע באַדערפעניש און מענטשלעכע צילן, האָבן מיר אויך אַן אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָביר-שטיין און מיט זיין הילף קאָנען מיר אָפּשאַצן, אויף וויפל עס טויגן אָדער עס טויגן נישט יענע אינסטיטוציעס, וואָס ווילן באַפרידיקן די אָדער יענע באַדער-עניש פון לעבן. געפינען מיר צווישן די אינסטיטוציעס פון אַ וועלכן עס איז פאָלק אַן אינסטיטוציע פון קנעכטשאַפט, געזעצן, וואָס גיבן איין טייל פון דער געזעלשאַפט די מעגלעכ-קייט צו פאַרגוואַלטיקן אַנדערע טיילן פון איר, וואָס גיבן די רייכע די מעגלעכקייט אויסצוזויגן די אָרעמע, לייגט זיך דע-מאָלט שווער אויפן שכל, אַז זיי באַפרידיקן אין דעמזעלביקן גראַד די אינטערעסן און די באַדערפעניש פוז די אונטערדריקטע

און די אונטערדריקער, פון די פאַרפאָלגטע און די פאַרפאָלגער, פון די געשלאָגענע און די שלאָגער; עס ליגט זיך שווער אויפן שכל, אַז אָט די אַלע מענטשן האָבן דעמזעלביקן „פאָלקס־כאַראַקטער“, וועלכער האָט אַרויסגערופן צום לעבן יענע אינסטיטוציעס פון קנעכטשאַפט און רויב.

אָבער לאָמיר שענקען אונזערע קעגנער נאָך איין פּאָזיציע. לאָז זיין, ווי זיי ווילן, ווען אַפילו דאָס איז נאָך גאָר נישט באַוויזן געוואָרן, אַז די ווירקונג פון דעם פאָלקס־כאַראַקטער ווייזט זיך אַרויס אויף דעם ריינסטן אופן אין די פּאָליטישע, יורידישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. לעבאָן, צ. ב., האַלט שטאַרק פון דעם געדאַנק, אַז אין אַלע שבוים, וואָס די אינסטיטוציעס פון דעם פראַנצויזישן פאָלק האָבן דורכגעמאַכט, גייט דורך, ווי אַ רויטער פאָדעם, דערזעלביקער, נישט פאַרענדערלעכער שטריך פון דעם פראַנצויזישן פאָלקס־כאַראַקטער — די מלוכהשקייט, דאָס בענקען נאָך אַ צענטראַליזירטער מאַכט. וואָס איז דערפון געדרונגען? הייסט עס דען, אַז דער פאָלקס־כאַראַקטער איז דער איינציקער פאַקטאָר, וואָס באַשטימט צו יעדער צייט דעם גאַנצן אינהאַלט פון די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך אַזוי אומגעביטן? ס'פאַרשטייט זיך, אַז נישט. דערזעלבער שטריך — „דאָס וועלן רעגירט ווערן“ — טרעט אַרויס אין לעבן אין דער אינסטיטוציע פון אומבאַגרענעצטער מאָנאַרכיע אַזוי גוט, ווי אין דער אינסטיטוציע פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג אָדער אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. דערזעלביקער צענטראַליזם קאָן לעבן בשלום מיט דער פעאָדאַלער סיסטעם, מיט דער סיסטעם פון אַ בורזשואַזער ווירטשאַפט, ווי אויך מיט יענע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, וואָס וועלן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם איצטיקן בורזשואַזן לעבן. דעם פראַנצויזישן פאָלק קאָן אָבער נישט זיין אַלץ איינס, אין וועלכער פון די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס עס דריקט זיך אויס זיין בענקען נאָך אַ מלוכהשער מאַכט; פאַר אים מוז דאָך זיין אַ גרויסע נפקא מיניה, צי אַזאַ בענקעניש ווערט באַפרידיקט דורך אַ פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע, אָדער אַ ליבעראַלער

בורזשואַזיע, אָדער דורך אַ מלוכהשן לעבן, וואָס איז אויס-געבויט אויף דער דירעקטער רעגירונג פון דעם פאָלק און דינט די אַרבעטער-אינטערעסן פון די פאָלקס-מאַסן. דערפון איז אָבער געדרונגען, אַז אויב מיר זאָלן אפילו נאָכגעבן דעם נאַציאָנאַ-ליסט אין פונקטן, ווו די וויסנשאַפט איז נאָך גאָר נישט אויף זיין זייט, מוזן מיר, אַנאַליזירנדיק וועלכע עס איז געזעצלעכע אינסטיטוציעס, מאַכן אַ שטרענגן חילוק צווישן יענע עלעמענטן זייערע, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס דער פאָלקס-כאַראַקטער, און זייערע אַנדערע עלעמענטן, מיט וועלכע דאָס פאָלק באַ-פרידיקט די באַדערפענישן פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור. פירט מען אָבער דורך אַזאַ אַנאַליז, קומען מיר צו דעם רעזולטאַט, אַז דערזעלביקער שטריך פון דעם פאָלקס-כאַראַקטער קאָן זיך אַרויסווייזן אין די פאַרשיידנסטע געזעל-שאַפטלעכע אינסטיטוציעס; און צוריק, אַז דיזעלביקע אינסטי-טוציע קאָן ביי פאַרשיידענע פעלקער און צו פאַרשיידענע צייטן באַקומען אַ באַשטימטע נאַציאָנאַלע שאַטירונג, אין וועלכער עס ווייזט זיך אַרויס דער פאָלקס-כאַראַקטער.

דערפון איז אָבער ווידער אַמאָל געדרונגען, אַז מען קאָן נישט פאַרענטפערן דעם נאַציאָנאַלן פרינציפ מיט אַ וועלכן עס איז באַשטימטן א י נ ה אַ ל ט פון דער קולטור, מיט וועלכע עס איז באַשטימטע ענטפערס אויף די קולטורעלע שאלות בכלל, און די געזעלשאַפטלעכע שאלות בפרט. די פאַרענטפערונג פון דעם נאַציאָנאַלן פרינציפ קאָן געזוכט ווערן מער נישט, ווי אין די באַזונדערע נאַציאָנאַלע פאָרמען, כלים, באַשאַפונגס-כוחות, וואָס טראָגן אַריין אין די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אַזאַ אָדער אַן אַנדער שאַטירונג, וואָס מוז נישט גיין להיפך צו די אַלגעמיין-מענטשלעכע אידעאַלן פון אמת, יושר און חן.

## III

אחוץ „פאָלקס-נשמה“ און „פאָלקס-כאַראַקטער“ אַרבעט דער נאַציאָנאַליזם מיט נאָך אַ פרינציפ — מיט דעם „נאַציאָ-

באַלן געפיל". ער שטופט עס אַרויס אומעטום, ווו נאָר ער דאַרף פאַרענטפערן די אָדער יענע נאַציאָנאַלע פאָדערונג, דער־הויפט אָבער דעמאָלט, ווען ער טרעט אַרויס, ווי אַ מליץ יושר פאַר פאָליטישער זעלבשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט פון אַ וועלכן עס איז אונטערדריקטן פאָלק.

עס פאַרשטייט זיך, אַז קיין מענטש וועט קיינמאָל נישט קאָנען ברענגען אַ וועלכן עס איז קלוגן טעם, פאַרוואָס מען זאָל אָפּלייקענען דאָס רעכט פון יעדן פאָלק, אַפילו דעם קלענסטן, אויף פאָליטישע אומאָפּהענגיקייט. אומעטום, ווו די אונטערדריק־טע פעלקער, ווי אָרעם עס זאָל נישט זיין זייער ראָלע אין דער איצטיקער קולטור, קעמפן פאַר פרייהייט און אומאָפּהענ־גיקייט, וועלן אַלע ערלעכע, נישט־פאַראינטערעסירטע מענטשן סימפּאַטיזירן מיט זיי און שטיין אויף זייער זייט. „אַז מיר זעען", זאָגט בעבעל, „ווי פעלקער ווערן באַהערשט להיפך צו זייער ווילן, איז אונזער חוב צו שטעלן זיך אויף דעם צד פון יענע, וואָס ווייזן אַרויס זייער ווילן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם פרעמדן יאָך"*).

אָבער דאָ רעדן מיר נישט וועגן יענע סימפּאַטיעס און וועגן יענער הילף, וועלכע מיר באַווייזן די פעלקער, וואָס קעמפן שוין אָדער קלייבן זיך צו קעמפן אַנטקעגן די פרעמדע הער־שער. דאָ רעדן מיר וועגן דער פרינציפּיעלער פראַגע: זאָל מען אָדער זאָל מען נישט קעמפן דערפאַר, אַז יעדעס פאָלק זאָל קאָנען לעבן נאַציאָנאַל־פאָליטיש פריי און אומאָפּהענגיק? זאָלן אָדער זאָלן נישט די סאָציאַליסטן פון אַ וועלכן עס איז פאָלק, וואָס האָט נאָך נישט קיין פאָליטישע זעלבשטענדיקייט, אָדער וואָס האָט זי פאַרלאָרן, אַוועקשטעלן פאַר זייער אַרבעט דעם ציל אויסצוקעמפן פאָליטישע פרייהייט פאַר זייער פאָלק?

דער נאַציאָנאַליזם, דאָרטן ווו ער גייט מיט זיינע געדאַנ־קען ביז צום סוף, ענטפערט מיט „יאָ" אויף די אַלע פראַגן

---

*) Vorwaerts, Berlin, 1897 No. 54, די ביילאַגע פון 6-טן מערץ.

פאר אלע פעלקער אונטער אלע אומשטענדן, אָנווייזנדיק דערביי אויף דעם נאציאָנאלן געפיל, דעם ערשטן באוועגער פון יעדער נאציאָנאלער באוועגונג, וואָס קאָן בלומרשט ערשט דעמאָלט לגמרי באפרידיקט ווערן, ווען דאָס פאָלק וועט זיך דערשלאָגן צו א פולער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון פרעמדע.

אונז דוכט, אז אזעלכע קאטעגאָרישע ענטפערס, ווי „יאָ" און „ניין", קאָנען אויף די אויבן-געשטעלטע שאלות נישט געגעבן ווערן; אז אויך דאָ, ווי אומעטום, הענגט אסך אָפּ פון די צייטיקע און די אָרטיקע אומשטענדן; אז דאָס נאציאָנאלע געפיל איז נישט מחויב אומעטום צו פאָדערן פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, און אז אָט דאָס „נאציאָנאלע געפיל" גופא באקומט א גאַנץ אנדערן פירוש, עס ווענדט זיך אָן דעם, ווער עס ווייזט אויף אים אָן: דער נאציאָנאליסט-שאָוויניסט, וואָס לייקנט דעם אלגעמיין-מענטשלעכן אינהאלט פון דער קולטור, אָדער דער אָנהענגער פון צווישן-פעלקערלעכן פּרינציפּ, וואָס גלויבט, אז דער הויפּט-אונטערשייד צווישן נאציעס ליגט אין זייערע נאציאָנאלע באשאפונגס-כוחות, מיט וועלכע זיי דארפן אויסארבעטן דיזעלביקע אלגעמיין-מענטשלעכע קולטור, אָבער נישט אין מיינונגען, געדאנקען, רעליגיעס א. ז. וו. מיר מוזן דעריבער זיך ערשט לענגער אָפּשטעלן אויף דער פראגע וועגן נאציאָנאלן געפיל.

א טייל געלערנטע ווילן האָבן, אז דאָס נאציאָנאלע געפיל באשטייט פון א גאַנץ באשטימטן אינהאלט, ווי, צ. ב., דאָס געפיל פון שייבקייט, און אז ער איז פון דער אנדער זייט א ניי געפיל, א היסטאָרישער פּראָדוקט פון דעם איצטיקן לעבן פון די פעלקער. „די אנטוויקלונג פון דעם נאציאָנאלן געפיל", שרייבט, צ. ב., די-בוא-ריימאָן, „איז א נייע דערשיינונג אין דעם גייסטיקן לעבן פון די איצטיקע פעלקער, ווי, צ. ב., די אנטוויקלונג פון דעם געפיל פון ליבע צו דער נאטור"*).

*) Du-Bois-Raymond, Ueber das Nationalgefuel, S. 21.

לאָמיר זען, ווי איז דאָס אין דעראמתן?

מאַראַן געפילן, וואָס קומען אויף אוממיטלבאַר אין אונזער אָרגאַניזם; זיי דאַרפן נישט האָבן קיין איין פאָרשטעלונג, וואָס זאָל זיי אַרויסרופן אין לעבן, ווי, צ. ב., הונגער, דאָרשט, מוסקול-געפיל א. ז. וו., אָבער אחוץ די אוממיטלבאַרע „אינע-וויניקסטע" געפילן, זענען אַלע אַנדערע געפילן בלי שום תנאי פאַרבונדן מיט וועלכע עס איז דרויסנדיקע שפּירונגען אָדער פאָרשטעלונגען, וואָס די דרויסנדיקע סביבה רופט אין אונז אַרויס. עס נאַציאָנאַל-געפיל געהער צו דעם לעצטן קלאַס: מען קאָן אים נישט אָפּרייסן פון דער פאָרשטעלונג וועגן יענער נאַציע, צו וועלכער מען רעכנט זיך צו. עס איז פעסט צונויפגעבונדן מיט דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזיין. אָבער אַ נאַציאָנאַל זעלבסטבאַוווּסטזיין איז גאַנץ געוויס נישט קיין פּראָדוקט פון דער נייער צייט. אין די ערשטע פּעריאָדן פון דעם היסטאָרישן לעבן, ווי נאָר אויף דער ערד האָבן זיך באַוויזן נאַציעס, פעלקער, שבטים, אַזוי האָט זיך אויפן שטעל באַוויזן מיט זיי אַ נאַציאָנאַל אָדער אַ שבטימש זעלבסט-באַוווּסטזיין. אפילו דער ווילדסטער שבט, וואָס שטייט אויף דעם נידעריקסטן שטאַפּל פון דער קולטור, האָט אויך זיין נאָמען, וועלכער איז באַקאַנט יעדן יחיד, וואָס געהער צו אים, ד. ה., יעדער איינער ווייסט און פאַרשטייט, אַז ער געהער צו אַ באַשטימטער פאָלקס-גרופּע. ער האָט זיינע שבטימשע סימנים, ווי, צ. ב., באַשטימטע נאַציאָנאַלע קליידער, אַ באַשטימטן אַרט צו קעמען די האָר, באַשטימטע אויסקריצונגען אויף זיין לייב. אַט די אַלע סימנים היט ער אָפּ און האַלט זיי טייער מיט אַ נאַציאָנאַלן אָדער שבטימשן באַוווּסטזיין, ד. ה., מיט אַ באַוווּסט-זיין פון דעם, אַז דורך די סימנים שיידט זיך אָפּ זיין שבט פון אַלע אַנדערע שבטים. אין דעם שבט הערשט אויך נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, וואָס טרעט אַרויס לכל הפחות דעמאָלט, ווען ער גייט אַרויס אין קאַמף אַנטקעגן אַן אַנדער שבט. עס איז אי-בעריק צו זאָגן, אַז ער האָט אויך נאַציאָנאַלן שטאָלץ, נאַציאָ-נאַלע אויפגעבלאָזנקייט און נאַציאָנאַלע באַרימעריי, — אַלץ

אַזעלכע מינים פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווסטזיין, וואָס טרעטן ביי די ווילדע און באַרבאַרישע פעלקער נאָך שטאַרקער אַרויס, איידער ביי די ציוויליזירטע נאַציעס. נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַ-וווסטזיין האָבן בלי שום ספק אויך יענע קליינינקע פעלקער, וואָס שטאַרבן ביסלעכווייז אויס, צעזייט און צעשפּרייט צווישן איצטיקע קולטור-נאַציעס, און וואָס שטייען אין דעם פּרט פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ אַסך ווייטער הינטער די פרייע, זעלבשטענ-דיקע ווילדע פעלקער. זייער נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווסטזיין זעט מען לכל הפחות אין דעם אינטערעס, וועלכן זיי ווייזן אַרויס, ווען מען רעדט צו זיי וועגן דעם גורל פון יענע גרופּן, וואָס שטייען אין נאָנטער קרובהשאַפט צו זיי און וואָס לעבן אין אַנדערע געגנטן און ראַיאָנען.

דערפון איז געדרונגען, אַז דעם נאַציאָנאַלן געפיל קאָן מען בשום אופן נישט רעכענען פאַר אַ פּראָדוקט פון דעם לעצטן יאָרהונדערט. און אַחוץ דעם איז עס נישט קיין באַזונדער גע-פיל, וואָס זאָל האָבן אַ ספּעציפישן פּסיכאָלאָגישן אינהאַלט. מיר דאַכט, אַז מען קאָן גאָר נישט רעדן וועגן איין-איינציקן נאַ-ציאָנאַלן געפיל, ווייל אַזאַ איינציק געפיל איז נישטאָ במציאות. דאָס, וואָס מיר רופן נאַציאָנאַל-געפיל, איז בעצם אַ גאַנצע שורה פון אַלגעמיין-מענטשלעכע געפילן, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך דער פאָרשטעלונג פון דעם אייגענעם פאָלק אָדער דורך די פאָר-שטעלונגען פון פרעמדע פעלקער. ליבע און האַס, התלהבות און ביטול, רחמנות און אכזריות, בזיון און „קופּערנער שטערן", — אָט די אַלע אַלגעמיין-מענטשלעכע געפילן קאָנען זיין דער אינהאַלט פון אַ נאַציאָנאַלן געפיל, אויב זיי זענען פאַרבונדן מיט דער פאָרשטעלונג וועגן אַ וועלכער עס איז נאַציע.

דעם נאַציאָנאַלן געפיל, וואָס האָט דיקטירט דעם באַרימטן אויסגעשריי "Finis Poloniae!" — („אַ סוף צו פּוילן!") אָדער דעם געפיל, מיט וועלכן ב ר אַ נ ד ע ס ציטירט די ווערטער: „דענעמאַרק פאַרשווינדט!" קאָן מען נישט צונויפמישן אינ-איינעם מיט יענעם געפיל, וואָס די דייטשישע הורע-פּאַטריאָטן האָבן, ווען זיי זינגען: „הייל דיר אים זיעגעס-קראַנץ!" און

אפילו ביי דעמזעלביקן פסיכישן אינהאַלט פון אַ נאַציאָנאַלן געפיל דאַרף מען אויך תמיד קלאָר פאַנאַנדערשיידן, וועלכע דערשיינונג פון דעם פאָלקס לעבן האָט עס אַרויסגערופן. דאָס התלהבותדיקע כורעים-פאַלן, וואָס ווערט אַרויסגערופן, צ. ב., דורך נצחונות אויף דעם מלחמה-פעלד, קאָן מען נישט צונויפ-וואַרפן אין איין טאָפּ מיט דעם געפיל פון התלהבותדיקן כורעים-פאַלן, וואָס וואַקסט אָן אין האַרצן דעמאָלט, ווען מיר טראַכטן וועגן די גרויסע דענקער פון דעם פאָלק, וועגן די העלדן פון זיין ציוויליזאַציע און וועגן די גבורות, וועלכע עס האָט אַרויס-געוויזן אויף דעם וועג פון פראָגרעס. דער דייטש-נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס קלינגט אין די באַרימטע ווערטער פון ענגעלס: „מיר האַלטן זיך גרויס מיט דעם, וואָס מיר שטאַמען אָפּ נישט נאָר פון אָוועןן און סען-סימאָן, נאָר אויך פון קאַנט און העגעל", — אָט דער דייטש-נאַציאָנאַלער שטאָלץ איז לגמרי פאַרשיידן פון יענעם דייטש-נאַציאָנאַלן שטאָלץ, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן אין די אויך זייער באַקאַנטע ווערטער פון ביסמאַרקן: „מיר, דייטשן, האָבן מורא פאַר גאָט און מער פאַר קיינעם נישט אין דער וועלט".

דיזעלביקע דערשיינונג פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן קאָן אַרויסרופן ביי איינע אַ געשריי פון פרייד, ביי די אַנדערע — די רויטע בושה-פאַרב אויף די באַקן. ממילא איז דאָס נאַציאָ-נאַלע געפיל פאַרשיידן, עס ווענדט זיך אָן דעם, וואָס פאַר אַ פסיכישן אינהאַלט עס האָט, וועלכע דערשיינונגען פון דעם פאָלקס לעבן עס האָבן אַרויסגערופן יענעם פסיכישן אינהאַלט און ביי וועלכע פּערזאָנען און גרופּן עס האָט זיך אַנטוויקלט.

ביי דעם אָפּשאַצן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל טאָר מען נישט אַרויסלאָזן פון זינען נאָך אַ וויכטיקן פונקט: נאַציאָנאַ-ליטעט איז נישט דער איינציקער פּרינציפּ, וואָס פאַרבינדט מענטשן אין באַזונדערע גרופּן. אַ מענטש געהערט נישט נאָר צו אַ וואָסער עס איז נאַציע, נאָר אויך צו אַ וואָסער עס איז קלאַס, משפּחה, שטאַנד, רעליגיע, פּאַרטיי א. ז. וו. אַ מענטש איז אַ גרופּן-בריאה, און דאָס, וואָס ער געהער צו אַ וואָסער

עס איז גרופּע, רופט אין איהם אַרויס געפיהלען, וואָס זענען כמעט איבּגעבּען גלייך צו דעם נאַציאָנאַלען געפיהל. אחוץ דעם נאַציאָנאַלען געפיהל קאָנען מיר אין דעם לעבען פון דעם מענטשען בּאַמערקען אַ פּאַרטיי-געפיהל, אַ קלאַסען-געפיהל, אַ סעקטען-געפיהל, אַ געפיהל פון אַ וועלכען עס איז שטאַנד. ווייל אַט די אַלע גרופּען רופען אַרויס בּיי זייערע מיטגלידער דיזעלבּיקע דערשיינונג, וואָס זיינען געפינען, בּעת מיר בּעטראַכטען דעם נאַציאָנאַלען געפיהל. פּאַרטיי-האַס, פּראָפעסיאָנעלע קנאה, שטאַנדעס-ערע (גבירישער אָדער בּאַלעבּאַטישער כבוד), לאָקאַל-פּאַטריאָטיזם, „יעהופּעצער" גייסט און אַפילו מענער-שטאָלץ און פרויען-בּאַוואוסטזיין קאָנען פּרינציפּיעל נישט זיין פאַרשיידען פון נאַציאָנאַלען האַס, שטאָלץ, ערע, נאַציאָנאַלען גייסט און זעלבּסטבּאַוואוסטזיין*).

אומעטום, וואו מען געפינט געזעלשאַפטליכע גרופּען, וואָס קעמפען איינע מיט די אַנדערע, קאָנען מיר בּיי זיי אויפדעקען

*) „פּיליפּס דערציילט וועגען זיין ערשטער בּאַקאַנטשאַפט מיט די איטאַליענער פון בּאָטאַני בּעי, אַז די מענער טראַכטען דאָרט מער נישט, ווי וועגען דעם, ווי אזוי זיי זאָלען וואָס עפטער בּאַגיין זיך מיט זייערע ווייבּער. אין דעם פּרט העלפען זיי איינער דעם אַנדערן; אָבּער אויך די ווייבּער לאָזען נישט דורך קיין געלעגענהייט נקמה צו זיין זיך אָן די מענער. דיזעלבּיקע זאַך געפינען מיר אומעטום בּיי אַלע נעגער-פעלקער, וואו די מאַנסבּילען בּילדען געהיימע פאַרבּאַנדען און שרעקען אויס פאַרשיידענע מיטלען, ווי אזוי צו האַלטען זייערע ווייבּער, אויף וועלכע זיי קוקען ווי אויף דינסטען, אין פולער אונטערטעניקייט; אָבּער אויך די ווייבּער בּילדען אַקוראַט אַזעלכע געהיימע געזעלשאַפטען". (Adolf Bastian, Der Mensch in der Geschichte, Bd. III., S. 292) „בּיי די קאַראַאיבּען רעדען מאַנסבּילען און ווייבּער אויף צוויי פאַרשיידענע שפּראַכען". (דאָרטען גופא, בּאַנד 1, ז. 283). „איין צד האָט נישט דאָס רעכט צו בּאַנוצען די ווערטער פון דעם אַנדערן צד". (דאָרטען גופא, ז. 387). מען דאַרף אויך בּאַמערקען, אַז בּיי די אַבּיפּאָנער „שיידען זיך אָפּ די אדליים פון דעם פאָלק אויך נאָך זייער לשון נאָך. דורך אריינשטעלען און צושטעלען אַנדערע אותיות, פאַרהייקערן זיי דיזעלבּיקע ווערטער פון דער פאָלקס-שפּראַך אויף אַזאַ אופן, אַז זי ווערט אויס כמעט ווי אַן אַנדער לשון". (דאָרטען גופא, ז. 387-388)

דיזעלביקע פסיכישע דערשיינונגען, וועלכע מען האָט על פּי טעות גערעכנט פאַר דערשיינונגען פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל. אָט די פסיכישע דערשיינונגען שטאַמען ביי דעם יחיד פון זיין באַוווסטזיין, אַז ער געהער צו אַ וואָסער עס איז געזעלשאַפט־לעכע גרופּע, וועמעס אינטערעסן ער רעכנט פאַר זיינע אייגענע. אין די גרענעצן פון דעמזעלביקן שטאַנד, צ. ב., דעם אַדל־שטאַנד, קאָן זיך אַרויסרייסן אַ שנאה־קנאה צווישן איינצלנע משפחות און פאַמיליעס, אָבער אָט די משפחות און פאַמיליעס, וואָס ראַנגלען זיך איינע מיט די אַנדערע, וועלן פאָרט פילן זייער שותפותן באַלאַנגען צו דעמזעלביקן שטאַנד און וועלן האַלטן זיך פאַר פרעמד בנוגע צו אַלע אַנדערע שטאַנדן. אין די גרענעצן פון דערזעלביקער נאַציע ברענגט זיך פאַנאַנדער אַ קלאַסן־קאַמף, אָבער אויך די קעמפנדיקע קלאַסן קאָנען פילן, אַז זיי געהערן צו דערזעלביקער, צו זייער אייגענער נאַציע און אַוועקשטעלן זיך להיפּך צו אַלע אַנדערע פרעמדע נאַציעס*). דערפאַר איז אויך מעגלעך דער אומגעקערטער פאַל, און נישט נאָר מעגלעך, נאָר מיר געפינען אים אין דער ווירק־לעכקייט, — ווען אין די גרענעצן פון דעמזעלביקן קלאַס לאָזן זיך פילן נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן, וואָס ווערן אונטערדריקט [illegible] ־עם נאָמען פון קלאַסן־איינהייט דאָרטן, ווו דאָס קלאַסן־באַוווסטזיין, דאָס באַוווסטזיין פון דעם בשותפותן באַלאַנגען צו אַ באַשטימטן קלאַס נעמט די אויבערהאַנט איבער דעם נאַציאָ־נאַלן באַוווסטזיין, דעם באַוווסטזיין פון דעם בשותפותן באַלאַנ־גען צו אַ באַשטימטער נאַציע. אין דעם פאַל ווערט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל אָפּגערוקט אויף דעם צווייטן פּלאַן און טרעט אָפּ זיין ערשטן אָרט דעם געפיל פון קלאַסן־סאָלידאַריטעט.

מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז פאַרשיידענע אַרטן פון גרופּן־באַוווסטזיין און פון גרופּן־געפילן, וואָס זענען מיט אים פאַרבונדן, האָבן אין פאַרשיידענע צייטן נישט די גלייכע

*) דעם באַווייז דערצו האָט געגעבן דער אויפפיר פון די אַרבעטער־קלאַסן בעת דעם וועלט־קריג. [1930]

היסטאָרישע קראַפט. אין דער צייט פון דעם מיטלאַלטער, צ. ב., איז דאָס נאַציאָנאַלע געפיל געווען לגמרי אונטערגעוואָרפן דעם רעליגיעזן און דעם פּאַרטיי-געפיל; גאָר נישט לאַנג איז עס געווען כמעט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן ביי די אַרבעטער-קלאַסן פון מערב-איירופּע, ווייל ביי זיי האָט זיך פון טאָג צו טאָג געשטאַרקט דאָס געפיל פון צוגעהעריקייט צו דעם קלאַס פון לוין-אַרבעטער; און אין אונזערע צייטן האָט עס גענומען זיך ווידער פאַנאַנדערוואַקסן אין די הערצער פון דעם איצטיקן ציוויליזירטן פּראָלעטאַריאַט.

אין דערינען ליגט דער גרונט, פאַרוואָס עס איז אַזוי שווער צו באַווייזן דעם יושר פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל, פאַרוואָס עס איז נישט גענוג פשוט אָנצווייזן אויף דעם הוילן פאַקט, אַז עס איז דאָ אַזאַ געפיל, כדי צו פאַרענטפערן מיט דעם גופא דעם נאַציאָנאַליזם, ווי אַ באַשטימטן פּרינציפּ פון געזעלשאַפט-לעכער אַרבעט. שטעלט מען זיך אויף דעם ריין-אָביעקטיוון שטאַנדפּונקט, קאָן מען באמת נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס זאָלן מיר אָפּגעבן מער כבוד דעם נאַציאָנאַלן געפיל, איידער דעם קלאַסן-געפיל, דעם רעליגיעזן געפיל און דעם פּאַרטיי-געפיל. און די, וואָס געפינען זיך אונטער דער פאַרשפּוּרטער ווירקונג פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל, קענען אוודאי נישט זיין קיין שופטים אין דער דין-תורה, ווייל זיי זענען דאָך לכל הפחות נישט ווייניקער פּאַרטייאיש, איידער די, אין וועמעס הארצן עס ברענט דאָס געפיל פון קלאַסן-סאָלידאַריטעט, סעקטעס-איבערגעגעבנקייט, אָדער פּאַרטיי-פאַנאַטיזם.

אמת, דאָס באַלאַנגען צו אַ וואָסער עס איז פאָלק, דער נאַציאָנאַלער אָפּשטאַם איז אַ פריערער און אַ נאַטירלעכערער פאַקט, איידער די צוגעהעריקייט צו אַ פּאַרטיי, צו אַ סעקטע אָדער צו אַ קלאַס. די געמיינשאַפטלעכע נאַציאָנאַלע סימנים, וואָס די יחידים, די איינצלנע, האָבן בשותפות, — סיי די גייסטיקע, סיי די קערפּערלעכע, — טרעטן אַרויס אין דער צייט פריער, איידער געמיינשאַפטלעכע געדאַנקען און אינטערעסן. כדי אָבער געזעלשאַפטלעך צו גרופּירן זיך, איז וויכטיקער פאַר

אַלץ צו האָבן גלייכע אינטערעסן. ערשט דעמאָלט קאָן מען קעמפן פאַר די אינטערעסן פון דער גרופע. אָבער וועלכע גלייכע אינטערעסן קאָן מען געפינען אין דעם פאַקט, וואָס פיל מענטשן האָבן גלייכע לאַנגע נעז אָדער גלייכע מאַנדלפאָרמיקע אויגן? די פאָדערונג, אַז אַזעלכע מענטשן זאָלן געהערן צו דערזעלביקער גרופע וואָלט געוועז ניט ווייניקער נאַריש, ווי די פאָדערונג, אַז אַלע ברונעטן פון דער גאַנצער וועלט זאָלן גרינדן אַן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרטיי.

שטעלט מען זיך אויף אַזאַ שטאַנדפונקט, איז ניט שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער פראָגרעסיווער געדאַנק פלעגט קוקן אויף דעם נאַציאָנאַל-געפיל, ווי אויף עפעס אַזוינס, וואָס איז אין בעסטן פאַל אַ מהיכא-תיתא-זאַך, אַ זאַך, וואָס דאַרף אונז לאָזן אינגאַנצן קאַלט. ג ע ר צ ע ן, צ. ב., האָט געשריבן וועגן די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון זיין צייט בזה הלשון: „בנוגע די נאַציאָנאַלע קראַנקהייטן פון דער לעצטער צייט האָבן מיר זיך שטענדיק געהאַלטן אינדיפערענט, נאָר מיר טרעטן ניט אַרויס פיינטלעך אַנטקעגן זיי. זיי ליגן מסתמא אויף דער פי־זיאָלאָגישער ליניע פון דער אַנטוויקלונג. אָבער מיר קאָנען ניט פאַרגעסן, אַז זיי האָבן אָוועקגעשטופט אָן אַ זייט די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַלע באַוועגונגען און האָבן אַזוי שטאַרק פאַרטונקלט די מוחות פון די פעלקער און די פערזאָנען, אַז אין זייער נאָמען האָבן גאַריבאַלדי און ביסמאַרק גע־קאָנט זיך געפינען אין איין לאַגער... אנטקעגן די נאציאָנאלע באוועגונגען דאַרף מען ניט קעמפן, נאָר באגייסטערן זיך פאר זיי איז אויך נישטאָ וואָס. אין זיי ווייזט זיך ארויס די נידעריק־סטע שטופע פון דעם מענטשנס שטרעבונג צו געזעלשאפטלעכ־קייט, צו פארבינדן זיך מיט די „אייגענע” אנטקעגן די „פרעמדע”... יענע עלעמענטארע שטרעבונג — גרופירן זיך לויט זאָאָלאָגישע סימנים—איז די אנטוויקלונגס-פאזע פון דער קינדהייט, און קעמפן אנטקעגן דער פאזע וואָלט געווען אלץ איינס, ווי קעמפן אנט־קעגן דעם, וואָס עס שניידן זיך מילך-ציינער”*).

*) Искандеръ, Колоколъ, № 243.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

כדי דער מאָמענט פון נאציאָנאַלן געפיל זאָל קאָנען אויפהערן צו זיין פאר דעם פראָגרעסיוון געדאנק א מין מהיכא-תיתא-זאך און זאָל ווערן א מאָטיוו פון באוווסטע האנדלונגען, דארף מען האָבן גאנץ אנדערע טעמים, איידער די, וואָס שטאַמען פון אנאטאָמיע און פיזיאָלאָגיע. אָבער דער נאציאָנאַליזם האָט שטענדיק אויפגעוויזן אויף אינסטינקטן דאָרטן, ווו מען האָט פארלאנגט שכלדיקע ראיות, אויף אינסטינקטן, וואָס קאָנען בלי ספק פארטויבט ווערן דורך דער שטים פון העכערע געפילן.

# פינפטעס קאַפּיטל

## סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם

### I

דאָס נאַציאָנאַלע געפיל קאָן נישט פאַרענטפערן יענעם נאַציאָנאַליסטישן פרינציפּ, וואָס לייקנט אינגאַנצן אָפּ דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן אמת, אַלגעמיין-מענטשלעכן יושר און אַלגעמיין-מענטשלעכע שיינקייט. לאָמיר זען, וואָס ווערט פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל, ווען מיר שטעלן אַוועק, אָנשטאָט דעם נאַציאָנאַליסטישן פרינציפּ, דעם פרינציפּ פון צווישנפעלקערלעכער ברידערלעכקייט אין יענעם פשט פון דעם וואָרט, וועלכן מיר האָבן אָנגענומען אין דעם אָנהייב פון אונזער אַרבעט, ד. ה., ווי אַ גרונט-פרינציפּ פון דעם צווישנפעלקערלעכן לעבן, וואָס גייט להיפּך סיי צו דעם שאָוויניזם, סיי צו דעם קאָסמאָפּאָליטיזם.

פיל סאָציאַליסטן, וואָס האַלטן זיך ביי דעם קאָסמאָפּאָליטישן פּירוש אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן פרינציפּ, מיינען, אַז די מאַטעריאַליסטישע אויסטייטשונג פון דער געשיכטע, וואָס זעט אין דער „פּראָדוקציע און רעפּראָדוקציע פון דעם אוממיטלבאַרן לעבן” דעם הויפּט-גורם פון אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, פאָדערט אויך, מען זאָל גלויבן אין אַ מאַטעריאַליס-

טישן לעבנס-בליק לויט וועלכן דער הויפּט-ציל פון די אינדי-ווידועלע שטרעבונגען פון יעדן מיטעלערן מענטשן ליגט אויך אין דערזעלביקער „פּראָדוקציע און רעפּראָדוקציע פון דעם אוכמיטל-באַרן לעבן”. די געדאַנקען, די געפילן און די מעשים פון די מענטשן, אַזוי לערנען זיי, ווערן נישט נאָר, סוף-כל-סוף, באַדינגט דורך דעם עקאָנאָמישן בוי פון דער געזעלשאַפט, נאָר האָבן דערעיקר אין זינען די באַפרידיקונג פון די מאַטעריעלע אינטע-רעסן. „אידעאָלאָגישע” באַדערפעניש זענען מהיכא-תיתא-זאַכן, וואָס זענען בשום אופן נישט וויכטיק און וואָס שפּילן קיין שום ראָלע נישט אין די מאָטיוון פון די מענטשלעכע טואונגען. דאָס קערנדל אמת, וואָס ליגט אין אַזאַ בליק, באַשטייט, נאָך מיין מיינונג נאָך, מער נישט ווי אין דעם, וואָס די באַפרידי-קונג פון די מאַטעריעלע באַדערפעניש איז באמת דער פעסטער פונדאַמענט, אויף וועלכן עס קאָנען זיך אַרויסווייזן און פאַ-באַנדערוויקלען די העכערע שטרעבונגען פון דעם מענטשנס באַטור. „אויף יענער זייט פון דער ממשלה פון דער נויטווענ-דיקייט”, זאָגט מאַרקס, „הויבט זיך אָן די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קראַפט, וואָס האָט איר ציל אין זיך גופא, די אמתע ממשלה פון פרייהייט, וואָס קאָן נישט אַנדערש אויפבליען, סיידן אויף דער ממשלה פון דער נויטווענדיקייט, ווי אויף איר באַזיס”*).

נאָך דעמאָלט, ווען די מאַטעריעלע באַדערפעניש ווערן ווי עס איז באַפרידיקט, — אָבער דעמאָלט שוין בלי שום תנאי, — באַווייזט זיך אויך ביי דעם מאַסן-מענטשן אַ שטרע-בונג צו העכערע תענוגים, עס וואַקסט אָן אַ אינטעלעקטועלער און עסטעטישער הונגער, וואָס וויל געשטילט ווערן. אָבער אויב עס איז אַזוי, מוז די מאַטעריאַליסטישע לעבנסאָנשויאונג, וואָס זעט אין דער עקאָנאָמישער פאַרוואָרנטקייט און אין דעם קינדלען די העכסטע גיטער פון דעם לעבן, אָפּטרעטן איר אָרט דעם אידעאַליסטישן בליק אויפן לעבן, וועלכער שעצט אַסך

*) K. Marx, Das Kapital, Bd. III,[2] S. 355.

העכער די ממשלה פון פרײַהײַט, אײדער די ממשלה פון נויט-ווענדיקייט*).

*אָבער די ממשלה פון פרײַהײַט איז די ממשלה פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן.*

שוין דער דײַטשישער געלערנטער *רידיגער* האָט באַמערקט די משונהדיקע דערשײַנונג, אַז די אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַלע היפּוכים און סתירות איז געגאַנגען אין דעם בײַנצנטן יאָרהונדערט האַנט בײַ האַנט מיט דער פאַרשפּרייטונג פון בילדונג און ציוויליזאַציע, מיט דער פאַרשטאַרקונג פון צווישנפעלקערלעכע שײַכותן און מיט דעם נענטער-ווערן פון די פעלקער אײנס צו דעם אַנדערן אין זײער קולטור. וואָס מער די פעלקער זענען געוואָרן נענטער אײנע צו די אַנדערע דורך זײערע מידות און מנהגים, געדאַנקען און אינסטיטוציעס; וואָס מער זײ האָבן גענומען העלפן דער מענטשהײַט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אַלגעמײן-מענטשלעכער קולטור — אַלץ אָפטער האָבן זיך גענומען אַרויסווײַזן די נאַציאָנאַלע סתירות צווישן פאַרשײדענע פעלקער, און אַלץ שאַרפער האָט גענומען אַרויסטרעטן דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוווּסטזײַן.

---

*) בײַ אויסצומײַדן א פּאָלעמיק מיט דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם אין פילאָזאָפיע און געשיכטס-פילאָזאָפיע, וואָס קאָן נישט האָבן קײן פּלאַץ אין אונדזער הײַנטיקער אַרבעט, ווילן מיר באַמערקן, אַז דער אידעאַליסטישער קוק אויפן לעבן קאָן גאַנץ גוט גײן האַנט בײַ האַנט מיט דעם פילאָזאָפישן און היסטאָריש-פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם. דאָס זעט זיך קלאָר אַרויס פון דער אויבן-אַנגעפירטער ציטאַט פון קאַרל מאַרקס. א פּרוּוו צו פאַרבינדן דעם אידעאַליזם פון לעבנסאָנשויאונג מיט דעם מאַטעריאַליזם פון דער וועלטאָנשויאונג איז דעם ערשטן מאָל געמאַכט געוואָרן פון דר. *פּעטערס* אין זײַן בוך „דער גלויבן אין דער מענטשהײַט“. (Dr. Peters, Der Glaube an die Menschheit, 1896, Stuttgart, Dietz.) אויך די שפּעטערע אַרבעטן פון קריטשקי זוכן אויסצובויען א „רעוואָלוציאָנערן“ אָדער „עטישן“ אידעאַליזם אויפן גרונט פון דעם פילאָזאָפישן און געשיכטס-פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם.

אָט די מערקווירדיקע דערשיינונג קאָן מען, נאָך מיין מיינונג נאָך, דערקלערן מער נישט ווי דורך דעם, וואָס ביי די נאָרוואָס צום קולטורעלן לעבן אויפגעוועקטע נאַציעס האָט זיך דער שווערפונקט פון דעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק גענומען אַריבערטראָגן פון די „נויטיקע" פעלדער פון דער קולטור אויף אירע „פרייע" פעלדער. קליידער, שפייז, וווינונג, טעכנישע אופנים און פאַרשיידענע מלאכות, געצייג און מאַשינען,— אָט די אַלע זאַכן, וואָס געהערן צו דעם מאַטעריעלן טייל פון דער קולטור, ווערן געמאַכט אונטער דעם אַלערהעכסטן באַפעל פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער נויטווענדיקייט. די צילן, וואָס מוזן באַפרידיקט ווערן דורך זיי, ווערן פון איין זייט דיקטירט דורך דער נאַטירלעכער סביבה, אין וועלכער דאָס פאָלק לעבט, פון דער אַנדער זייט — דורך יענעם טייל פון דער פסיכאָ-פיזישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז די אייגענע ביי אַלע מענטשן. די מיטלען, וואָס טויגן בעסער פאַר אַלץ פאַר דער באַפרידיקונג פון אַזעלכע באַדערפענישן, קאָנען נאָר על פי מקרה באַקומען אַ נאַציאָנאַלן שטעמפּל. וואָס מער די פעלקער קומען נעענטער איינס צו די אַנדערע, אַלץ מער מוזן גובר זיין אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ אַזוינע מיטלען, וואָס זענען בעסער צוגעפּאַסט צו דעם ציל, ד. ה., וואָס באַפרידיקן בעסער ביי די געגעבענע קולטורעלע און סאָציאַלע באַדינגונגען די באַדערפענישן, וואָס ליגן אויף דעם גרונט פון די „נויטווענדיקע" קולטור-צווייגן.

אַ גאַנץ אַנדער מעשה איז מיט יענע צווייגן פון דער קולטור, וועלכע מיר האָבן אָנגערופן די „פרייע". קונסט, ליטעראַטור, פּאָעזיע, רעליגיע, פילאָזאָפיע, — מיט איין וואָרט, אַלע יענע פּראָבלעמען, וואָס קאָנען נישט פאַרענטפערט ווערן דורך געדאַנקען וועגן אַ בעסערן קאָמפאָרט, און וועמעס ענטפערס עס ציען-צו צו זיך דעם גאַנצן מענטשן, זיינע בעסערע געדאַנקען און געפילן, — אָט די צווייגן פון דער קולטור מוזן אָננעמען אַ וואָסער עס איז נאַציאָנאַלע פאַרב, ווייל ביי זייער באַשאַפן ווירקן נישט נאָר די אַלגעמיין-מענטשלעכע און אינדי-

ווידועלע באַשאַפונגס-כחות און כלים, נאָר אויך די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען. דאָס, וואָס עס ציט צו צו זיך אינגאַנצן די נשמה פון דעם יחיד, מוז אויך אין דערזעלביקער צייט אַרויסרופן די אַרבעט פון דער פאָלקס-נשמה, וואָס עס איז אַריין אין דעם יחיד אויף דעם וועג פון פסיכאָ-פיזישער ירושה. נאָר דאָרטן, ווו דאָס פאָלק גיט זיך אַוועק מיט לייב און לעבן צו אַ וועלכן עס איז צווייג פון דער קולטור, קאָן בולט און שאַרף אַרויסטרעטן זיין נאַציאָנאַלער זשעני, דער באַזונדערער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון זיינע נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-כוחות. און נאָר אין די „פרייע” פעלדער פון דער קולטור ווערט דאָס פאָלק נאַציאָנאַל אין יענעם העכערן פשט פון דעם וואָרט, וואָס מיינט נישט נאָר, אַז דאָס פאָלק שיידט זיך אָפּ אין וואָס עס איז פון אַנדערע פעלקער, נאָר ווייזט אָן, אַז עס זענען דאָ ביי דעם פאָלק באַזונדערע נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען, איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, אַדאַנק דעם לאַנגן בשותפותדיקן לעבן פון די פאָלקס-קינדער אין דערזעלביקער קולטורעלער אַטמאָספער.

*אָט די באַשאַפונגס-פאָרמען פון אַ וואָסער עס איז נאַציע ברענגען אַרויס אַזעלכע קולטורעלע גיטער, וואָס קאָנען נישט באַשאַפן ווערן פון קיין אַנדער פאָלק אין דער וועלט.* פיל פראָדוקטן פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור, ווי, צ. ב., פאָעזיע און ליטעראַטור בכלל, זענען דאָ אויף דער וועלט נישט אַנדערש, סיידן אין אַ וואָסער עס איז נאַציאָנאַלער פאָרם, און מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, זיי זאָלן זיין אָן אַ וואָסער עס איז נאַציאָנאַלער פאָרם. העכסטנס, וואָס מען קאָן זיך פאָרשטעלן, איז, אַז זיי זאָלן איבערגעגאָסן ווערן פון איין נאַציאָנאַלער פאָרם אין אַן אַנדערע. אָבער אויך דעמאָלט איז זייער שווער צו מאַכן פאַרלירן אין זיי די שפורן פון איר פריערדיקער נאַציאָנאַלער פאָרם. די נאַציע איז אַ וואַרשטאַט, ווו די מעגלעכע פראָדוקטן פון

דער אַלגעמיין-מענטשלעכער העכערער קולטור באַקומען זייער קאָנקרעטע ווירקלעכע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ; אָדער ריכטיקער: די נאַציע, דאָס איז אַן אָרגאַניזם, וואָס האָט אין זיך באַשטימטע נאַציאָנאַלע כּוחות, פון וועלכע עס שפּראָצן אַרויס די העכערע פּראָדוקטן פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור, וואָס זענען אײַנגאַנצן דורכגענומען מיט דעם גייסט, וואָס ליגט אין יענע כּוחות.

אײַנאײַנעם מיט דער ליבע צו די העכסטע קולטור-ווערטן פון דער מענטשהייט מוז על פּי הכרח גיין האַנט אין האַנט די ליבע צו יענע נאַציאָנאַלע פאָרמען, אין וועלכע זיי האָבן זיך באַוויזן, צו יענע באַשאַפונגס-כּוחות, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן-אויף דער וועלט.

אָט דאָס איז דער פונדאַמענט פון אַן אמת מענטשלעכן נאַציאָנאַל-געפיל, וואָס שלאָגט נישט פון דעם קוואַל פון וואָסער עס איז אומבאַוווּסטע פיזיאָלאָגישע און ראַסאָווע קאַפּריזן, נאָר פון דעם קוואַל, וואָס לעבט אין יעדן מענטשן, פון זײַן ליבע צו אמת, יושר און שיינקייט, וועלכע מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן אָן וועלכע עס איז באַשטימטע נאַציאָנאַלע פאָרמען.

פאַר די מיטגלידער פון אַ וואָסער עס איז נאַציע, ווען עס זענען טייער די העכערע קולטור-ווערטן, קאָן נישט זײַן קיין השובערע אויפגאַבע, איידער די, וואָס זוכט אַרומצורינגלען דעם באַשאַפער פון די קולטור-ווערטן, ד. ה., די באַשטימטע נאַציע, מיט אַזעלכע באַדינגונגען פון לעבן, וואָס זאָלן קאַווירן איר אַ פרייע נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג. די אינטערעסן, וואָס וואַקסן אַרויס פון אַזאַ אויפגאַבע, זענען רעאַלע אינטערעסן פון דער העכערער קולטור, און דאָס רעכט צו דינען זיי קאָן מען נישט אָפּלייקענען פון קיין איין שטאַנדפּונקט, אויב נאָר די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וואָס וויל באַפרידיקן יענע אינטערעסן,

ווענדט נישט אָן קיין מיטלען, וואָס גייען להיפך צו די אינ-טערעסן פון דער אַלגעמיינער קולטור, און אויב נאָר זי רירט נישט אָן די אינטערעסן פון די אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן אַקוראַט אַזאַ רעכט אויף נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג.

דאָס נאַציאָנאַל-געפיל, — די ליבע צום פאָלק, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער ליבע צו זיין לשון, זיין פּאָעזיע, זיינע גבורות אויף די פעלדער פון פרייהייט; דער רחמנות צו אים, ווען דרויסנדיקע אָדער אינעווייניקסטע סבות לאָזן אים נישט אינ-גאַנצן פאַנאַנדערוויקלען אַלע זייטן פון זיין טאַלענט; די שנאה צו אַנדערע פעלקער (און, קוקט מען זיך נענטער צו, פאַרדינען די שנאה נאָר די הערשער פון די אַנדערע פעלקער), וואָס זוכן צו פאַרשקלאַפן אים און מאַכן פאַר אים אוממעגלעך די ווייטערע זעלבשטענדיקע אַנטוויקלונג; אפילו די קנאה צו אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן אים איבערגעיאָגט אויף דעם וועג פון פראָגרעס, — די קנאה, וואָס טרייבט אָן צו אייגענער קול-טורעלער אַרבעט, — אַזאַ נאַציאָנאַל געפיל, וואָס ווערט גע-שפייזט פון אַ ז ע ל כ ע מאָטיוון, האָט שטענדיק געוואַרעמט די הערצער פון די בעסטע מענטשן פון אַלע נאַציעס אָן אַן אונ-טערשייד פון פאַרטיי און ריכטונג. מער נישט, ביי די קראַנקע פעלקער, ווען עס האָט זיך נאָך נישט איינגעגעבן צו פאַר-וואָרענען זיך מיט אַלע באַדינגונגען, וואָס זענען נויטיק פאַר זייער ווייטערער זעלבשטענדיקער אַנטוויקלונג, און ווען עס הענגט אויף עקזיסטענץ עס ווערט אָפּגעלייקנט פון די שטאַר-קערע אָדער קולטורעל-אַנטוויקלטערע שכנים, — נאָר ביי די קראַנקע פעלקער טרעט זייער אָפט אַרויס דאָס נאַציאָנאַל-געפיל מיט אַ שאָטן פון נערוועזן און קאַפּריזנעם שאָוויניזם, בעת ביי די געזונטע פעלקער, קאָן זיין, אַז דאָס געפיל לעבט גאָרנישט אַזוי קלאָר אין דעם באַוווסטזיין פון זייערע בעסערע מענטשן, וויל געזונט און גליק קומט בכלל זייער זעלטן אַריין אין באַוווסטזיין.

מיר וואָלטן געקאָנט ברענגען אַסך ציטאַטן פון אַסך דענ-קער, וועמעס ערנסטע איבערגעגעבנקייט צו דעם אַלגעמיין-

מענטשלעכן פּראָגרעס עס שטייט העכער פון יעדן ספק און וועמעס טיפע שנאה צום נאַציאָנאַלן שאָוויניזם עס איז קלאָר ווי דער טאָג, ציטאַטן, וואָס באַווייזן אונזערע נאָרוואָס געזאָגטע רייד. מיר וועלן נאָר ברענגען אייניקע שטעלן פון פּ. ל. לאַווראָווס „היסטאָרישע בריוו", כדי צו זען, וואָס אמת פּראָגרעסיווע מענטשן טראַכטן וועגן נאַציאָנאַליטעט.

נאָך לאַווראָווס מיינונג נאָך, איז די נאַציאָנאַליטעט אַ „ג ר ו י ס ע ר  פּ ר י נ צ י פּ"*), און „ווי אַ פּראָדוקט פון דער נאַטור און דער געשיכטע", האָט די נאַציאָנאַליטעט אַ רעכט אויף עקזיסטענץ. „מען קאָן נישט אויסמיידן, אַז די אָדער יענע נאַציאָנאַליטעט זאָל אין דעם געגעבענעם מאָמענט פון דער געשיכטע נישט ווערן דער רעאַלער פאָרשטייער פון דער פּראָגרעס-באַוועגונג אין דער גאַנצער מענטשהייט". „איר געשיכטלעכע ראָלע ווערט באַשטימט דורך איר כוח צו ווירקן אויף אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן און ד ע ר ב יי  אָ פּ ה י ט ן  ס יי  א י ר ע  א יי ג ע נ ע,  ס יי  פ ר ע מ ד ע  א יי ג נ ט י מל ע כ ק יי ט ן"**).

איז אַמאָל אַ נאַציאָנאַליטעט געוואָרן אַ היסטאָרישע, איז זי בשום אופן נישט פאַרמשפּט דערצו, אַז זי זאָל ווען עס איז שטאַרבן, די געשיכטע ווייסט נישט פון אַ נאַטירלעכן טויט פאַר נאַציעס. „זי ווייסט מער נישט אַ גאַנצע שורה פון געטויטע נאַציאָנאַליטעטן: איין נאַציע האָט געטויט די אַנדערע. דעריבער בלייבט נאָך די פראַגע נישט פאַרענטפערט: „קאָן איבערהויפּט אַ היסטאָרישע נאַציאָנאַליטעט שטאַרבן אויף אַ נאַטירלעכן אופן"?

לאַווראָוו קעמפט אַנטקעגן דער פאַלשער אידעאַליזאַציע פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ; אָבער אין דערזעלבער צייט ווייזט ער אָן, אַז עס איז דאָ אַ געזעכטע אמתע אידעאַליזאַציע, און זי באַשטייט אין דעם, וואָס „י ע ד ע" נאַציאָנאַליטעט קאָן

*) אונטערגעשטראָכן דורך לאַווראָוו גופא.

**) אונטערגעשטראָכן דורך אונז.

אונטער גליקלעכע אומשטענדן ווערן אַ היסטאָרישער פּראָגרעסיווער פירער. „וואָס בעסער זי וועט פאַרשטיין די איצט-צייטיקע פּאָדערונגען פון דער מענטשהייט, וואָס גאַנצער און טיפער זי וועט זיי לאָזן אַריינגיין אין די פאָרמען פון איר קולטור און אין די דערקלערונגען פון אירע געדאַנקען, אַלץ גרינגער וועט זי קאָנען דערגרייכן די מדרגה פון אַזאַ היסטאָרישן פירער"... „דעריבער באַשטייט דער אמתער נאַציאָנאַלער פּאַטריאָטיזם פון דעם יחיד אין דעם, וואָס ער באַלייכט די נאַטירלעכע פּאָדערונגען פון זיין נאַציע מיט דעם קריטישן פאַרשטיין יענע פּאָדערונגען, וואָס דער אַלגעמיין-מענטשלעכער פּראָגרעס שטעלט אַרויס"... „*די פּאָדערונג אָפּצוהיטן די אייגענע נאַציאָנאַליטעט, ווי אַ זעלבשטענדיקע און אַ באַזונדערע איינהייט, איז אַ גערעכטע פּאָדערונג*, ווייל דאָס גייט האַנט אין האַנט מיט דעם שטרעבן, אַז די אידייען, אין וועלכע אַ מענטש גלויבט; דער לשון, וועלכן ער רעדט, און די לעבנס-צילן, וועלכע ער האָט פאַר זיינע אויגן, זאָלן אַריבערגיין, ווי אַ לעבנס-עלעמענט, צו די קומענדיקע דורות, און זיי זאָלן זיך איבערבייטן לויט די פּאָדערונגען פון דעם פּראָגרעס אין דער מענטשהייט, אָבער זיי זאָלן נישט אויסשטאַרבן. אָפּזאָגן זיך אויפצוהאַלטן זיין נאַציאָנאַליטעט האָט נאָר יענער דאָס רעכט, פאַר וועמען עס איז געוואָרן קלאָר ווי דער טאָג, אַז זיין נאַציע האָט אַריינגענומען אין זיך אויף אייביק אַן עלעמענט פון שטילשטיין אָדער רעאַקציע און קאָן בשום אופן נישט פּטור ווערן פון יענעם עלעמענט. אָבער וועלכע נאַציאָנאַליטעט קאָן דערפון נישט פּטור ווערן" ? „טראָגט אַריין אין די געדאַנקען פון אייער נאַציע וואָס מער אמת! טראָגט אַריין אין דעם בוי פון אירע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען וואָס מער יושר! דעמאָלט וועט זי אָן מורא זיך קענען שטעלן אין איין שורה מיט די אַנדערע נאַציעס, וועמעס געדאַנקען עס האָבן אין זיך ווייניקער אמת, וועמעס פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן עס זענען ווייניקער

דורכגענומען מיט יושר. זי וועט ווירקן אויף זיי, זי וועט זיי גייסטיק אונטערטעניק מאַכן און וועט דערביי נישט נויטיק האָבן אויפצועסן זיי, ד. ה., אָפּצונעמען בייזיי דעם זעלבשטענדיקן היסטאָרישן לעבן. אַזאַ מין ווירקן אויף אַנדערע, אַזאַ מין אונטערטעניק מאַכן האָט דאָס רעכט צו וועלן יעדער אמתער פּאַטריאָט; צו אַזאַ מין באַדייטונג פון זיין פאָטערלאַנד האָט ער אַ ראַציאָנאַלן רעכט צו שטרעבן; אַזאַ מין היסטאָרישע איבערהערשאַפט פון זיין נאַציע איבער אַנדערע האָט ער אַ רעכט צו העלפן מיט אַלע זיינע כּוחות, ווייל ער העלפט דערמיט גופא דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. אַ פּראָגרעס איז נישט קיין פּראָצעס אָן אַ וועמען. ווער עס איז דאַרף זיין אָרגאַן; אַ וואָסערע עס איז נאַציאָנאַליטעט מוז פריער, איידער אַנדערע, און קאָן בעסער, פולער, איידער אַנדערע, ווערן דער פאָרשטייער פון דעם פּראָגרעס אין דער געגעבענער צייט. אַן אמתער פּאַטריאָט קאָן און זאל וועלן, אַז דאָס זאָל ווערן זיין נאַציאָנאַליטעט, און אַז ער זאָל אויף אַזאַ אופן העלפן איר צו איר היסטאָרישער באַדייטונג. אָט דווקא דערפאַר, וואָס אים איז בעסער באַקאַנט די קולטור פון זיין פאָלק און ער איז מער צוגעוווינט צו איר; וואָס אים איז לייכטער אַריינצונעמען אין זיך די אופנים פון דענקען און פון טאָן פון זיינע ברידער, קאָן ער לייכטער בלייבן אַ פּאַטריאָט און צו דער אייגענער צייט האָבן אין זינען אַלגעמיין-מענטשלעכע צילן. דער ראַציאָנאַלער פּאַטריאָטיזם ליגט אין דעם שטרעבן צו מאַכן די אייגענע נאַציע פאַר דעם שטאַרקסטן טוער אין דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, און צו דערזעלבער צייט וואָס ווייניקער אָפּרייבן אירע אייגענע כאַראַקטעריסטישע שטריכן".

די באַגרינדונג פון דעם ראַציאָנאַלן פּאַטריאָטיזם, דאָס קלוגע מענטשלעכע נאַציאָנאַל-געפיל, וואָס מיר געפינען אין די שטעלן פון לאַווראָוון, גיסט זיך נישט אינגאַנצן צונויף מיט יענע טעמים, וועלכע מיר האָבן דאָ אין אונזער אַרבעט געבראַכט צוליב דער באַרעכטיקונג פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל, ווען מען באַטראַכט אים פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט.

מיר האַלטן אָבער נישט פאַר נויטיק אַריינצולאָזן זיך אין אַ בפרטיותדיקער חקירה וועגן לאַוראָווס אַרגומענטן ; דערצו וואָלט מען געדאַרפט קריטיש איבערקוקן זיין גאַנצע טעאָריע פון פראָגרעס, וואָס איז פאַרבונדן מיט זיין אַלגעמיין-פילאָזאָפישן און דערקענטעניש-טעאָרעטישן געדאַנק. בעת מיר האָבן געבראַכט די שטעלן, האָבן מיר געהאַט אין זינען מער נישט, ווי איין ציל — צו באַווייזן, אַז אַפילו אַזאַ אָנהענגער פון דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פרינציפּ, ווי דער פאַרשטאָרבענער רוסישער דענ-קער איז געווען, האָט נישט געהאַט קיין שנאה צו דעם נאַ-ציאָנאַלן פּרינציפּ, צו דעם, ווי ער דריקט זיך אויס, „גרויסן פּרינציפּ" און האָט בכלל ריכטיק אויפגעוויזן אויף דער באַרעכ-טיקונג פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל (דעם „פּאַטריאָטיזם") פון שטאַנדפּונקט פון פּראָגרעס דאָרטן, ווו ער גייט נישט להיפך צו דער שטרעבונג צו אַלגעמיין-מענטשלעכער אַנטוויקלונג. ער האָט אויך אויפגעוויזן, אַז אַזאַ געפיל איז נישט נאָר נישט פיינטלעך צו דעם פּראָגרעס און צו דער אַנטוויקלונג פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור, נאָר אדרבה, אַז ער קאָן ווערן איינער פון די שטאַרקסטע געצייג, וואָס זאָלן אויפהויבן די קולטור פון אַ פאָלק אויף אַ העכערע מדרגה.

אָט אין דעם איינזען, אַז אַזאַ נאַציאָנאַל-געפיל איז גע-רעכט, און אין דעם גאַנצן פּראָגראַם פון אַרבעט, וואָס מוז אַרויספליסן פון יענעם איינזען, ליגט דער טיפער חלוק, וואָס שיידט אָפּ דעם איצטיקן אינטערנאַציאָנאַלן פּרינציפּ פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, פאַר וועלכן עס זענען געפאַלן כורעים די אינדוסטריעלע און סוחרישע קלאַסן פון אַכצנטן און דעם אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט.

## II

נאָך בולטער טרעט אַרויס די באַרעכטיקונג פון דעם פּראָ-גרעסיוון נאַציאָנאַלן געפיל, ווען מען דערמאָנט זיך, ווי גרויס

די ראָלע איז פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס־כוחות ביי דעם אַרויסברענגען פון אַלע צווייגן פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור.

לאָמיר דעריבער נאָכאַמאָל דורכנעמען אַלע צווייגן פון דער קולטור, וואָס מיר האָבן באַשריבן אין דעם אָנהויב פון אונזער אַרבעט: די שפּראַך, די טעכניק, די עקאָנאָמיק, די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, יוריספּרודענץ, פּאָליטיק, וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, רעליגיע, קונסט, עטיק, די מדות און מנהגים, קינדער־דערציאונג און דאָס היסטאָרישע לעבן.

נאָר אין אָנהויב פון דעם לייסטער באַגעגענען מיר זיך מיט דער ערשטער און וויכטיקסטער דערשיינונג פון מענטשלעכן קולטורעלן שאַפן — מ י ט ד ע ר ש פּ ר אַ ך. די אויסאַרבעטונג פון דעם מענטשלעכן לשון איז מער פאַר אַלץ אונטערגעוואָרפן אונטער דער ווירקונג פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס־כוחות. אָבער דער לשון איז אין דערזעלביקער צייט יענץ פעלד פון דער קולטור, אויף וועלכן די אינטערעסן פון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן פּראָגרעס זענען ענג און אומצערייסלעך צונויפגעבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. צוציען אַ וואָסער־עס־איז פאָלק צו דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור, פאַנאַנדערטיילן אַלע גייסטיקע גיטער פון דער קולטור צווישן די איינצלנע מיטגלידער פון פאָלק און זען, אַז זיי, אָט די מיטגלידער, זאָלן ווערן באַוווּסטזיניקע אַרבעטער אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אירע פּראָגרעסיווע עלעמענטן, — דאָס אַלץ איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען מען באַנוצט זיך מיט דער שפּראַך, וועלכע דאָס פאָלק רעדט. אָבער כדי די פאָלקס־שפּראַך זאָל קאָנען נעמען אויף זיך יענע פּראָגרעסיווע אַרבעט, כדי זי זאָל קאָנען ווערן אַ מיטל, וואָס איז פעאיק פאַנאַנערצוטראָגן אין אַלע ווינקעלעך פון דעם פאָלקס־לעבן די העכערע קולטור, דאַרף זי זיין רייך אין ווערטער, רייך אין אויסדרוקן, רייך אין שאַטירונגען, וועלכע זאָלן איר געבן דעם כוח איבערצוגעבן אַפילו די קלענסטע קנייטשן, בויגונגען און פיינקייטן פון דעם איצטיקן קולטורעלן געדאַנק.

אָבער וואָס רייכער און וואָס מער אויסגעאַרבעט אַ לשון איז, אַלץ מער נאַציאָנאַל איז ער.

אַדאַנק די נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקייטן פון דעם לשון, ווערט אויך אונזער געדאַנק, וואָס קאָן נישט אָפּגעטיילט ווערן פון דער שפּראַך, אַלץ מער און מער אייגנעטונקט אין די פאָרמען פון דעם נאַציאָנאַלן שאַפן. „ווען מיר דערמאָנען זיך", זאָגט אַבעל*), „אַז אַ ל ע ווערטער פון אַלע לשונות האָבן נאָר יענעם פשט, וואָס פּאַסט פאַר זיי, און אַז די ווערטער פון אַנדערע שפּראַכן, וואָס וואָלטן געוואָלט אויסדריקן דעמזעלביקן מיין, קאָנען נישט אינגאַנצן צוגעפּאַסט זיין צו זיי,— דעמאָלט קאָנען מיר אויסמעסטן, ביז וואָס פאַר אַ גראַד אונזערע געדאַנקען ווערן נאַציאָנאַל, אַדאַנק דער שפּראַך". און אין אַן אַנדער אָרט זאָגט ער:

„דורך דאָס גאַנצע ווערטערבוך באַמערקן מיר דיזעלביקע דערשיינונג: די ווערטער, וואָס זאָלן אין די פאַרשיידענע שפּראַכן אויסדריקן דעמזעלביקן מיין, ווייזן געווייגלעך אָן, בעת מען קוקט זיך נענטער צו צו זיי, אויף באַדייטונגען, וואָס גייען זיך אַביסל פאַנאַנדער איינע פון די אַנדערע"**).

מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז וואָס ר י כ ע ר און שענער עס ווערט דער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר לשון, אַלץ ליבער און טייערער ווערט ער ב י י ע ד ן י ח י ד, און אין דעריבער ליגט אַ זייער וויכטיקער עלעמענט פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור. די שפּראַך האָט פון דעם מענטשן געמאַכט אַ מענטשן אויך אין דעם זין, וואָס זי האָט אים באַקאַנט געמאַכט מיט דער פרייד פון דעם עסטעטישן געפיל, מיט אַ פרייד, וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט קיינע מאַטעריעלע פניות. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס די קראַנקן אין דער צווײ-שפּראַ-

*) C. Abel, Die Sprache als Ausdruck nationaler Denkweise, Berlin, 1869, S. 26.

**) דאָרטן גופא, ז. 8.

כיקער איסטריען רופן אָן זייער אייגענעם לשון, „די האַרץ־שפּראַך“ (lingua dal cuore) און דעם פרעמדן לשון, וועלכן זיי מוזן באַנוצן אין די געשעפטלעכע עסקים מיט די פרעמדע, רופן זיי אָן „די ברויט־שפּראַך“ (lingua dal pane). „יעדע געגנט“, זאָגט געטע, „ליבט איר דיאַלעקט, ווייל ער איז דער עלעמענט, פון וועלכן די נשמה שעפּט איר לעבן („Wahrheit und Dichtung“).

שטודירן פרעמדע שפּראַכן איז דאָס בעסטע מיטל צו אַנטוויקלען אין זיך דעם געפיל פון צווישנפעלקערלעכער ברייטערלעכקייט. „דער, וואָס שטודירט און דרינגט אַריין טיף אין זייערע לשונות, ווערט ווייכער און פּאָרזיכטיקער אין זיין אָפּשאַצן פרעמדע נאַציעס... ער וועט נישט געפינען פאַר אומנאַטירלעך, וואָס אַפילו די ווילדסטע פון זיי שעצן אַזוי הויך זייער נאַציאָנאַליטעט און זייער לשון, וואָס איז פאַר זיי די גאַנצע וועלט פון זייערע געדאַנקען, זייער אייגענער „איך“; ער וועט זיך אָפּהיטן דורך שפּאָט אָדער אומכבוד אַריינצוגיסן ביטערקייט אין יענעם קאַמף, וועלכן אייניקע פון זיי מוזן פירן אַנטקעגן שכנים, וואָס האָבן זיי ווייט איבערגעיאָגט גייסטיק אָדער עקאָנאָמיש“*).

לאָמיר אויך דערמאָנען, אַז די גרופּירונג פון די איינצלנע מיטגלידער פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אַסאָציאַציע“ איז געווען נישט לויט לענדער אָדער טעריטאָריעס, נאָר לויט שפּראַכן, און אַז כמעט אומעטום פאַלט די נאַציאָנאַלע פראַגע צונויף מיט דער שפּראַכן־פראַגע. ווי די בלוט־צירקולאַציע אין אַן אָרגאַניזם, אַזוי איז אויך די שפּראַך דער פאַנאַנדערטראָגער פון די עלעמענטן פון דער גייסטיקער שפּייז, וואָס מוזן צוגעפירט ווערן צו יעדן מיטגליד פון אַ געגעבענעם פאָלק. דעריבער הייסט פאַרפאָלגן אַ וועלכע עס איז שפּראַך פון אַ פאָלק — אַרויסטראָגן אַ חייב מיתה פאַר דעם פאָלק גופא.

די ליבע צו דער אייגענער שפּראַך, צו דער „האַרץ־שפּראַך“,

---

*) דאָרטן גופא, 29-28.

איז אַ געפיל, וואָס גייט נישט להיפך צום אַלגעמיין־מענטשלעכן פּראָגרעס; אויסאַרבעטן און אויספיינערן זיין אייגענע פאָלקס־שפּראַך איז איינע פון די באַרעכטיקטסטע און פּראָגרעסיווסטע שטרעבונגען אין דעם לעבן פון אַ פאָלק. „בעוואַהרע אין דער ברוסט, ווי איינען האָרט, דאס ליעבע, שענע, דויטשע וואָרט", זינגט אויך יענער פּאָעט, וואָס האָט גאָרנישט געוואָלט וויסן פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ אין דעם פּאָליטישן לעבן — היינריך היינע. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיינע ווערטער זענען אמת נישט נאָר בנוגע צו דער דייטשישער שפּראַך, נאָר אויך בנוגע צו יעדן אַנדערן לשון. ווייל „שענער פון אַלע געשטאַלטן איז מיר מיין מאַמעס פּנים, ליבער פון אַלע לשונות איז מיר מיין מוטער־שפּראַך".

פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס־פאָרמען איז אויך שווער אָפּצושיידן די ליטעראַטור פון אַ פאָלק, און נישט אומזיסט רופט מען זי נ אַ צ י אָ נ אַ ל ־ליטעראַטור. אַלע איצטיקע אייראָפּעאישע נאַציאָנאַל־ליטעראַטורן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער מיטלאַלטערלעכער „אַלגעמיין־מענטשלעכער" ליטעראַטור אין לאַטיין, און דורך דעם גופא האָבן זיי אַוועקגעלייגט אַ פונדאַמענט פאַר זייער אייגענעם גייסטיקן פאַנאַנדערבלי; זיי האָבן דערמיט געהאָלפן, אַז די מיטלאַלטערלעכע וועלט זאָל פאַנאַנדערפאַלן אין איינצלנע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן באַשאַפן זעלבשטענדיקע קולטור־אַטמאָספערן, וועלכע האָבן געווירקט איינע אויף די אַנדערע און האָבן איינע די אַנדערע אָנגעטריבן אויף דעם וועג פון דער איצטיקער וועלטלעכער ציוויליזאַציע.

עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט מיט ביטול געקוקט אויף דער ליטעראַטור אין דער פאָלקס־שפּראַך. זי איז געווען כמעט מער נישט, ווי אַ לוסטיקער אומשולדיקער צייט־פאַרטרייב. אַפילו דאַנטע האָט אין דער ערשטער צייט לאַנג געשלאָגן זיך מיט דער דעה, אין וועלכן לשון צו שרייבן זיין „געטלעכע קאָמעדיע": אין דעם נאַציאָנאַלן איטאַליענישן אָדער אין דעם „אַלגעמיין־מענטשלעכן" לאַטיין.

די איטאַליענישע שפּראַך איז נאָך דעמאָלט געווען

אומגעלומפּערט און נישט אָפּגעשליפן, און דאַנטען האָט זיך גריילעך געוואָלט איבערגעבן זיך דעם קינסטלעריש-שיינעם לאַטייניש העקזאַמעטער. אָבער דאַנטע האָט גענומען אויף זיך מאַכן דעם „וואולגארן פאָלקס-זשאַרגאָן" פאַר דעם אויסדרוק פון זיינע פּאָעטישע בילדער און געדאַנקען, און דאָס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן, וואָס האָבן באַשאַפן דאָס איטאַליענישע פּ אָ ל ק, די איטאַליענישע נ אַ צ י ע. דיזעלביקע זאַך איז אויך פאָרגעקומען מיט אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער. זייער קולטורעלע ווידעראויפלעבונג הויבט זיך אָן מיט דעם מאָמענט, אין וועלכן עס זענען געבאָרן געוואָרן זייערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, ד. ה., מיט דעם מאָמענט, ווען די ליטעראַטורן האָבן זיך באַפרייט פון דעם קירכלעכן מיטלאַל-טערלעכן קאָסמאָ'ליטיזם, וואָס האָט געוואָלט, אַז אַלע יונים זאָלן האָבן איין פּנים.

צום אומגליק, זענען נאָך דאָ אייניקע פעלקער אין איי-ראָפּע, צוריקגעבליבענע אין זייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, וואָס האָבן נאָך נישט דערלעבט זייער נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט. זייער פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ און זייער מער קולטורעלע בורזשואַזיע שטייען נאָך אונטער דער אַסימילירנדיקער ווירקונג פון אַ העכערער קולטור, אין וועלכער זיי לעבן, און זיי קוקן מיט ביטול אַראָפּ אויף דעם „פאָלקס-זשאַרגאָן", אויף דעם „וואולגאַרן", „עם-הארצישן" דיאַלעקט. און אפילו יענע פון זיי, וואָס וואָלטן מיטן גאַנצן האַרצן געוואָלט, זייער פאָלק זאָל ווידער אויפגעלעבט ווערן צו אַ זעלבשטענדיקער קולטור, זענען זיך אָפּט מיאש אין דער מעגלעכקייט אויפצוהויבן די געדעטע שפּראַך פון פאָלק ביז צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך, — אַ ליטעראַרישער און וויסנשאַפטלעכער.

מיר דוכט, אַז אָט דער יאוש האָט נישט קיין ערנסטן גרונט. עס קאָן אויסווייזן פּאַראַדאָקסאַל, פונדעסטוועגן קאָן מען גאַנץ באַשטימט זאָגן, אַז עס איז נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ גערעדטע פאָלקס-שפּראַך, וועלכע מען זאָל נישט קאָנען אויפהויבן צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַרישער שפּראַך, וואָס איז ביכולת

איבערצוגעבן אַלע שאַטירונגען און אויסבויגונגען פון דעם איצטיקן וויסנשאַפטלעכן, פילאָזאָפישן און קינסטלערישן געדאַנק. און אָט פאַרוואָס מיר מיינען אַזוי.

אויף דעמזעלביקן שטייגער, ווי דער גאַנצער אינעווייניק-סטער אינהאַלט פון אונזער גייסטיקן לעבן איז אויסגעוואַקסן פון פשוטע פרימיטיווע שפּירונגען, אַקוראַט אַזוי זענען אויך די העכסטע וואָרט-בילדונגען, וואָס דריקן אויס די ווייטסטע אַב-סטראַקטע באַגריפן און די צונויפגעוויקלטסטע בילדער, פאַנאַנ-דערגעוויקלט געוואָרן פון עטלעכע ווייניקע פריערדיקע וואָרצלען, וואָס האָבן אויסגעדריקט פרימיטיווע פאָרשטעלונגען. אַזעלכע וואָרצלען געפינען זיך אין י ע ד ן לשון. דערזעלביקער באַשאַפונגס-כּוח, וואָס ליגט אין יעדן לשון און וואָס האָט גע-מאַכט, אַז פון דעם פרימיטיוון וואָרצל „מאַר" אָדער „מאַל", וועמעס פשט איז געווען — „עפּעס פאַנאַנדערררייבן מיט די פינגער", זאָלן אַרויסוואַקסן אַזעלכע ווייט איינער פון דעם אַנדערן ליגנדיקע ווערטער, ווי „מעער" און „מיהל", וועט נישט אַראָפּלאָזן זיינע פליגלען פאַר דער אויפגאַבע אויסצושמידן אַ בויגיק געצייג פאַר געדאַנקען פון אַ לשון, אין וועלכן מען קאָן איבערגעבן דעם גאַנצן תּנ"ך. און אונזער תּנ"ך איז דאָך איבערגעזעצט געוואָרן אין אַלע קולטורעלע און נישט-קולטורעלע שפּראַכן פון דער וועלט!

עס פאַרשטייט זיך, אַז כּדי פאַרטיק צו ווערן מיט אַזאַ אויפגאַבע, כּדי צו צווינגען דעם גערעדטן לשון, ער זאָל פאַ-נאַנדערוויקלען אַלע מעגלעכקייטן פון אַ העכער לעבן, וואָס ליגן אין אים, דאַרף מען אים גוט קענען, דאַרף מען ווערן דורכגעדרונגען פון זיין אינעווייניקסטן גייסט; מען דאַרף גוט אַריינטראַכטן זיך אין זיין בוי, אַנאַליזירן די אופנים פון זיינע רייד און כמעט אומבאַוווסט נאָכמאַכן זיי. ערשט אויף אַזאַ אופן קאָן מען אויסשפּירן יענע מיטלען און וועגן, וועלכע דאָס פאָלק אַליין וועדנט אָן, ווען עס באַשאַפט אַבסטראַקטע באַגריפן און פאַרוויקלטע בילדער פון יענע אָרעמע ווערטער-צייכנס, וואָס עס האָט אויף אויסצודריקן זיינע לפי ערך אָרעמע פשוטע גע-

דאַנקען. נאָר דער, וואָס קאָן פּאַרטיק ווערן מיט אַזאַ אויפגאַבע, קאָן האָפן דורכצופירן די אויפהויבונג פון דער פאָלקס-שפּראַך. לכל הפּחות, מוז זיך דאָס איינגעבן יענע זשעניען פון דער שפּראַך, וואָס האָבן במתּנה פון דער נאַטור אַ פיין געפיל, וואָס קאָנען מיט דעם הייסן אָטעם פון זייער פּאָעטישן שאַפן פאַנאַנדערשמעלצן דעם האַרטן און ברעקלדיקן מאַטעריאַל פון דער פאָלקס-שפּראַך און אַריינגיסן אים אין העכערע פאָרמען, וואָס פּאַסן צו דעם בוי פון דעם פאָלקס-שכל, פון דעם פאָלקס-לשון. אַלץ, וואָס מיר ווייסן וועגן דעם ענין פון דער געשיכטע פון די איצטיקע ליטעראַטורן, זאָגט אונז, אַז עס איז געבוג די אַרבעט פון צוויי — דריי דורות, כּדי אַרויסצושלעפן די פאָלקס-שפּראַך פון איר הין-הער-פּלעט, אָדער אַפילו פון איר לאַנגזאַמען אָפּשטאַרבן, און אַריינצובלאָזן אין איר אַ נשמה פון זעלבסט-וואַקסנדיקן לעבן, וואָס באַוואָרנט זי מיט אַ מעגלעכקייט פון ווייטערן וואַקסן און שטענדיקן זיך אויסבעסערן.

אויב דער בוי פון דעם פאָלקס-שכל און פון דעם פאָלקס-לשון לייגט אַרויף זיין נאַציאָנאַלן שטעמפּל אויף אַלץ, וואָס באַווייזט זיך אין דער ליטעראַטור, איז די ראָלע פון אָט דעם נאַציאָנאַלן שטעמפּל באַזונדערס וויכטיק אויף דעם פעלד פון דער בעלעטריסטיק. „שיינקייט און חשיבות העגנט דאָ אָפּ פון דער שפּראַך-פאָרם, וואָס קאָן נישט אַריבערגעפּלאַנצט און איבערגעזעצט ווערן", באַמערקט זייער ריכטיק דער אינטערנאַציאָנאַליסטיש-דענקנדיקער געאָרג בראַנדעס*).

אַרויסגייענדיק פון דעם געדאַנק, אַז דאָס געפיל פון וועלט-בירגערטום איז נישט נאַטירלעך, אויב אויף זיין גרונט געפינט זיך נישט קיין נאַציאָנאַל געפיל, אַז „פריער פון אַלץ דענער, — דאָס פאַרשטייט זיך ממילא"**), קומט בראַנדעס צום פּועל-יוצא, אַז „אויף אונז" (ד. ה. אויף די דענער, נאָר דאָס איז אויך אמת בנוגע צו אַלע אַנדערע פעלקער) „ליגט דער

---

*) Georg Brandes, Ueber das Nationalgefuehl, S. 18.

**) דאָרט גופא, ז. 29.

נאַציאָנאַלער חוב איינצושטעלן זיך פאַר אונזער לשון און טאָן אַלץ, וואָס ליגט נאָר אין אונזערע כוחות, כדי דער לשון זאָל נישט פאַרלירן קיין איין שפאַן פון זיין טעריטאָריע"[*].

די צרה איז, וואָס די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון די איצטיקע קולטורעל-אונטערדריקטע פעלקער זענען דאָס רוב פייערדיקע חסידים פון דעם מאַטעריאַליסטישן בליק אויף די אויפגאַבן פון דעם לעבן, און זיי מיינען, אַז דער גאַנצער שכל פון זייער אַרבעט ליגט אין דער פאַרענטפערונג פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. ממילא דוכט זיך זיי העכסט משונהדיק און אָפּט העכסט רעאַקציאָנער, ווען זיי הערן דעם געדאַנק, אַז מען מוז אין איין שורה מיט דער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אָנהויבן אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג צוליב דער ווידערבאַלעבונג פון דער פאָלקס-שפּראַך, און אַז מען דאַרף אָט די נייע פאַן געבן אין די הענט פון די אַרבעטער-מאַסן, צוליב וועמעס אינטערעסן די סאָציאַליסטן פירן זייער קאַמף. דער נאַציאָנאַלער חוב, וועגן וועלכן בראַנדעס רעדט, מוז אויסווייזן אין די אויגן פון פּראָגרעסיווע פאַרטייען פון די קולטורעל-אונטערדריקטע פעלקער, וועלכע געפינען זיך אונטער דער ווירקונג פון אַ פרעמדער הערשנדיקער קולטור און אַ פרעמדער הערשנדיקער שפּראַך,—דער נאַציאָנאַלער חוב, זאָג איך, מוז זיי אויסדוכטן, ווי עפּעס אַזוינס, וואָס גייט להיפך צו די הייליקע פּרינציפּן פון צווישנפעלקערלעכער ברידערלעכקייט. אין דעראמתן אָבער איז יענער נאַציאָנאַלער חוב מער נישט, ווי אַ נויטיקער פּועל יוצא פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּרינציפּ גופא, וועלכער פאָדערט, ווי מיר האָבן געזען, אַז יעדע, אַפּילו די קלענסטע נאַציע זאָל קאָנען האָבן „איינפלוס און השיבות". ווייניקסטנס קאָן מען זאָגן, אַז דער קאַמף, וואָס אַזוינע סאָציאַליסטן פירן אַנטקעגן די באַוועגונגען צוליב דער ליטעראַרישער אויפלעבונג פון דער פאָלקס-שפּראַך, איז גאַנץ געוויס אַ חטא און אַ זינד אַנטקעגן דעם גייסט און אַנטקעגן אַלע

*) דאָרטן גופא, ז. 31.

אָפּיציעלע דערקלערונגען פון דעם איצטיקן אינטערנאַציאָנאַליזם.
צום גליק דויערט אַזאַ קאַמף נישט לאַנג. די אַרבעטער-מאַסן,
צוליב וועלכע ער ווערט געפירט און וואָס אונטערשטיצן אים
אַ קורצע צייט, פאַרלאָזן באַלד זייערע קאָסמאָפּאָליטישע פירער
און גייען נאָך נאָך יענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן
צווישן אַלע אַנדערע פאָדערונגען אָנגעשריבן אויף זייער פאָן
אויך די באַפרידיקונג פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

דער קאַמף אַנטקעגן די איצטיקע פּראָגרעסיוו-נאַציאָנאַלע
באַוועגונגען פון די אַרבעטער-מאַסן און דאָס שטענדיקע שטאַרקע
אונטערשטרייכן פון דעם עקאָנאָמישן און סאָציאַלן עלעמענט
אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעט, שטאַמען ביידע, אויב איך
האָב נישט קיין טעות, פון יענער פּסיכאָלאָגיע פון דעם „פּריץ,
דעם בעל-תּשובה", וואָס קוקט כמעט מיט שנאה אויף אַלע
אַרויס-ווייזונגען פון דער העכערער קולטור, ווייל ער ווייסט, אַז
די אַרבעטער-מאַסן קאָנען נאָך לעת עתּה נישט האָבן קיין הנאה
פון זיי, אַז דאָס פאָלק דאַרף נאָך ערשט קעמפן פאַר אַ ביסן
ברויט און לכל הפּחות פאַר אַ שטראַל פרייהייט, פדי עס זאָל
ערשט האָבן די מעגלעכקייט צו פירן אַ קאַמף צוליב אַ בעסע-
רער צוקונפט.

אַדאַנק דער נאַטירלעכער פּסיכאָלאָגיע פון דעם „פּריץ,
דעם בעל-תּשובה", ווערט באַשאַפן אַ ווידערנאַטירלעכער בליק
אויף דער נשמה פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, לויט וועלכן עס
קומט אויס, אַז אַט די נשמה איז כּלומרשט פאַרנומען מער
נישט, ווי מיט עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און, אין דעם בעסטן
פאַל, פּאָליטישע באַדערפעניש. אין דעראמתן איז די מעשה
גאָר נישט אַזוי. אַ מענטש איז אומעטום אַ מענטש: סיי אין
דער הויך, סיי אין דער נידער. די אַרבעטער-מאַסן זענען
אויסגעקנאָטן פון דעמזעלביקן טייג, וואָס די סאָציאַליסטישע
אינטעליגענציע; און דער, וואָס איז גוט באַקאַנט מיט דעם לעבן
פון זייער נשמה, קאָן עדות זאָגן, אַז גיכער קאָן מען זיך
באַקלאָגן, וואָס אין איר הערשן די אידעאָלאָגישע מאָטיוון איבער
די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע, איידער מיינען, אַז די באַשטימטע

עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע פון די אַרבעטער־מאַסן רויבט פון זיי אַוועק די מעגלעכקייט צו האָבן אידעאָלאָגישע מאָטיוון. ווי די מעשה איז, נאָר דאָס וועט קיינער נישט לייקענען, אַז ווי נאָר די מאַסן הויבן אָן צו אַנטוויקלען זייער שכל און צו לעבן מיט ברייטערע געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן, וואַקסט אין זיי אויף דער פאַרלאַנג נאָך העכערע עסטעטישע, וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע תענוגים, די באַדערפעניש צו לעבן אין די פרייע פעלדער פון דער קולטור, ד. ה. אַקוראַט אין יענע פעלדער, ווו די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס־פאָרמען שפילן די גרעסטע ראָלע. קוים הויבן זיי אָבער אָן צו לעבן אין אַזעלכע פעלדער, הויבן זיי אַליין אָן צו ווערן נאַציאָנאַל, אָדער ריכטיקער געזאָגט, זיי הויבן אָן איינצוזען, אַז זיי *זענען* נאַציאָנאַל און אַז עס איז גאָרנישט קיין חטא און נישט קיין זינד אַנטקעגן דעם הייליקן גייסט צו זיין דאָס, וואָס מען איז, נאָר אדרבה! אַז זיין דאָס, וואָס מען איז — איז דער ערשטער חוב פון יעדן פאָלק, וואָס האָט דרך־ארץ פאַר זיך גופא.

אַדאַנק דער שפּראַך, ווערט אויך *די וויסנשאַפט*, ווען אַפילו איר אינהאַלט איז ריין אַלגעמיין־מענטשלעך, אַ טייל פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויך די *קינדער־דערציאונג* קאָן נישט אָפּגעריסן ווערן פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. די וויכטיקסטע אויטאָריטעטן אין דער פּעדאַגאָגיק, ווי, צ. ב., דיסטערוועג, מישעל־ברעאַל און טאָלסטאָי, זאָגן אַלע אין איין קול, אַז דאָס שטודיום און דער למוד פון דעם פאָלקס־לשון אָדער אַפילו פון דעם אָרטיקן דיאַלעקט ווירקט זייער גוט אויף דער אַנטוויקלונג פון די גייסטיקע השלמות. זיי האַלטן פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע פּעדאַגאָגישע אידעאַלן, אַז אַלע למודים זאָל מען לערנען אויף דעם לשון, וואָס ווערט גערעדט פון דעם פאָלק. דערמאָנען מיר זיך נאָך, אַז דער למוד מוז אָנהויבן מיט אַזעלכע אידייען און באַגריפן, צו וועלכע דאָס קינד איז צוגעוווינט, ד. ה. מיט די עלעמענטן פון יענעם נאַציאָנאַל־געפאַרבטן לעבן, צווישן וועלכע דאָס קינד לעבט, און האָט מען ווייטער אין זינען, אַז די

געשיכטע פון דעם אייגענעם פאָלק און דער שטודיום פון דער אייגענער ליטעראַטור זענען וויכטיק נישט נאָר פאַר דער גייס־טיקער דערציאונג, נאָר אויך פאַר דער מאָראַלישער, עסטעטישער און בירגערלעכער אַנטוויקלונג פון די תּלמידים, קאָן מען גאַנץ גרינג פאַרשטיין, ווי גרויס און וויכטיק עס איז די ראָלע פון דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין דער פעדאַגאָגיק, אין דעם אפשר וויכטיקסטן פעלד פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור.

מיר וועלן זיך נישט אָפּשטעלן לאַנג אויף די קולטור־פעלדער, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט קונסט, פילאָזאָפיע און רעליגיע, כדי אויסצוגעפינען יענע ראָלע, וואָס אין זיי שפּילט דער נאַציאָנאַלער עלעמענט, ד. ה. די פאָרמען פון נאַ־ציאָנאַלן שאַפן. קיינער האָט ערנסט נישט געלייקנט, אַז די נאַציאָנאַלע אָריגינאַליטעט, וואָס ווייזט זיך אַרויס כמעט ביי אַלע פעלקער אין קונסט, פילאָזאָפיע און רעליגיע, שטאַמט פון דעם נאַציאָנאַלן זשעני. דערצו מוז מען נאָך נישט פאַרגעסן, אַז אין דער פילאָזאָפיע, רעליגיע און דער שיינער ליטעראַטור, האָט די נאַציאָנאַלע שפּראַך אויך אַ גרויסן חלק אין דער מאַכט, וואָס באַשאַפט זייער אָריגינאַליטעט. אַדאַנק אָט די צוויי פאַק־טאָרן — דער אָריגינאַליטעט און דער שפּראַך, זענען יענע פעלדער פון דער קולטור די וויכטיקסטע פאַרטרעטער פון דער פרייהייטס־ממשלה, וווּ דער אַלגעמיין־מענטשלעכער שכל קאָן נישט דיקטירן אויף אַלע פראַגן קיין גלייכע ענטפערס, וואָס זאָלן זיין אַ חוב פאַר אַלע מענטשן. אין זיי, אין די העכערע פעלדער פון דער קולטור, טרעטן בולט אַרויס אינאיינעם מיט די אַלגעמיין־מענטשלעכע און אינדיווידועלע טאַלענטן די פּסיכאָ־פיזישע כאַראַקטער־סימנים פון דעם געגעבענעם פאָלק, זיינע נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס־כּוחות.

ס'איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס די ליבע צו די פּראָדוקטן פון יענע קולטור־פעלדער שטייגערט ביי איינעם זיין נאַציאָנאַל־געפיל. דאָס נאַציאָנאַל־געפיל, פון זיין זייט, טרייבט אונז אָן צו נאַציאָנאַלע אַרבעט, צו אַ נאַציאָנאַלן שאַפן, וואָס איז אין דערזעלביקער צייט אַ שאַפן פון אַלגעמיין־מענטשלעכער

קולטור, אַ רייכער-מאַכן פון דער מענטשלעכער קולטור מיט אָריגינעלע פּראָדוקטן פון דעם נאַציאָנאַלן זשעני.

„אַ פאָלק בלייבט אין זיין פּאָזיציע און קאָן גיין פאָראויס, ווען עס איז ביכולת פאַנאַנדערצוּוויקלען אַ קולטור, און מיר האָבן קיין אַנדערע מיטלען נישט אַרויסצוּווייזן אונזער „איך", סיידן איין-איינציק: באַשאַפן זאַכן, וואָס זענען עפּעס ווערט. ווי ווייניק מיר זאָלן נישט זיין, אָבער עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, וואָס זאָל אונז פאַרווערן בעסער צו שרייבן, אָדער צו מאָלן, אָדער צו מוזיצירן, איידער אַלע אַנדערע פעלקער, אָדער אויסגעפינען פאַר זיי קולטור-וועגן, וועלכע זיי האָבן נישט געפונען... מיר דאַרפן טאָן אַלץ, וואָס עס ליגט אין אונזערע כוחות, אַז די קולטור-קוואַלן פון אונזער לאַנד זאָלן אָנהויבן שלאָגן ווי פאָנטאַנען"*).

אַזוי שרייבט דער באַרימטער פאַרטרעטער פון אַ „מינדער-ווערטיקער" נאַציע, געאָרג בראַנדעס.

בנוגע צו דער עטיק, ד. ה. דעם שטרעבן דורכצופירן אין די געדאַנקען, געפילן און מעשים דעם אידעאַל פון מענטש-לעכער חשיבות, מוז מען זאָגן, אַז די וויכטיקייט פון דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט ליגט דאָ אין דעם, וואָס דער איצטיקער אידעאַל פון מענטשלעכער חשיבות באַשטייט אין דער ליבע צו „אמת, יושר און שיינקייט", און אין דער איבערגעגעבנקייט צו זייערע אינטערעסן. אָבער די העכסטע פּראָדוקטן פון אמת, שיינקייט און יושר וואַקסן אַריבער די גרענעצן פון דעם אַל-געמיין-מענטשלעכן שכל; זיי פאַרלאָזן דאָס פעלד פון נויטווענ-דיקייט, ווו דער געפונענער אמת איז אַ חוב פאַר אַלעמען, און עפענען אַ ווייטן וועג פאַר פרייער נאַציאָנאַלער שאַפונגס-אַרבעט. דערפון איז געדרונגען, אַז אָפּגעבן זיך צו די העכסטע פאָרמען פון אמת, יושר און שיינקייט הייסט אין דערזעלבער צייט אָפּ-געבן זיך צו יענע אַלגעמיין-מענטשלעכע פּרינציפּן, וואָס קאָנען זיך נישט אַנדערש אַרויסווייזן, סיידן אין וואָסערע עס איז נאַציאָנאַלע פאָרמען.

*) דאָרטן גופא, ז. 30-31.

## III

אַלע „העכערע" צווייגן פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור און אויך יענע „נידעריקערע" צווייגן, וואָס זענען ענג פאַרבונדן מיט דעם מענטשלעכן לשון, ד. ה. מיט אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך, זענען אַזוי צונויפגעגאָסן מיט די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס־פאָרמען, אַז דער פּראָגרעס אין אַזעלכע צווייגן איז צו דערזעלביקער צייט דער פּראָגרעס פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור. פון דער אַנדער זייט, קאָן מען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז די אַלגעמיין־מענטשלעכע קולטור זאָל זיך אַנטוויקלען ערגעץ ווו אינדרויסן, מחוץ פון די נאַציאָנאַלע כאַראַקטעריסטיקעס, מיט וועלכע איין פאָלק שיידט זיך אָפּ פון דעם אַנדערן.

אָבער נישט נאָר די „פרייע" פעלדער זענען דורכגעדרונגען מיט אַ נאַציאָנאַלן עלעמענט, אַפילו די פעלדער פון נויטווענדיקייט מוזן אויך צאָלן אַ געוויסן קנס דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ.

לאָזן מיר די ט ע כ נ י ק אָן אַ זייט, ווייל אין איר אַנטוויקלונג שפּילן די נאַציאָנאַלע פאָרמען אפשר גאָר אַ קליינע ראָל, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער ליבע און פעאיקייט צו טעכנישע המצאות, בלייבן נאָך ביי אונז די עקאָנאָמיק, די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, די יוריספּרודענץ און די פּאָליטיק, וועגן וועלכע מיר מוזן נאָך זאָגן אַ פּאָר ווערטער, כדי אָנצווייזן אויף דער ראָלע פון דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט, וואָס ווייזט זיך ארויס אין זייער אַנטוויקלונג.

קודם כל דאַרף מען איין מאָל פאַר אַלע מאָל נישט פאַרגעסן, אַז דער א י נ ה אַ ל ט פון די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, יורידישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס דאַרף באַטראַכט ווערן מער נישט ווי פון דעם שטאַנדפּונקט, צי ער טויג אָדער ער טויג נישט אויף צו באַפרידיקן יענע אַלגעמיין־מענטשלעכע הצטרכותן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אין לעבן אָט די צווייגן פון דער קולטור. זיי

געהערן גאַנץ באַשטימט צו דער ממשלה פון נויטוועגדיקייט. מיט קיין נאַציאָנאַלן זשעני, מיט קיין אָריגינאַליטעט און מיט קיין פאָלקס-גייסט קאָן מען נישט פאַרענטפערן דאָס זיין אויף דער וועלט פון אַזאַ סדר אין לעבן, וואָס דריקט ווי אַ באַרג אויף דער פרייהייט און דאָס גליק פון די איינצלנע מענטשן; און מיט קיינע טענות ותביעות אַנטקעגן די „טריפענע המצאות" פון די אויסלענדער קאָן מען נישט פאַרווערן אַ פאָלק איבער-צונעמען פון דער פרעמד יענע אינסטיטוציעס אָדער יענע אי-דעאַלן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס קאָווירן יעדן יחיד די פולע און גאַנצע אַנטוויקלונג פון אַלע זיינע קרעפטן און השלמות. אָבער אויך דאָ קאָן די ראָלע פון דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט באַשטיין אין צוויי זאַכן: ערשטנס, איז ער ביכולת אַרויסצו-ברענגען נייע, נאָך ערגעץ נישט געזעענע פאָרמען פון געזעל-שאַפטלעכן לעבן, וואָס פאַסן בעסער פאַר אַלע מענטשן, איידער אַלע פאָרמען, וואָס זענען געווען ביז אַהער; צווייטנס, קאָן ער אַריינטראָגן און טראָגט ווירקלעך אַריין קלענערע פאַרבעסערונ-גען, פאַרשיידענע שאַטירונגען, צווייט-גראַדיקע שינויים אין יענע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, וואָס ווערן אויס-געאַרבעט פון אַנדערע פעלקער; ער טוט עס, כּדי בעסער צו-צופאַסן די אינסטיטוציעס און אידעאַלן צו די תּנאים פון זיין אייגענעם נאַציאָנאַלן לעבן און צו דעם פּסיכאָ-פיזישן בוי פון זיינע געדאַנקען און געפילן.

צום אומגליק קאָן מען אָט-אָ-די אַלע שאַטירונגען און די ראָלע פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען, וואָס ברענגען זיי אַרויס, עד-היום נישט אויספאָרשן אויף אַ וועלכן-עס-איז פּינקטלעכן וויסנשאַפטלעכן אופן. עס איז זייער שווער פאַנאַנדערצוקלייבן זיך אין די צווייט-גראַדיקע עלעמענטן פון נאַציאָנאַלן לעבן און אַרויסצוגעפינען אויף קלאָר, וואָס שטאַמט פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען און וואָס איז מער נישט ווי אַ פּועל-יוצא פון אַ געוויסן צונויפקום פון היסטאָרישע פּאַסירונגען. דערפאַר קאָן מען אָבער אָן אַ שום גרייז אָנווייזן אויף איין פונקט, ווו די ווירקונג פון דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט

אויף דער אַנטוויקלונג פון די נויטיקע קולטור-פעלדער טרעט אַרויס אַזוי בולט, אַז קיין מענטש קאָן עס נישט אָפּלייקענען. מיר רעדן דאָ וועגן דער נויטיקייט צוצופאַסן זיך צו די באַדינגונגען פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן און צו דעם גאַנצן פסיכאָפיזישן בוי פון דער פאָלקס-נשמה בעת דער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע צוליב די אָדער יענע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, וועלכע מיר ווילן אַריינפירן אין דעם לעבן פון דעם פאָלק.

שוין דאָס אַליין, וואָס מיר מוזן אָנקומען צו דער הילף פון דער פאָלקס-שפּראַך, ווען מיר ווילן פאַרשפּרייטן צווישן דעם פאָלק סאָציאַליסטישע אידעאַלן און פרייהייטס-אידייען, פירט פריער אָדער שפּעטער דערצו, אַז מען זאָגט זיך אָפּ פון דעם איינזייטיקן קאָסמאָפּאָליטיזם, אין וועלכן עס גלויבן אין דער ערשטער צייט די סאָציאַליסטן, איבערהויפּט די סאָציאַליסטן פון די קליינע קולטורעל-אונטערדריקטע פעלקער. די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע גופא, וואָס די פּאַרטייען פירן צווישן די פאָלקסמאַסן, איז אַ קולטורעלע אַרבעט פון זייער אַ הויכער מדרגה, און די דורכפירונג אין לעבן פון אַזאַ אַרבעט מוז בלי שום ספק אַרויסרופן דאָס שפּיל פון די נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס-פאָרמען. די סאָציאַליסטישע אַרבעט קאָן זיך נישט באַגיין אָן אַ געדרוקט וואָרט, אָן מער אָדער ווייניקער טאַלענטירטע פּובליציסטן, אָן שיינע ליטעראַטור און פּאָעזיע, אָן פּאָפּולאַריזאַציעס פון די אָדער יענע פּראָגרעסיווע וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע פּרינציפּן. די נייע פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע פאָדערט פּאָעטן, אָדער, לכל-הפּחות, טאַלענטירטע איבערזעצער; די פּרעסע בכלל — אַ היפּשע מחנה פון פעאיקע שרייבער, וואָס זוכן ביסלעכווייז איין אין זייער נשמה דעם פּאָעטישן צויבער פון דער אייגענער שפּראַך, וואָס שפּירן אַ באַזונדערע עסטעטישע וואַזן אין דעם פּראָצעס גופא, מיט וועלכן זיי באַשאַפן אין אַרבעטן; אויף אַ נייעם ליטעראַרישן לשון. אַ געראָטענער וואָרטשפּיל, וואָס גיט צו דער כּמעט אינגאַנצן אָפּגעריבענער מטבע פון די טאָג-טעגלעכע סאָציאַליסטישע געדאַנקען אַ נייע אָריגינעלע שאַטירונג, געשעפּט פון דעם ריין-פאָלקלעכן אוצר פון נאַציאָנאַלע בילדער

און געדאַנקען, אַ טאַלענטירט נאָכמאַכן די פֿאָלקס־רייד און די פֿאָלקס־פּאָעזיע, — דאָס אַלץ רופֿט אַרויס כמעט אומבאַוווּסט אַ ליבע צום פֿאָלק און צו דעם פֿאָלקס נשמה. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז גיסן זיך צונויף די אומבאַוווּסטזיניקע ליבע צו דעם פֿאָלק און יענע איינצלנע מאָמענטן פֿון עסטעטישער פֿרייד, וואָס ווערן אַרויסגערופֿן דורך די נאַציאָנאַלע זייטן פֿון דעם פֿאָלקס־לעבן, אין אַ גאַנץ באַשטימטן, שטאַרקן נאַציאָנאַלן געפֿיל, און וואָס ווייטער עס וואַקסט זיך פֿאַנאַנדער און וואָס טיפֿער עס דרינגט אַריין אין פֿאָלק די אַרבעט צוליב פֿאַרשפּרייטן סאָציאַליסטישע אידייען, וואָס מער ליטעראַרישע קרעפֿטן און רעדנער זי ציט צו צו זיך, אַלץ רייכער ווערט די פֿאָלקס־שפּראַך, סיי אין אירע אויסדרוקס־פֿאָרמען, סיי אין דעם אוצר פֿון אירע ווערטער. עס קומט אַ צייט, ווען אַפֿילו די סקעפּטיקער מוזן מודה זיין, אַז כמעט פֿאַר זייערע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ נייער ליטעראַרישער לשון און עס איז באַשאַפֿן געוואָרן אַ נייע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, וואָס איז ווערט, מען זאָל זי ליבן, און פֿאַרדינט, מען זאָל איר ווינשן, זי זאָל ווייטער זיך אַנטוויקלען און וואַקסן.

אַחוץ דעם פֿאָדערט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, אַז די אינטעליגענציע, וואָס האָט זיך פֿריער אָפּגעריסן פֿון פֿאָלק און איז צוגעשטאַנען צו אַ העכערער קולטור, זאָל זיך צוריק אומקערן „אַהיים”. דער אַבסטראַקטער כאַראַקטער פֿון די סאָ־ציאַליסטישע אידייען, מיט וועלכע די אינטעליגענציע איז געווען אָנגעפֿילט, בעת זי איז געווען אין דער „פֿרעמד”, אָדער יענע פֿרעמדע נאַציאָנאַלע שאַטירונג, וואָס זי האָט אַריבערגענומען פֿון אַ פֿרעמדער נאַציאָנאַלער אַטמאָספֿער, טרעטן ביסלעכווייז אָפּ זייער אָרט פֿאַר אַ נייעם, לעבעדיקן, פֿאַרביקן אינהאַלט, פֿול מיט פֿלייש און בלוט, אַריינגעטראָגן אין די סאָציאַלע אידייען דורך דעם נאַציאָנאַלן לעבן פֿון דעם אייגענעם פֿאָלק. די אַל־געמיין־מענטשלעכעליידן, אַנטקעגן וועלכע די סאָציאַליסטן טרעטן אַרויס אין קאַמף, שטייען איצט אויף פֿאַר זייערע אויגן אין דער פֿאָרם פֿון אַ באַשטימטן פֿאָלקס־אומגליק, מיט זיינע

באַשטימטע ליידן, וואָס שטאַמען נישט נאָר פון דער סאָציאַל-פּאָליטישער לאַגע פון דעם פאָלק, נאָר אויך פון זיין געדריקטער לאַגע צווישן די פעלקער, וועלכע רינגלען אים אַרום. די גע-פילן פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענציע ווערן באַרייכערט מיט אַ גאַנצן אוצר נייע שפּירונגען פון דעם נאַציאָנאַלן אומ-גליק. עס באַווייזן זיך ביי איר געפילן פון רחמנות צו דעם אומזיסט-אומנישט פאַרפאָלגטן פאָלק, וואָס איז געשמידט אין קייטן און קאָן נישט פאַנאַנדערוויקלען אַלע רייכקייטן, מיט וועלכע די נאַטור האָט עס געבענטשט; עס וואַקסט אויס אַ געפיל פון האַס צו די אונטערדריקער, אַ גלוטיק פאַרלאַנגען צו קעמפן פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. נאָך איין שריט,— און דער פריערדיקער אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס האָט אויסגעזען צוויי טראָפּן וואַסער ווי דער קאָסמאָפּאָליטיזם, הויבט אָן צו פאַרלירן זיין קאָסמאָפּאָליטישע שאַטירונג און קומט ביסלעכווייז צו זיין אייגענעם שכל, צו דעם שכל פון ברידערלעכקייט און גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע פעלקער, וואָס העלפן איינער דעם אַנדערן אין זייער שווערער אַרבעט צו קעמפן פאַר דעם אמת. און פאַר דעם סאָציאַליזם ווערט אָוועקגעשטעלט די אויפגאַבע ער זאָל עפענען פאַר יעדן פאָלק אַ פרייען וועג פאַר דער אַנט-וויקלונג פון אַלע קולטור-קרעפטן, וואָס ליגן אין אים.

ווער עס האָט מיט קאָפּ באַטראַכט די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביי די איצטיקע קלענערע פעלקער, די קולטורעל-אָפּגעשטאַנענע, אָדער וואָס לעבן אין שקלאַפעריי ביי אַ העכערער קולטור, יענער וועט בלי-ספק מודה זיין, אַז אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, איז גענומען געוואָרן פון דעם לעבן. כמעט ביי אַלע אַזעלכע פעלקער האָט די סאָציאַליסטישע אינטעליגענציע אָנגעהויבן מיט דעם קאָסמאָפּאָליטישן אַלף-בית, אָדער זי האָט געפריידיקט אַסימילאַציע מיט אַ פרעמדער העכערער קולטור. כמעט אומעטום האָט זי גאָרנישט געוואָלט וויסן פון נאַציאָנאַלע אויפגאַבן און האָט געהאַט נאָר איין זאַך אין זינען — צוציען די מאַסן צו דער אַלגעמיין-מענטשלעכער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און כמעט ביי אַלע אַזעלכע פעלקער איז די איני-

טעליגענציע, סוף-כל-סוף, געקומען דערצו, אַז זי האָט אָנגעשריבן אויף איר פאָן נישט נאָר די אַבסטראַקטע באַפרייאונג פון דעם מענטשן, נאָר אויך די נאַציאָנאַלע ווידערבאַלעבונג פון דעם אייגענעם פאָלק.

אָט דער נייער קער אין דער אַרבעט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ביי אַן אונטערדריקטן פאָלק איז אומעטום די וויכטיקסטע פּאַסירונג אין זיין געשיכטע. דער פריערדיקער קאָסמאָפּאָליטיזם און דער בלינדער האַס אָן אַ שום טעם צו אַלץ, וואָס האָט אין זיך אַ שמץ פון נאַציאָנאַלן לעבן, האָט נישט געלאָזן די גרויסע מאַסן צוצושטיין צו דעם סאָציאַליזם. די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען מיט די גלחים בראש, האָבן אויסגענוצט די לאַגע און זיך אַליין אויסגערופן פאַר די איינציקע פריינט און באַשיצער פון דעם פאָלק און פון זיינע פאָלקס-אינטערעסן. נישט נאָר אָן אַ גרונט האָבן זיי געקאָנט אָנווייזן אויף די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווי אויף אמתע פיינט פון דעם פאָלק, וואָס ווילן מאַכן אַ תל פון אים און זיין נאַציאָנאַלן לעבן. דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג האָט דיקטירט די מאַסן די נויטווענדיקייט אָנצולענען זיך אויף די רעאַקציאָנערע עלעמענטן און פירן אַ בלוטיקן קאַמף קעגן דעם אינעווייניקסטן פיינט, וואָס האָט אויפגעהויבן זיין האַנט אויף דעם קיום גופא פון דעם פאָלק.

אָבער זינט דעם מאָמענט, ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייהויבט אָן צו רעדן נישט נאָר אין דעם נאָמען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך אין דעם נאָמען פון איר אונטערדריקטן פאָלק; זינט דעם מאָמענט, ווען זי שטעלט אַרויס פאַר איר פאָלק נייע אויפגאַבן פון נאַציאָנאַלער פרייהייט און ווייזט אָן נייע, פּראָגרעסיווע, בעסערע וועגן און מיטלען, ווי צו דערגרייכן דעם ציל, — בייט זיך אינגאַנצן איר ראָלע אין דעם געשיכטלעכן לעבן פון איר פאָלק. ביי די רעאַקציאָנערע קרעפטן ווערט אַרויסגעריסן די פּאָזיציע פון אונטער זייערע פיס. די פאָלקסמאַסן, נישט מער פאַרשיכורט פון דעם שאָוויניסטישן גיפט, געבינטן אין דער פּראָגראַם פון דער סאָ-

ציאַליסטישער פּאַרטיי די באַפרידיקונג פון זייער נאַטירלעכן און גערעכטן נאַציאָנאַלן געפיל און הויבן אָן מיט מער קאָפּ און האַרץ צוצוהערן זיך צו די אַלגעמיין-מענטשלעכע אויפגאַבן, וואָס ליגן אין דעם סאָציאַליזם.

די בעסטע טאַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז אָננעמען זיך פאַר די אמתע נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם פאָלק. די געשיכטע פון דעם פלעמישן, טשעכישן און לעטישן סאָציאַליזם האָט שוין באַוויזן, וואָס פאַר אַ גוטע פרוכט די טאַקטיק האָט געבראַכט אַפילו פון דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן שטאַנדפונקט: אַלץ גרעסערע און גרעסערע מאַסן זענען צוגעשטאַנען צו דעם סאָציאַליסטישן חייל. הייסט עס, אַז אויך אין די אינטערעסן פון יענעם קולטור-צווייג, וואָס מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן — היסטאָרישע טעטיקייט, ליגט, מען זאָל זיך אָננעמען פאַר יענעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, וועלכן מען קאָן נישט אָפּשיידן פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם.

רעדנדיק וועגן דעם וויכטיקסטן צווייג פון דער אַלגעמיין-מענטשלעכער קולטור, דער היסטאָרישער טעטיקייט, וועמעס ציל עס איז איבערצובייטן אינגאַנצן אָדער צום טייל אַלץ, וואָס איז ביז אַהער באַשאַפן געוואָרן אין דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, קומט אונז אַרויף אויפן זינען אַ געדאַנק, וואָס איז זייער וויכטיק פאַר אונזער ענין.

באַטראַכט מען די סיבות פון פּראָגרעס, פּאַרגליווערונג און רעאַקציע ביי איינצלנע פעלקער אין די פאַרשיידענע צייטן פון זייער היסטאָרישן לעבן, באַמערקט מען אין די צייטן פון זייער פּראָגרעס אַ גייסטיקע דערנענטערונג צו — אָדער אַ גייסטיק צונויפשטויסן זיך מיט אַנדערע פעלקער. אין דער געשיכטע געפינען מיר נישט קיין איין-איינציקן ביישפּיל, אַז די עפּאָכע פון אַ שטילשטאנד, וואָס האָט געהערשט ביי איין פאָלק אָדער ביי א גרופּע פעלקער, ארומגענומענע מיט דערזעלביקער קולטור-אטמאָספער, זאָל זיך ענדיקן אָן דער ווירקונג פון אנדערע פעלקער, וואָס געהערן צו אנדערע קולטור-אטמאָספערן. צוריק, קאָן מען ברענגען אסך ביישפּילן, וואָס באווייזן, ווי אזוי

פעלקער, וועלכע האָבן באַשאַפן זייער אייגענע קולטורעלע אַטמאָספער און האָבן זיך אַרומגעצוימט אַזוי, אַז קיין דרויסנדיקע ווירקונג זאָל נישט קאָנען אַריינדרינגען אין איר, האָבן מיט דער צייט פאַרלאָרן זייערע באַשאַפונגס־כּוחות און זענען אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון קולטורעלן שלאָף. דער געדאַנק האָט, ווי עס ווייזט אויס, אויסגעשעפּט זיין זעלבשטענדיקייט, אַרבעטנדיק דור אויס, דור איין אין דעמזעלביקן שאַבלאָן, און דער שטענדיקער דרוק פון דעם שאַבלאָן האָט אינגאַנצן דערשטיקט די שוואַכע שפּראָצן פון דעם קריטישן געדאַנק, וואָס איז אַזוי נויטיק פאַר דער געשיכטלעכער אַרבעט, אַפילו אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וואָס באַהערשן די אַנטוויקלונג און די אויסבעסערונג פון די מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס־כּוחות.

דאָ טרעט אַריין אין לעבן דאָס, וואָס מיר באַמערקן ביי דעם ענדאָסמאָס און עקזאָסמאָס (אויספלוס און איינפלוס) פון צוויי וועסערלעך פון פאַרשיידענע געדיכטקייטן, אָפּגעטיילט איינס פון דעם אַנדערן דורך אַ דורכלאָזנדיק ווענטל. ווען נאָך אַ קלייגער צייט פון שותּפותדיקן אויסבייט און באַוועגונג דערגרייכן די וועסערלעך דעמזעלביקן מעמד, דעמזעלביקן גראַד פון געדיכטקייט, און די באַוועגונג הערט אויף.

עס קאָן זיין, אַז אויך דאָס צווישנפעלקערלעכע לעבן איז אַ מין קולטורעלער ענדאָסמאָס און עקזאָסמאָס, און די ווייטערדיקע פּראָגרעסיווע באַוועגונג פון דער קולטור וועט אינגאַנצן אפשר אויפהערן, ווי נאָר אַלע פעלקער וועלן זיך צונויפגיסן אין איין מענטשהייט מיט איין קולטורעלער אַטמאָספער, די אייגענע פאַר אַלעמען. אַ שטיקל „מוסר” קאָנען מיר זיך אָראָפּנעמען פון די כינעזער. זיי האָבן זיך אָפּגעצוימט פון דער איבעריקער וועלט מיט אַ „כינעזישער מויער”, און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אין דער ערשטער צייט האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַלע סימנים פון פּראָגרעסיוון דענקען, זענען זיי אַנטשלאָפן געוואָרן, ווייל עס איז נישט געווען קיין אַנדער קולטורעלע אַטמאָספער, וואָס זאָל ווירקן אויף זיי. אויב אַלע פעלקער וועלן זיך צונויפגיסן אין איין מענטשהייט, וועלן זיי זיך

געפינען אין דער לאַגע פון די כינעזער, ווייל עס וועט נישט זיין קיין אַנדער מענטשלעכע קולטור, וואָס זאָל ווירקן אויף דער אַלגעמיין-מענטשלעכער, און עס קאָן זיין, אַז אויך זייער פּראָגרעסיווער געדאַנק וועט דערשטיקט ווערן פון דעם שאַבלאָן פון דער איין-איינציקער מענטשלעכער קולטור. עס קאָן זיין, אַז דווקא דערפאַר, וואָס עס זענען דאָ אויף דער וועלט פאַרשיידענע קולטורעלע אַטמאָספערן, וואָס ווירקן שטענדיק איינע אויף די אַנדערע, האָט קיינע נישט די מעגלעכקייט פאַרגליווערט צו ווערן און איינצושלאָפן אויף דעם איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויסגעאַרבעטן שאַבלאָן. ביז איצטער געפינען מיר אין דער מענטשהייט נאַציאָנאַלע קולטור-אַטמאָספערן, וואָס זענען נישט גלייך איינע צו דער אַנדערער נישט נאָר נאָך זייער פאָרם, נישט נאָר לויט די פּראָדוקטן פון די העכערע פרייע קולטור-פעלדער, נאָר אויך נאָך זייער אינהאַלט, נאָך זייערע ענטפערס אויף די וויכטיקסטע שאלות פון דעם פשוטן לעבן. אַזאַ פאַרשיידנקייט מוז על-פּי הכרח פירן צו פיינטלעכע צוזאַמענשטויסן צווישן די קולטורעלע אַטמאָספערן. אָבער אָט די פיינטלעכע צוזאַמענשטויסן זענען נישט קיין „מוז" פאַר זייער געזונטער און פרוכפערדיקער ווירקונג איינע אויף די אַנדערע. מען קאָן זיך גאַנץ גוט פאָרשטעלן אַ לאַגע, ווען אַלע נאַציעס וועלן אין זייער קולטורעלן לעבן אָפּהיטן ריזעלביקע אַלגעמיין-מענטשלעכע פּרינציפּן און וועלן זיך אָפּשיידן איינע פון די אַנדערע נאָר דורך זייער לשון, דורך אָריגינעלע שאַטירונגען ביי דעם ענטפער אויף די וויכטיקסטע פראַגן, וואָס וואַקסן אויס אויף די „נויטיקע" קולטור-פעלדער, און לויט די פּראָדוקטן פון זייער נאַציאָנאַלן שאַפן אין יענע העכערע פעלדער, ווו עס קאָנען נישט זיין קיין אַלגעמיין-מענטשלעכע ענטפערס, וואָס זאָלן זיין אַ חוב פאַר אַלע מענטשן. אָט די פאַרשיידנקייטן זענען גענוג, כּדי נישט צו דערלאָזן, אַז אַלע מענטשלעכע קולטורן זאָלן זיך צונויפגיסן אין איין אַטמאָספער, וואָס געפינט גיך איר גלייכגעוויכט און וואָס מוז אפשר דער-בער גופא פאַרמשפּט ווערן אויף אַ קולטורעלן שטילשטאַנד.

על־כל־פנים, ווי עס זאָל נישט זיין מיט דער מענטשהייט אין דער ווייטער צוקונפט, איז פאַר דער איצטיקער צייט און פאַר דער נאָנטער און נענטסטער צוקונפט די עקזיסטענץ פון איינציקע נאַציאָנאַליטעטן באַוואָרנט, און עס קאָן גאָר קיין ברעקל ספק נישט זיין, אַז יעדע נאַציע האָט אַ רעכט צו קוקן אויף זיך, ווי אויף אַ באַזונדערע קולטור־אַטמאָספער, וואָס אַרבעט אויס אַזעלכע פּראָדוקטן פון דער קולטור, וועלכע קאָנען נישט וואַקסן אין קיין אַנדער אַטמאָספער. אמת, זי טאָר זיך נישט אָפּצוימען פון דער אַרומיקער וועלט. זי מוז אַריינבעמען פונדרויסן די ווירקונג פון אַנדערע אַטמאָספערן און פון איר זייט צוריקווירקן אויף זיי, שטענדיק אויפהאַלטנדיק אויף אַזאַ אופן די אייביקע באַוועגונג פון דער קולטור, דאָס אייביקע אויסאַרבעטן אַלץ נייע און נייע אָריגינעלע פאָרמען פון דעם מענטשלעכן לעבן. און דווקא דערפאַר, וואָס יעדעס פאָלק איז אַ זעלבשטענדיקע אַטמאָספער, וואָס ווירקט ווי הייוון אין דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור, האָט עס אַ רעכט אַרומצוריגלען זיין לעבן מיט אַזעלכע באַדינגונגען, סיי פּאָליטישע, סיי אינ־טערנאַציאָנאַלע, וואָס זאָלן קאָווירן אים אַ פולע און פרייע אַנט־וויקלונג פון אַלע זיינע נאַציאָנאַלע באַשאַפונגס־כּוחות, און וואָס זאָלן אים געבן די מעגלעכקייט אָנצופילן די באַשאַפונגס־פאָרמען מיט אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן אינהאַלט.

אויסצוגעפינען און אויסצואַרבעטן אָט די פּאָליטישע און אינטערנאַציאָנאַלע באַדינגונגען איז געוויס נישט קיין גרינגע זאַך, דערהויפּט בנוגע צו אַזעלכע פעלקער, וואָס וווינען נישט אויף איין־איינציקער טעריטאָריע, וועלכע זאָל געהערן נאָר זיי אַליין. נאָר אָט די אויפגאַבע קאָן אויסגעפירט ווערן. די טעאָריע און די פּראַקטיק פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין מערב־איירָאָפּע האָבן אויסגעאַרבעט די וויכטיקסטע פּרינציפּן, ווי אַזוי צו פאַרענטפערן דעם שווערן און פאַרוויקלטן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. דערקלערן די פּרינציפּן, פאַנאַנדערקלייבן זיי און אָפּשאַצן זיי, — דאָס גייט אַרויס פון די גרענעצן פון אונזער היינטיקער אַרבעט

און פאַרדינט אַ באַזונדער ווערק. איצטער, צום סוף פון אונזער אַרבעט, ווען מיר באַמערקן נאָר איינס.

כּדי די פאָלקס-מאַסן, אָן וועמען עס קאָן נישט געשען קיין איין גרויסע זאַך אין דעם היסטאָרישן לעבן, זאָלן זיך קאָנען אָנצינדן מיט דעם פאַרלאַנג צו אַנטוויקלען זייער נאַציאָנאַלע קולטור און אָנצווענדן אַלע זייערע כּוחות אויף צו פאַרענטפערן זייער נאַציאָנאַלע פראַגע, מוז מען זען, אַז זייער עקאָנאָמישע לאַגע זאָל זיך אויפהויבן, לכל-הפּחות, אויף אַזאַ מדרגה, וואָס זאָל זיי געבן לפי-ערך גענוג צייט, פריי פון דאַגות חיונה, זיי זאָלן קאָנצן הנאה האָבן פון יענע העכערע פּראָדוקטן פון דעם נאַציאָנאַלן באַשאַפן, וועמעס זעלבשטענדיקע אַנטוויקלונג זיי זענען באַרופן אָפּצוהיטן. פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די מאַסן קאָן אָבער קיינער נישט, אַחוץ די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון די מאַסן גופא, הייסט עס, אַז אויב דער סאָציאַליזם גייט לחלוטין נישט להיפּך צו יענעם נאַציאָנאַליזם, וואָס גייט אַריין ווי אַ גערעכטער עלעמענט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּרינציפּ, קאָן פון דער אַנדער זייט דער נאַציאָנאַלער עלעמענט נאָר דעמאָלט אינגאַנצן און פריי הערשן אין לעבן, ווען ער וועט זיך שטענדיק און מיט קלאָרן זינען אָננעמען אָן דעם סאָציאַליזם און זען שטענדיק גיין מיט אים האַנט אין האַנט.

# אַמאָ באַוערס בוך וועגן דער נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע

# אָטאָ באַוערס בוך וועגן דער נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע *)

די טעאָריע פון פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, האָט אין דער לעצטער צייט אָנגעוואָרן ביי די סאָציאָלאָגן אַסך פון איר חשיבות. אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, וואָס מען פלעגט פריער באַטראַכטן פאַר באַזונדערע קרעפטן, וועלכע טרייבן די געזעלשאַפט אויף דעם אָדער יענעם וועג, ווערן איצטער פאַרשטאַנען נישט ווי זעלבשטענדיקע פאַקטאָרן, נאָר ווי פאַרשיידענע זייטן פון איין און דעמזעלביקן פראָצעס, ווי נישט פאַנאַנדערגעטיילטע חלקים פון איין און דעמזעלביקן גאַנצן.

עס איז דאָ אַ גרויסער שטיק אמת אין אָט דער שטעלונג צו דער פראַגע. אָבער די אָנהענגער פון דערדאָזיקער שטעלונג פאַלן אָפט אַריין אין דעם אנדערן עקסטרעם. פאַרשיידענע „זייטן”. טרעטן אַרויס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן מיר האָבן דאָ אי עקאָנאָמישע דערשיינונגען, אי פּאָליטישע, אי יורידישע און אַסך אנדערע ביז צו דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדע. קאָן מען דען ערנסט באַהויפּטן, אַז אָט די אַלע זייטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן זענען גלייך וויכטיק? אַז זיי אַלע באַזיצן אין זיך דעמזעלביקן ווירקונגס־כּוח? געוויס איז אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אַלץ מיט איינאַנדער דורכגעפלאָכטן און אַלץ ווירקט אויף אַלץ.

מען קאָן זיך גאַנץ המצאהדיק אויסשטעלן, אַז דערשיינונגען אין דער מאָדע-וועלט, ווי דאָס שלייפן פון דימענטן און דאָס העפטן פון בריסעלער שפּיצן, לייגן סוף-כל-סוף אַרויף אַ געוויסן שטעמפּל אויף אַלע סאָציאַלע דערשיינונגען ביז צו דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן. און דאָך וועט קיינעם נישט איינפאַלן צו זאָגן, אַז דער איבערבייט אין דער מאָדע ווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן אין דעמזעלביקן גראַד, ווי די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן ווירקט, לאָמיר זאָגן, אויף דעם קלאַסן-קאַמף.

ס'איז קלאָר, אַז נישט אַלע דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן באַזיצן אין דערזעלביקער מאָס יענעם כּוח, וואָס מען קאָן באַצייכענען מיטן נאָמען „היסטאָרישע ענערגיע". גיט מען אָבער דאָס צו, זעט מען גלייך איין, אַז דער אַנאַליז און די אויספאָרשונג פון דידאָזיקע פאַרשיידענע „זייטן", כּדי אָפּצושאַצן דעם כּוח פון זייער היסטאָרישער ענערגיע, איז פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דער וויסנשאַפטלעכער פאַרשטענדעניש פון דער געשיכטע. וואָרים נאָר דידאָזיקע אויספאָרשונג קאָן אונז העלפן אַרויסטיילן די שטאַרקערע און אַקטיווערע זייטן פון די שוואַכערע און פּאַסיווערע.

דאָס איז טאַקע ביז אַהער אייגנטלעך געווען די הויפּט-אויפגאַבע פון דער געשיכטס-פילאָזאָפיע. די עקאָנאָמישע דערשיינונגען, די יורידישע, די נאַטירלעכע סביבה, אין וועלכער דעם מענטשן איז אויסגעקומען צו לעבן — דאָס אַלץ איז באַטראַכט געוואָרן סיי בנוגע זייער וויכטיקייט פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, סיי בנוגע דעם כּוח, מיט וועלכן זיי ווירקן אויף אַלע אַנדערע זייטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין דעם פּראָצעס פון דערדאָזיקער אַבסטראַקטער אויספאָרשונג פלעגט, אמת, אָפט פאָרקומען, אַז איינע פון די „זייטן" פלעגט אַרויסגעכאַפּט ווערן פון דעם גאַנצן לעבעדיקן געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם, כּדי צו שטודירן זי ווי איינע פון די פאָרמען פון געשיכטס-ענערגיע, און דעמאָלט פלעגט זי אַמאָל אָננעמען דעם פּרצוף פון אַ „פאַקטאָר", וואָס שטייט כּלומרשט אינדרויסן פון

געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון אַ פאַקטאָר, וואָס שטופּט דאָס דאָזיקע לעבן און ווערט אַליין פון איר נישט געשטופּט. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי דער „פאַקטאָר" וואָלט געווען עפּעס אַ מין מעטאַפיזישע אורקראַפט, וואָס ליגט אינדרויסן פון די דערשיינונגען אָדער ערגעץ הינטער זיי. אַמאָל האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז אַפילו דער פאָרשער אַליין זאָל אַריינפאַלן אין דעם טעות פון דער דאָזיקער אילוזיע, וואָס ווערט באַשאַפן דורך די באַדינגונגען פון אַבסטראַקטן אַנאַליז.

די קריטיק פון דער פאַקטאָרן-טעאָריע איז בלי ספק געווען אַ באַרעכטיקטע, אויף ווי ווייט זי האָט געקעמפט אַנטקעגן אַזעלכע מעטאַפיזישע אילוזיעס, אויף ווי ווייט זי האָט פּראָטעסטירט אַנטקעגן דאָס פאַנאַנדעררייסן דעם איינהייטלעכן אָרגאַניזם פון געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען אויף באַזונדערע איינצלקרעפטן. ווען אָבער די דאָזיקע קריטיק האָט אין איר שטרעבן צום סאָציאָלאָגישן מאָניזם אַרויסגעלאָזן פון אויג דעם חילוק אין דער וואָגיקייט פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, האָט זי זיך דערמיט אַליין אָפּגעשניטן דעם וועג צו דער פאַרשטענדעניש פון יענע גרונט-פּרינציפּן, וואָס העלפן אונז דערקלערן די געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. די פאַקטאָרן פון געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס זענען נישט קיין מעטאַפיזישע וועזנס, וואָס ליגן ערגעץ-ווו אינדרויסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג—אין פאָראויס פון איר אָדער הינטער איר. זיי זענען אַלע נישט מער ווי דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. און זיי אונטערשיידן זיך פון די אַנדערע דערשיינונגען נישט לויט זייער תוך, נאָר בלויז לויט דער פאָרם פון זייער היסטאָרישער ענערגיע און לויט דעם גראַד פון איר אינטענסיוויטעט.

אין דער צאָל פון די דאָזיקע פאַקטאָרן פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס רעכענען מיר אַריין אויך דעם אַזוי אָנגערופענעם „נאַציאָנאַלן פאַקטאָר", דאָס הייסט דעם סך-הכל פון אַלע יענע פּסיכאָפיזישע, סאָציאַלע און היסטאָרישע דערשיינונגען, וועלכע זענען אַ פועל-יוצא פון דעם פאַקט, וואָס די

מענטשהייט איז צעטיילט אין פעלקער, און וואָס די פעלקער ווירקן איינע אויף די אַנדערע.

צום באַדויערן גיט אָפּ די איצטיקע סאָציאָלאָגיע און געשיכטס-פילאָזאָפיע לפי ערך צו ווייניק פּלאַץ פאַר דעם אַנאַליז און דער אויספאָרשונג פון אָט דעם פאַקטאָר. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן ווערט אונז קודם כּל געגעבן, ווי דאָס לעבן פון אַן איינציקן פאָלק. דעריבער ווערן די אַנטוויקלונגס-געזעצן פון דער מענטשהייט שטודירט, אַזוי ווי די מענטשהייט וואָלט באַשטאַנען פון איין-איינציקער געזעלשאַפט און די גאַנצע אַנטוויקלונג וואָלט פאָרגעקומען אין די גרענעצן פון איין-איינציקן פאָלק.

עס איז דאָך אָבער קלאָר, אַז אַסך דערשיינונגען אין דעם לעבן פון דער געזעלשאַפט וואָלטן לחלוטין נישט געקאָנט פאָרקומען, ווען דאָסדאָזיקע לעבן וואָלט נישט אַרויס פון די ראַמען פון אַן איין-איינציקער געזעלשאַפט, פון אַן איין-איינציקן פאָלק. באַטראַכטן די געשיכטע פון דער מענטשהייט נאָר ווי אַ פּראָדוקט פון דער אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, איז פונקט אַזוי פאַלש, ווי עס איז פאַלש צו באַטראַכטן די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אינדיווידו בלויז ווי אַ פּראָדוקט פון זיין אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג. אַזאַ קוק וואָלט געפירט צו דערזעלביקער ראָבינזאָניאַדע, נאָר ווו די ראָלע פון אַ ראָבינזאָן שפּילט אַ גאַנץ פאָלק.

לאָמיר נעמען ווי אַ ביישפּיל בלויז די דערשיינונגען פון מלחמה און פון פרידלעכן אויפטראַג צווישן פעלקער. וויפיל וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען ווערן דורך זיי באַשאַפן! אַ מענטשהייט, וואָס וואָלט באַשטאַנען פון אַן איין-איינציקן פאָלק און וואָס וואָלט ממילא נישט געוווסט פון מלחמות, וואָלט זיכער געהאַט אַ גאַנץ אַנדער אויסזען, איידער עס האָט אין דער ווירקלעכקייט. דער פאַנאַנדערפאַל פון דער געזעלשאַפט אין הערן און קנעכט איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון מלחמה און קריגס-געפאַנגענע. די וויסנשאַפט ווייסט נישט פון קיין איין ביישפּיל — סיי אין דעם לעבן פון חיות, סיי אין דעם לעבן

פון מענטשן — ווי קנעכטשאַפט זאָל אַריינגעפירט ווערן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן בלויז אונטער דער ווירקונג פון יענע אימאַנענטע געזעצן, וואָס באַהערשן די געזעלשאַפטלעכע אַנט־ וויקלונג. קנעכט זענען תחילת אַלעמאָל די באַזיגטע אין צווישנ־ פעלקערלעכן קאַמף, מענטשן פון אַן אַנדער אומה, אָדער ווען עס האַנדלט זיך וועגן חיות, לאָמיר זאָגן, מערעשקעס — באַשע־ פענישן פון אַן אַנדער מין. קנעכט זענען אין ערשטער ליניע פרעמדע „באַרבאַרן". ערשט אין פאַרלויף פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג האָט קנעכטשאַפט, וואָס איז לכתחילה אויסגעוואַקסן ווי אַ פועל יוצא פון מלחמה, פון קאַמף מיט „פרעמדע", זיך אַריבערגעטראָגן אויך אויף „אייגענע".

מען קאָן, אמת, אָנווייזן אויף דער פרימיטיווער פאַר־ שקלאַפונג פון דער פרוי ווי אויף אַ דערשיינונג פון פאַרקנעכ־ טיקונג, וואָס איז אויסגעוואָקסן אין די ראַמען פון דער געזעל־ שאַפט גופא. אָבער ראשית קאָן די פאַרשקלאַפונג פון דער פרוי סאָציאָלאָגיש נישט אין אַלע פרטים צוגעגליכן ווערן צו פשוטער שקלאַפעריי, שנית זענען דאָ גענוג אורזאַכן צו דענקען, אַז אויך די פרויען־פאַרשקלאַפונג האָט געשטאַמט דערעיקר פון דער צעשפאָלטנקייט פון דער מענטשהייט אין אומאָפהענגיקע שבטים, וואָס פלעגן אָפט אָנפאַלן איינער אויפן צווייטן און אַוועקרויבן די ווייבער ביי די „פרעמדע".

אויב אָבער שקלאַפעריי איז פאַקטיש אַ פּראָדוקט פון דעם נאַציאָנאַלן פאַקטאָר, איז דאָך קלאָר, אַז דער גאַנצער סכום פון יענע דערשיינונגען אין קלאַסנקאַמף, וואָס וואַקסן אַרויס פון דער פרימיטיווער שקלאַפעריי, מוז אויך טראָגן אויף זיך דעם שטעמפל פון דעם נאַציאָנאַלן פאַקטאָר. די היסטאָרישע באַדייטונג פון אָט־דעם פאַקטאָר וואַקסט אויס אויף אַזאַ אופן כמעט צו דער מדרגה פון יענער באַדייטונג, וואָס עס האָבן אין דער געשיכטע די דערשיינונגען פון קלאַסנקאַמף. אויך יענער יורידישער און עטישער דואַליזם, יענער חילוק, וואָס דאָס געזעץ און די מאָראַל מאַכן צווישן אייגענע און פרעמדע, אַ חילוק, וואָס האָט אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטער

באַשטימט דעם גאַנצן כאַראַקטער און די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער מאָראַל, — אויך ער שטאַמט דאָך געוויס פון דעם פאַקט, וואָס די מענטשהייט איז צעטיילט אין פעלקער.

און נאָך מער: דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער פּראָגרעס איז אין דער געשיכטע פאַקטיש פאָרגעקומען בלויז דאָרטן, ווו פאַרשיידענע פעלקער זענען געקומען מיט אַנאַנדער אין באַריר אָדער אין פרידלעכע באַציאונגען, אָדער אין קריגערישע צו־נויפשטויסן אויפן שלאַכטפעלד. אַ פאָלק, וואָס שניידט אָפּ אַלע באַציאונגען מיט אַנדערע פעלקער, ווערט אָן זיינע פּראָגרעסיווע טענדענצן און ווערט פאַרגליווערט אין זיין איינמאָל פאַר אַלע־מאָל אויסגעאַרבעטן לעבנס־שטייגער. אַזאַ פאָלק שטעלט זיך אָפּ אין זיין אַנטוויקלונג, פּונקט ווי אַן איינצלנער מענטש, וואָס איז פון געבאָרן אָן דערצויגן געוואָרן אין פולשטענדיקער אָפּ־געזונדערטקייט פון דער גאַנצער וועלט (ווי עס איז געווען דער פאַל מיט קאַספּאַר האַוזערן) וועט נישט קאָנען אַנטוויקלען אין זיך די וויכטיקסטע מענטשלעכע שטריכן, וועלכע אַרבעטן זיך אויס נאָר אין פּראָצעס פון צונויפלעבן און צונויפאַרבעטן מיט אַנדערע מענטשן.

די וויכטיקייט פון דעם נאַציאָנאַלן פאַקטאָר ווערט נישט אויסגעשעפּט בלויז מיט זיין געשיכטס־פילאָזאָפישן באַטייט. די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם איז איצטער געוואָרן די ברענענדיקע פראַגע פון אונזער מלוכה־לעבן, בפרט אין דעם לעבן פון יענע מדינות, ווו עס שטויסן זיך צונויף די להיפּוכדיקע אינ־טערעסן פון די פאַרשיידענע פעלקער, וואָס וווינען אין זיי. עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס אין דער לעצטער צייט האָבן גענומען דערשיינען, דערעיקר אין מערב־איירָאָפּע, גאַנצע וויסנשאַפטלעכע ווערק, וועלכע פאַרנעמען זיך אי מיט דער טעאָרעטישער באַלייכטונג פון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם, אי מיט פּרוּוון פּראַקטיש צו פאַרענטפערן די ברענענדיקע נאַציאָ־נאַלע פראַגן, וואָס שטייען אויפן סדר היום.

רוסלאַנד איז אין דעם פּרט אַביסל אָפּגעשטאַנען פון מערב־איירָאָפּע. אָבער אויך די רוסישע ליטעראַטור איז נישט אָרעם

אין אונטערזוכונגען וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די בעסטע אויספאָרשונגען, וואָס זענען דערשינען אין רוסלאַנד וועגן דעם ענין, זענען אַחוץ וולאַדימיר סאָלאָוויאָווס און גראַדאָווסקיס אַרבעטן, אַלע געשריבן פון מענטשן, וואָס געהערן צו די אונטערדריקטע פעלקער. די גרעסטע צאָל טעאָרעטיקער אויף אָט דעם פעלד האָבן געגעבן די קליינרוסן און די יידן. נאָך אין אָנהויב פון די 80-ער יאָרן, האָט נ. פּ. דראַגאָמאַנאָוו אין אַ ריי וויסנשאַפטלעכע און פּובליציסטישע אַרבעטן אַרויסגעבראַכט די גאַנצע וויכטיקייט פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַר דער פאַרענטפערונג פון די גרונט-פּראָבלעמען, וואָס שווימען אַרויס אין דעם מענטשלעכן צונויפלעבן. זיינע טעאָריעס זענען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט און מיט אַ ליבע צו די אונטערדריקטע פעלקער, דערעיקר צו יענע פעלקער, וואָס ענגעלס האָט זיי אַמאָל באַצייכנט מיט דעם נאָמען „אומהיסטאָרישע” און וואָס דראַגאָמאַנאָוו רופט אָן „פויערים-פעלקער” („כאָלאָפּסקיע”). צום באַדויערן איז דער עולם זייער ווייניק באַקאַנט מיט דראַגאָמאַנאָווס אַרבעטן און אפילו די רוסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס אויף זייער אויפמערקזאַמקייט האָט דער מחבר דערעיקר גערעכנט, האָבן זיינע אַרבעטן אויך קיינמאָל נישט אָפּגעשאַצט כדבעי. אין דער איצטיקער צייט איז שוין זיין בליק אויף דער פראַגע אַ היפּש ביסל פאַרעלטערט. זיינע פּראַקטישע פּלענער מיט זייער הויפּט-געדאַנק צו באַשאַפן פרייע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן אין די גרענעצן פון דעם איצטיקן רוסלאַנד קאָנען גענומען ווערן ערנסט נאָר פון יענעם אַנאַרכיסטישן שטאַנדפּונקט, מיט וועלכן אַלע דראַגאָמאַנאָווס אַרבעטן זענען — הגם מער אָדער ווייניקער פאַרדעקט — דורכגעדרונגען...

דיזעלביקע דראַגאָמאַנאָווסע אידייען זענען שפּעטער אויפגעשטאַנען תחית-המתים — אָבער אָן זייער אינעווייניקסטער אַנאַרכיסטישער נשמה — אין די אַרבעטן פון יענע טעאָרעטיקער אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וועלכע דאָס קליינרוסישע

פּאָלק האָט אין דער לעצטער צייט אַרויסגעבראַכט („אוקראַאינסקי וויעסטניק”). די איבערטיילונג פון די פאַרשיידענע געגנטן אין רוסלאַנד לויט דעם נאַציאָנאַל-טעריטאָריאַלן פּרינציפּ, די אָפּ-היטונג פון נאַציאָנאַלע רעכט פאַר די מעוטים, וואָס וועלן בלייבן וווינען צעשפּריצט אין דידאָזיקע נאַציאָנאַל-אויטאָנאָמע טעריטאָריעס, פרייע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן, אָן וועלכע עס איז עפנטלעך-רעכטלעכע גאַראַנטיעס פאַר די איינצלנע פעלקער, — דאָס איז די פּראָגראַם, מיט וועלכער דידאָזיקע גרופּע קליינ-רוסישע טעאָרעטיקער און פּאָליטיקער זענען אַרויסגעטראָטן *).

אומאָפּהענגיק פון די קליין-רוסישע טעאָרעטיקער האָבן געלאָזט הערן זייער קול די פאָרשטייער פון אַן אַנדער אונטער-דריקטן פאָלק — דעם יידישן. הגם זייערע טעאָריעס און פּראַק-טישע פאָרשלאַגן זענען דורכגעדרונגען מיט דעמזעלביקן גייסט פון גלייכע רעכט פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן, ווי ביי די קליינ-רוסישע טעאָרעטיקער, טראָגן זיי דאָך אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַק-טער. דער אידעאַל פון גלייכע רעכט פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן איז ביי זיי אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם אידעאַל פון איבערבויען די גאַנצע געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות און מיט די נויטן פון דעם אוממיטלבאַרן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון דעם אַרבעטער-קלאַס. אָט-אָ דער שיידונגס-שטריך האָט געגעבן אַ גאַנץ-באַזונדערע ריכטונג דעם גאַנצן בוי פון די טעאָריעס און פּראַק-טישע פאָרצרונגען, וואָס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן פון דעם „בונד” און פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי” (סערפּ). אין דער יידישער ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַרנעמט דעם צענטראַלן פּונקט דער גע-דאַנק, אַז עס איז נויטיק צו פאַראייניקן די אינטערעסן פון סאָציאַליזם מיט די אינטערעסן פון אַ פרייער זעלבשטענדיקער אַנטוויקלונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, און אַז עס מוז געפונען

*) די פאַרענטפערונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דעם סאָוויעטישן רוסלאַנד איז פּרינציפּיעל געבויט אויף דעם דראַגאָמאַנאָוישן פּרינציפּ, נאָר עס פעלט דאָרטן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו פרייהייט. [1930]

ווערן אַ באַשטימטע פאָרם פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווי דער אַרבעטער זאָל זיין פריי פון אַ וועלכן עס איז אומנאַטירלעכן בונד מיט דער בורזשואַזיע און ווי דעם פאָלק זאָל צו דערזעלביקער צייט זיין געזיכערט די פרייע אויטאָנאָמע אַנטוויקלונג אין גייסט פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל.

אויף אָט-אָ דער קאַרדינאַלער פּראָבלעם איז געבויט די נאַציאָנאַליטעטן-טעאָריע, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין „וואָזראָזשדעניע״ און אויך די טעאָריע, וועלכע דער שרייבער פון דידאָזיקע שורות שטעלט אַרויס אין זיין אַרבעט „סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע״ *). פּראַקטישע פּלענער, וואָס פאַלן צונויף מיט אָט-אָ-דער טעאָריע, האָט צום ערשטן מאָל פאָרמולירט אין דער ליטעראַטור דער עסטרייכישער טעאָרעטיקער ר. שפּרינגער אין יאָר 1899. נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אינסטיטוציעס, אויף דעם יסוד פון פּערסאָנאַלע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן, ווי אַ צוגאָב צו טעריטאָריאַלע פאַרבאַנדן — דאָס איז, וואָס שפּרינגער האָט פאָרגעשלאָגן ווי אַן ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. שפּרינגער האָט אָבער אין זיינע קלאַסיש-געוואָרענע אַרבעטן וועגן דעמדאָזיקן ענין נישט געגעבן קיין טעאָריע פון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם, וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיטן סאָציאַליזם. אַ שאַרפער מאָרשער אויפן פעלד פון יוריספּרודענץ און מלוכה-וויסנשאַפט, האָט ער אַלע זיינע מסקנות בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע געבויט אויף די נויטן פון דער מלוכה-אָרדענונג, אַדמיניסטראַציע און זעלבסטפאַרוואַלטונג. ער האָט כמעט נישט באַרירט די נויטן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון דעם קלאַסנקאַמף.

אויסצומויערן אַ טעאָרעטישן פונדאַמענט אונטער שפּרינגערס יורידישע אויספאָרשונגען האָט אויף זיך גענומען זיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי-חבר, אָטטאָ באַוער, אויף וועמעס בוך מיר ווילן דאָ ציען דעם אויפמערק פון דעם לייענער. באַוערס בוך איז זיכער דאָס בעסטע, וואָס עס איז פון

*) זע אויבן אין אָט דעם באַנד.

אַ סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט ביז אַהער אָנגעשריבן געוואָרן וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

עס פרייט אונז צו קאָנסטאַטירן, אַז לויט אירע טעאָרעטישע יסודות שטימט באָוערס סיסטעם מיט יענער וויסנשאַפטלעכער שטעלונג אין דער פראַגע, וואָס די טעאָרעטיקער פון יידישן אַרבעטער-קלאַס האָבן לעצטנס אַרויסגעבראַכט. דער גרונט-שטריך, וואָס פאַראייניקט באָוערס טעאָריע מיט דער שיטה פון דידאָזיקע יידישע פאָרשער באַשטייט אין דעם געדאַנק, אַז דער ריכטיק-פאַרשטאַנענער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ גייט לחלוטין נישט להיפך צו דעם מענטשלעכן פּראָגרעס און צו דעם שטרעבן צום סאָציאַליזם; אַז, אַדרבה, סאָציאַליזם, פּראָגרעס און נאַציאָנאַליזם זענען אַלע נויטיקע עלעמענטן פון אַן אמתן אינטערנאַציאָנאַליזם; אַז אינטערנאַציאָנאַליזם איז אין תוך פיינטלעך נישט נאָר צום נאַציאָנאַלן שאָוויניזם, נאָר אויך צו יענעם אויבערפלעכלעכן — אָדער „נאַאיוון", ווי באָוער רופט אים אָן — קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס באַטראַכט די פאַרשווינדונג פון נאַציאָנאַליטעטן און זייער צונויפגוס אין אַן אייגהייטלעכער מענטשהייט פאַר אַ נויטווענדיקן עלעמענט פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל.

אויך די באַגרינדונג פון באָוערס טעאָריע שטימט צונויף מיט דער אַרגומענטאַציע פון די יידישע טעאָרעטיקער. זי איז באַזירט דערעיקר אויף דעם חילוק צווישן דער מאַטעריעלער און פאָרמעלער זייט פון דער מענטשלעכער קולטור. הגם אין דער פראַגע, וועלכע עלעמענטן דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי „מאַטעריע" און וועלכע ווי „פאָרם" פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, שטימט באָוער נישט איין גישט מיט דעם קוק אויף דעם ענין, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן אין „וואָזראָזשדעניע", נישט מיט דער מיינונג, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דעם אויבנדערמאָנטן ביכל „סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע", ברענגען זיי אָבער אַלע דריי אַרויס דעם געדאַנק, אַז דער מענטשלעכער פּראָגרעס פירט בלויז צו דעם אויסגלייך פון דער מ אַ ט ע ר י ע ל ע ר זייט (דעם אינהאַלט) פון דער קולטור

און צו דער אָפּשאַפונג אָדער פאַרקלענערונג פון יענע נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן, וואָס זענען מיט אַט דער מאַטעריעלער זייט פאַרבונדן. וואָס איז שייך אָבער יענע נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער קולטור-פ אָ ר ם, ווערן זיי אַדרבה נאָך פאַרשטאַרקט און פאַרטיפט אין דעם פראָגרעסיוון גאַנג פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

דער נאַאיווער קאָסמאָפּאָליטיזם גייט אַרויס פון דעם געדאַנק, אַז נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן שטאַמען דורכאויס פון דעם חילוק אין דער אויסערלעכער לאַגע, דערעיקר אין דער סאָציאַלער סביבה. ער רעכנט, אַז דידאָזיקע פאַרשיידנקייטן האַלטן זיך אין דער איצטיקער געזעלשאַפט בלויז אַדאַנק דער פאַנאַטישער טרייקייט צו אַלץ, וואָס כאַראַקטעריזירט „אונז" אין אונטערשייד פון פרעמדע. דער מענטשלעכער פראָגרעס פירט אָבער צו אַ פולשטענדיקן אויסגלייך פון דער געזעלשאַפטלעכער סביבה ביי אַלע פעלקער. די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן ווערן דעריבער אַלץ מער אָפּגעריבן, דער חילוק צווישן „אייגענע" און „פרעמדע" פאַרשווינדט ביסלעכווייז, דאָס געפיל פון שאָוויניזם שטאַרבט אָפּ און דער גאַנצער פראָצעס מוז זיך פאַרענדיקן מיט דער פאָרמירונג פון אַן איינציקער, איינהייטלעכער מענטשהייט. דער מענטש איז אַ פראָדוקט פון דער סביבה; בייט זיך די סביבה — בייט זיך דער מענטש; גלייכע סביבות באַשאַפן גלייכע מענטשן — דאָס זענען די מסקנות, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דער קאָסמאָפּאָליטיזם.

באַוער לייקנט נישט אָפּ די גרויסע ווירקונג פון דער געזעלשאַפטלעכער סביבה, אַדרבה, ער איבערשאַצט נאָך איר וויכטיקייט, ווי מיר וועלן דאָס זען שפּעטער. באַוער גייט אַרויס פון דעמדאָזיקן קאָסמאָפּאָליטישן גרונט-געדאַנק און באַווייזט פונדעסטוועגן די אוממעגלעכקייט, אַז נאַציאָנאַלע אונטערשיידן זאָלן ווען עס איז פאַרשווינדן נישט נאָר אין דער קאַפּיטאַליסטישער, נאָר אַפילו אין דער סאָציאַליסטישער עפּאָכע.

אין זיין אַרגומענטאַציע פירט דאָ באַוער אַריין אַ באַגריף, וואָס קאָן אונז אַסך העלפן צו פאַרשטיין קלאָרער די נאַציאָ-

באַליטעטן-פּראָבלעם. דאָס איז דער באַגריף פון נ אַ צ י אָ נ אַ-
ל ע ר אַ פּ ע ר צ ע פּ צ י ע.

וואָס אַזוינס איז אַפּערצעפּציע?

זינט לייבניץ האָט אַריינגעפירט דעמדאָזיקן אויסדרוק אין דער פילאָזאָפיע ביז צו דער איצטיקער צייט, איז דאָס וואָרט אַ פּ ע ר צ ע פּ צ י ע באַנוצט געוואָרן אויסצודריקן פאַרשיידענע באַגריפן, אָדער ריכטיקער פאַרשיידענע שאַטירונגען פון דעמ-זעלביקן גרונט-באַגריף. אויב מיר האָבן באַוואָרן ריכטיק פאַר-שטאַנען, נעמט ער אָן יענעם פּירוש פון דעם וואָרט, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אין הערבאַרטס חדר און וואָס שטיינטאַל און לאַצאַרוס, די באַשאַפער פון דער מאָדערנער עטנאָ-פּסיכאָלאָגיע (Völkerpsychologie), האָבן שפּעטער ווייטער אַנטוויקלט.

דעם תוך פון אַפּערצעפּציע קאָן מען מסביר זיין מיט אַזאַ ריין-היפּאָטעטישן ביישפּיל. לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַ נאָר-וואָס געבאָרענעם צווילינג מיט צוויי שפּאָגל-נייע, אין אַלע פּרטים גלייכע נשמות, וואָס האָבן נאָך נישט באַקומען קיין השפּעה פון דער דרויסנדיקער וועלט. לאָמיר די נשמה אין אָט-אָ-דעם צושטאַנד באַצייכענען מיטן אות „אַלף". זאָל איין און דיזעלביקע דרויסנדיקע דערשיינונג: „בית" ווירקן אויף דידאָ-זיקע צוויי נשמות. די אָפּשפּיגלונג פון דערזעלביקער דערשיינונג אין די צוויי אין אַלע פּרטים גלייכע נשבות מוז זיין פּונקט דיזעלביקע. ביידע נשמות „אַ" האָבן אויפגענומען אָדער פּער-צעפּירט די דערשיינונג „בית" און האָבן דורך דעם באַקומען אַ געוויסן סכום פון אַקטיווער פּסיכישער ווירקזאַמקייט. דער צו-שטאַנד פון איטלעכער פון די נשמות קאָן איצטער באַצייכנט ווערן מיט „אַלף-בית". איטלעכע נייע דערשיינונג, וואָס וועט ווירקן אויף דידאָזיקע נשמות, מוז שוין איצטער באַאיינפלוסט ווערן פון זייער אַקטיוון פּסיכישן אינהאַלט און אין אַ גע-וויסער מאָס איבערגעאַרבעט ווערן. די דערשיינונג ווערט שוין נישט נאָר פּערצעפּירט, נאָר אויך אַ פּ ע ר צ ע פּ י ר ט. זאָל איצטער אויף איינער פון די נשמות אין איר צושטאַנד „אַלף-בית" ווירקן אַ דערשיינונג „גימל",

און אויף דער אַנדערער אַ דערשיינונג „דלת". די דערשיינונגען וועלן אַפערצעפירט ווערן, לאָמיר זאָגן, אין דער פאָרם „גימל-איינס" און „דלת-איינס". דער צושטאַנד פון דער ערשטער נשמה קאָן איצטער באַצייכנט ווערן מיט „אַלף-בית-גימל-איינס", און פון דער צווייטער — מיט „אַלף-בית-גימל-דלת-איינס". די צוויי פריער גלייכע נשמות מיט גלייכן אינהאַלט זענען געוואָרן פארשיידן. יעדערע פון זיי האָט שוין איר אייגענעם פאַרשיידענעם פסיכיש-אַקטיוון אינהאַלט. ווען איין און דיזעלביקע בייצ דערשיינונג, זאָגן מיר „הא" זאָל איצטער ווירקן אויף ביידע נשמות, וועט זי שוין אַפערצעפירט ווערן פון יעדער איינער פון זיי אויף איר אייגענעם שטייגער. דיזעלביקע דערשיינונג וועט זיך אָפשפיגלען אין איינער, לאָמיר זאָגן, ווי „הא-איינס", און אין דער צווייטער ווי „הא-צוויי". דער צושטאַנד פון דער ערשטער נשמה וועט זיין איצטער „אַלף—בית—גימל-איינס—הא-איינס", און פון דער צווייטער „אַלף—בית—דלת-איינס—הא-צוויי". ווען מיר זאָלן לאָזן איצטער ווירקן די דערשיינונג „דלת" אויף דער ערשטער נשמה און די דערשיינונג „גימל" אויף דער צווייטער, כדי דורכדעם אויסצוגלייכן זייערע דערפאַרונגען, וועט זיך שוין דורך דעם זייער פסיכישער אינהאַלט צוריק נישט אויסגלייכן: די „האָבן" זענען שוין אין זיי אַנדערע און אויך די דערשיינונג „דלת" וועט אַפערצעפירט ווערן פון דער ערשטער נשמה אין איר „אַלף—בית—גימל-איינס—הא-איינס"-צושטאַנד גאַנץ אַנדערש ווי זי איז אַפפערצעפירט געוואָרן פון דער צווייטער נשמה, ווען זי איז נאָך געווען אין איר צושטאַנד „אַלף—בית", אויך די דערשיינונג „גימל" וועט זיך איצטער אָפשפיגלען אין דער צווייטער נשמה אין איר צושטאַנד „אַלף—בית—דלת-איינס—הא-צוויי" גאַנץ אַנדערש, ווי דיזעלביקע דערשיינונג האָט זיך פריער אָפגעשפיגלט אין דער ערשטער נשמה אין איר צושטאַנד „אַלף—בית".

אונטער אינדיווידועלער אַפערצעפציע פאַרשטייען מיר, הייסט עס, יענעם פראָצעס, דורך וועלכן יעדער בייער איינ-

דרוק אויף דער מענטשלעכער נשמה ווערט איבערגעאַרבעט פון איר פריערדיקן פסיכישן אינהאַלט און ווערט צו אים צוגעפּאַסט. יען צוויי מענטשן, וואָס זענען אינגאַנצן פאַרשיידן איינער פון צווייטן, אָדער פון געבורט, אָדער לויט זייער דערציאונג, וועלן מאַכן אינאיינעם דיזעלביקע נסיעה אונטער דיזעלביקע אומ-שטענדן, וועלן זיי פון איר אַרויסטראָגן גאַנץ אַנדערע איינ-ירוקן. „דער אינהאַלט פון די פאָרשטעלונגען, וואָס די צוויי ייזנדע האָבן באַקומען", זאָגט באַוער, „וועט ביי ביידן זיין ערזעלביקער. זענען זיי אָבער דעריבער געוואָרן גלייכע מענטשן? גאַנץ זיכער נישט. פּונקט אַזוי ווי פּיזישע נאַרונג ווערט נישט פּשוט אַריינגענומען אין מענטשלעכן אָרגאַניזם, נאָר זי ווערט אין אים איבערגעקאָכט און איבערגעאַרבעט, אַזוי ווערט אויך אַ נייע פאָרשטעלונג נישט אַריינגענומען אָן אַ שום אי-בערבייט אין מענטשלעכן באַוווּסטזיין, נאָר זי ווערט דאָרטן איבערגעאַרבעט, איבערגעקאָכט און אַסימילירט — זי ווערט אַפּערצעפּירט".

„אומגעפער דאָס אייגענע קומט פאָר, ווען צוויי פאַרשיי-ענע נאַציעס נעמען אין זיך אַריין אַ געוויסן קולטורעלן ווערט מיט דעמזעלביקן אינהאַלט. דער אינהאַלט פון דעם ריטערלעכן לעבנס-שטייגער האָט געקאָנט זיין ביי די דייטשן כמעט דער אייגענער, ווי ביי די פראַנצויזן. אָבער דער דייטשישער ריטער, וואָס האָט אַריבערגענומען פון דעם פראַנצויזישן ריטער זיינע מנהגים, געוווינהייטן און עטיקעט, איז לויט זיין אָפּשטאַם און קולטורעלער ירושה געווען אַ גאַנץ אַנדער מענטש. בכן נעמט ער נישט פּשוט איבער דעם פראַנצויזישן לעבנס-שטייגער, נאָר ער אייגנט זיי אייס מיט זיין גאַנצן מהות, זיי אַמאַלגאַמירן זיך אין זיין באַוווּסטזיין מיט אַ באַשטימטן פאַרטיקן אינהאַלט. דאָס מיינט, אַז דער פראַנצויזישער לעבנסשטייגער אין דייטשלאַנד איז געווען עפּעס גאַנץ אַנדערש, איידער דער פראַנצויזישער לעבנסשטייגער אין פראַנקרייך".

דער פּראָצעס פון נאַציאָנאַלער אַפּערצעפּציע דערקלערט אונז, פאַרוואָס נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן פאַרשווינדן נישט מיט

דער אַנטוויקלונג פון דעם פּראָגרעס און דער אַלמענטשלעכער קולטור, נאָר אדרבה, זיי ווערן נאָך אין לעצטן סך-הכל מער בולט און אייגנעפונדעוועט. „מיר ווייסן", זאָגט באַוער, „אַז די נאַציע, וואָס מיר האָבן גענומען פאַר אַ ביישפּיל (דאָ רעדט זיך וועגן דער דייטשישער נאַציע. ה. זש.), האָט אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער אַריינגענומען אין זיך קולטורעלע עלעמענטן פון גאַנץ פאַרשיידענע פעלקער. די אַלטע גערמאַנען האָבן זיך תחילת געפונען אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון די העכער-אַנטוויקלטע קעלטאָנען. דערנאָך האָבן זיי זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דער רוימישער קולטור. דאָס קריסטנטום האָט אַריינגעבראַכט אין דעם אינהאַלט פון זייער נאַציאָנאַלן מהות אָריענטאַלישע, גריכישע און רוימישע קולטור-עלעמענטן. אין דער פעאָדאַלער עפּאָכע האָט אויף זיי שטאַרק געווירקט די דרום-פראַנצויזישע קולטור. אין דער עפּאָכע פון די קרייץ-פאָרער איז צוגעקומען אויך די השפּעה פון דער איטאַליענישער און דער מזרחשער קולטורן. די קאַפּיטאַליסטישע סחורה-פּראָדוקציע לייגט דורך דעם וועג פאַר דעם איינפלוס פון דעם איטאַליענישן הומאַניזם און דעם איטאַליענישן רענעסאַנס. אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטן זעט מען ווידער די שטאַרקע שליטה פון די פראַנצויזן. די פונדאָסניי-אויפגעוואַכטע בורזשואַזיע פאַלט אונטער אונטער דער השפּעה פון דער אַלטער קולטור און פון דער פראַנצויזישער, ענגלישער און נידערלאַנדישער וויסנשאַפט און קונסט. אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט ווערט אונזער (דייטשישער, ה. זש.) קולטורעלער רייכטום פאַרגרעסערט אַדאַנק דעם איינפלוס פון אַסך גאָר פאַרשיידענע פעלקער, אפילו פון אַנדערע וועלט-טיילן. און אויף להכעיס די אַלע השפּעות קאָן לגמרי קיין רייד נישט זיין וועגן דעם פאַרשווינדן פון אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן שטייגער. דאָס דערקלערט זיך דורך דער נאַציאָנאַלער אַפּערצעפּציע: קיין פאָלק נעמט נישט אויף קיין נאַציאָנאַל-פרעמדע עלעמענטן אָן אַ שינוי. יעדע נאַציע פּאַסט זיי צו צו איר אייגענעם מהות, אַרבעט זיי אינעווייניק איבער אין דעם אַדאַפּטירונגס-פּראָצעס גופא. די דייטשן האָבן

אריינגענומען דיזעלביקע פראנצויזישע קולטור-עלעמענטן, ווי די ענגלענדער. אָבער אין די קעפּ פון די ענגלענדער איז פון די עלעמענטן פון דער פראנצויזישער קולטור געוואָרן עפּעס אנדערש, ווי אין די קעפּ פון די דייטשן. די אויסגלייכונג אין דעם מאטעריעלן אינהאלט פון די פארשיידענע נאציאָנאלע קולטורן מיינט בשום אופן נישט דאָס פארשווינדן פון דער נאציאָנאלער אינדיווידואליטעט. דאָס באוווסטזיין פון די נאציאָנאלע פארשיידנקייטן איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אזוי קלאָר, ווי אין אונזער צייט, הגם גראָד איצטער לערנט זיך יעדעס פאָלק ביי אנדערע פעלקער און נעמט איבער פון זיי אסך מער, ווי ווען עס איז פריער".

אפילו אזא דערשיינונג ווי דער קאפּיטאליזם, וואָס זיין הערשאפט האָט אין זיך, לויט דער מיינונג פון אלע זיינע טעאָרעטיקער, אזא כוח אלץ אויסצוגלייכן, — אפילו דער קאפּיטאליזם האָט נישט געקאָנט גובר זיין די נאציאָנאלע פארשיידנקייטן. די אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם האָט, לויט באַוערס מיינונג, ארויסגערופן אין ענגלאנד, אין פראנקרייך און אין דייטשלאנד, אמת, זייער ענלעכע, אָבער דאָך פארשיידענע באוועגונגען (ז. 132). אויך די סאָציאליסטישע באוועגונג האָט אָנגענומען פארשיידענע פאָרמען ביי פארשיידענע נאציאָנאליטעטן, הגם דער מאטעריעלער אינהאלט פון דעם סאָציאליזם איז אומעטום געווען דערזעלביקער. „ווען די סאָציאליסטישע וועלטאָנשויאונג הויבט אָן אריינצודרינגען אין דעם באוווסטזיין פון א פאָלק, באגעגנט זי דעם אנטאגאָניזם פון די טראדיציאָנעלע אידעאָלאָגיעס, און גראָד אדאנק דער מלחמה, וואָס זי פירט מיט אָט די אידעאָלאָגיעס ווערט די סאָציאליסטישע וועלט-אָנשויאונג אויסגעבונדן מיט דער גאנצער נאציאָנאלער געשיכטע פון דעם פאָלק. די סאָציאליסטישע אידייען-וועלט איז דעריבער ביי די דייטשן אין פרטים פארשיידן פון דערזעלביקער וועלט-אָנשויאונג ביי זייערע פּוילישע אָדער איטאליענישע חברים. אויף אזא אופן ארבעט זיך אויס אינעווייניק פון יעדן פאָלק

אַן ענגע סאָציאַליסטישע קולטורעלע געמיינשאַפט און צו דער-זעלביקער צייט אַ נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע איינהייטלעכקייט פון כאַראַקטער, וואָס שיידט זיך צוגלייך שאַרף אָפּ אי פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער-געמיינשאַפט, אי פון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער-געמיינשאַפט. חברים פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן זענען פאַרשיידן לויט זייערע אידייען, לויט זייערע שטימונגען און טעמפּעראַמענטן, און דערפאַר נעמען זיי אָפּ אַן אין אַ קאָנקרעטן פאַל נישט פונקט דעמזעלביקן באַשלוס" (ז. 558).

אויך אין דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווו עס וועט הערשן די פולשטענדיקע נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע צווישן פעלקער, וועט יעדע נייע פילאָזאָפיע, יעדע נייע סיסטעם פון געזעלשאַפטלעכן ווילן, וואָס איין נאַציע וועט איבערנעמען פון אַ צווייטער נאַציע, מוזן צוערשט צוגעפּאַסט ווערן צו איר אייגענער קולטורעלער סביבה. דער צופּאַסונגס-פּראָצעס וועט אין דער צוקונפט באַגעגענען נאָך מער שוועריקייטן און וועט אַרויסברענגען נאָך אָריגינעלערע רעזול-טאַטן, ווי איצטער, מחמת די נאַציאָנאַל-קולטורעלע סביבה פון יעדן פאָלק ווערט רייכער און מער דיפערענצירט מיט דער אַנטוויקלונג פון פּראָגרעס און קולטור. יעדער נייער אַלגעמיין-מענטשלעכער אינהאַלט וועט, אויף אַזאַ אופן, מוזן זיך אַמאַל-גאַמירן מיט שאַרף-דיפערענצירטע קולטורעלע סביבות און דורך דעם גופא וועט די דיפערענצירטקייט נאָך פאַרגרעסערט ווערן. „די אויטאָנאָמיע פון אַ נאַציאָנאַל-קולטורעלער געמיינשאַפט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, מיינט אַ כסדר זיך פאַרגרעסערנדיקע דיפערענצירונג פאַר דער גייסטיקער קולטור פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, הגם דער מאַטעריעלער אינהאַלט פון די נאַציאָנאַלע קולטורן ווערט אַ מער איינהייטלעכער" (ז. 111–112).

אָבער נישט נאָר מיט אַפּריאָרישע באַטראַכטונגען דער-

וויזט באַוער די ריכטיקייט פון זיין געדאַנק, אַז מיט דעם וווּקס פון דער קולטור און דער ציוויליזאַציע וואַקסן און ווערן מער איינגעפונדעוועט די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן און אַז צו דערזעלביקער צייט ווערט אויך פאַרשטאַרקט דאָס נאַציאָ־נאַלע זעלבסטבאַוווסטזיין. באַוער האָט אָוועקגעלייגט אַסך אַרבעט אויף דער שילדערונג און כאַראַקטעריזירונג פון דעם אומגעהייער־גרויסן איינפלוס, וואָס דער קאַפּיטאַליזם און די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָבן געהאַט אויף אַ פולע אונטער־דריקטע, כמעט שוין געוועזט גאָר פאַרחלשטע נאַציעס. ער באַווייזט, אַז גראָד די מאָדערנע ציוויליזאַציע און דער קאַפּי־טאַליזם האָבן אַריינגעבלאָזן אַ היסטאָריש לעבן אין אָט די פעלקער, וואָס די קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריע האָט זיי שוין געוועזט געהאַט פאַרמשפּט צום טויט. יענע טיילן פון באַוערס בוך, אין וועלכע ער שילדערט די דערוואַכונג פון דער טשע־כישער נאַציע צו אַ זעלבשטענדיקן נאַציאָנאַלן לעבן און צו אַן אייגענער קולטור, — אַ דערוואַכונג, וואָס איז טיפּיש פאַר ענלעכע פּראָצעסן ביי אַלע אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער, — געהערן צו דאָס בעסטע, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער וויסנשאַפטלעכער היסטאָרישער ליטעראַטור פון אונזער צייט. האָבנדיק אַזאַ בליק אויף נאַציאָנאַליטעט איז קיין וווּנדער ניש, וואָס באַוער איז אַ שאַרפער שונא פון דער איצטיקער צענטראַ־ליזירטער מלוכה, וואָס באַטראַכט אַלע זיינע בירגער, ווי גלייכע אַטאָמען פון אַן איינהייטלעכן גאַנצן און שטרעבט אויסצוּוואָרצלען אַלע נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן, אָפּצוטויטן יעדע אָריגינאַליטעט, כדי צו פאַרשטאַרקן די איינהייטלעכקייט פון דער מלוכה און איר מאַכט איבער דער באַפעלקערונג.

אַדאַנק שפּרינגערס אַרבעטן, האָט באַוער גרינג געקאָנט איינזען, אַז ווען מיר רייסן אַרויס ביי דער מלוכה עטלעכע פון אירע פונקציעס און גיבן זיי איבער אין דער שליטה פון די ראַיאָנע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אינסטיטוציעס, באַקומט זיך דערפון גאָר אַן אילוזאָרישע אָפּשוואַכונג פון דער צענטראַליזירטער מלוכה. באַוער האָט קלאָר פאַרשטאַנען דעם געדאַנק, וואָס די טעאָרע־

סיקער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי האָבן שטענדיק בולט אַרויסגערוקט, איך מיין דעם געדאַנק, אַז דורך דעם, וואָס די מלוכה גיט איבער אַ טייל פון אירע פונקציעס צו איינצלנע טעריטאָריעס, און וועלכע די באַפעלקערונג באַשטייט פון צונויפגעמישטע פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, וועט לחלוטין נישט פאַרענטפערט די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם. די פּראָבלעם וועט נאָר אריבערגעטראָגן פון איין פּלאַץ אויפן צווייטן, און אָנשטאָט איין פּראָבלעם וועלן באַשאַפן ווערן עטלעכע. באָוער איז דעריבער אַ הייסער פּרינציפּיעלער פאַרטיידיקער פון עקסטעריטאָריאַלע פּערסאָנאַלע אינסטיטוציעס פאַר דער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. און דער גרויסער ווערט פון זיין ארגומענטאַציע אויף אָט דעם פעלד באַשטייט נישט נאָר אין דעם, וואָס ער האָט קלאָר ארויסגעבראַכט די גאַנצע וויכטיקייט פון דעם עקסטעריטאָריאַלן פּרינציפּ פאַר די אויפגאַבן פון דער לאָקאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, נאָר דערעיקר אין דעם, וואָס ער האָט באַוויזן די נויטיקייט פון דעם עקסטעריטאָריאַליזם פאַר דעם אַרבעטער-קלאַס, פאַר די אינטערעסן פון זיין קלאַסן-קאַמף. אין דעם פּונקט גייען זיך זיינע אַרגומענטן כמעט אינגאַנצן צונויף מיט די אַרגומענטן, וואָס די פאָרשטייער פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער ארבעטער-פאַרטיי” האָבן ארויסגעשטעלט אויף דער קאָנפערענץ פון די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען *).

באָוער פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין קריטישן מאַטעריאַל פון יענע מסקנות, וואָס ווערן אַרויסגעשטעלט — אָדער קאָנען אַרויסגעשטעלט ווערן — אנטקעגן דעם פּרינציפּ פון פּערסאָנאַלע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן. ער באַנוגנט זיך דערמיט, וואָס ער באַוויזט זייער נויטיקייט פאַר דער פאַרענטפערונג פון דער

*) פאַרגלייך די אַרגומענטן און דעבאַטן וועגן זיי אין די „פּראָטאָקאָלן פון דער קאָנפערענץ פון די רוסלענדישע נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 16—20-טן אַפּריל 1907”, פאַרלאַג „סעים”, פּעטערבורג 1908.

נאציאָנאַלער פּראָבלעם, און געטריי צו זיין מאַרקסיסטישן מע־
טאָד, זאָרגט ער דערעיקר פאַר דער פאַנאַנדערוויקלונג פון יענע
אומשטענדן און פון יענע היסטאָרישע טענדענצן, וואָס מוזן,
לויט זיין מיינונג, פירן אומפאַרמיידלעך צו דעם נצחון פון זיין
פּראָגראַם. אפשר איז באַזונדער גערעכט, וואָס ער איגנאָרירט זיינע
קעגנער. דאָס רוב פון זיי טרעטן אַרויס מיט די אַלטע אויסגע־
דראָשענע קאָסמאָפּאָליטישע טענות, אויף וועלכע עס איז טאַקע
נישט כדאי צו ענטפערן. אָבער אייניקע פון זיי קאָן מען נישט
פאַרבייגיין אינגאַנצן גלייכגילטיק.

מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף איינעם פון די
בייסטע אַרגומענטן אַנטקעגן די עקסטעריטאָריאַלע אינסטיטוציעס
פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווייל דערדאָזיקער
אַרגומענט טרעט אַרויס נישט מיט קאָסמאָפּאָליטישע אָנפאַלן
אויף דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, נאָר, אדרבה, אונטער דעם
מאַנטל פון דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ גופא. ער טרעט אַרויס
נישט אַנטקעגן דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון נאַציאָנאַלע פאַר־
באַנדן בכלל, נאָר אַנטקעגן זייער עפּנטלעך־רעכטלעכן
כאַראַקטער, וואָס איז אומפאַרמיידלעך פאַרבונדן מיט אַ שמץ
פון מלוכהשן צוואַנג. הייסע פריינט פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע,
אָבער נישט ווייניקער הייסע פריינט פון פערזענלעכער פריי־
הייט, וואָלטן די אָנהענגער פון אָט דעם נייעם אַרגומענט וועלן
פאַרענטפערן די נאַציאָנאַלע פראַגע דורך פרייע נאַציאָנאַל־
קולטורעלע פאַרבאַנדן אָן וועלכע עס איז רעגלאַמענטן, ממילא
אָבער אויך אָן וועלכע עס איז גאַראַנטיעס. זיי ווייזן אָן ווי
אויף אַ מוסטער פון אַזוינע פאַרבאַנדן אויף דער רעליגיעזער
קהילה און אויף דעם פאַרבאַנד פון די רעליגיעזע געמיינדעס,
וואָס זענען לחלוטין נישט פאַרבונדן מיט דער מלוכה. ביי־
באַווערן וועט דער לייענער געפינען וואָגיקע אַרגומענטן, וואָס
באַווייזן קלאָר, אַז אַזוינע פרייע פאַרבאַנדן פאַרזיכערן נישט
גענוג די נאַציאָנאַלע אינטערעסן און די באַפרידיקונג פון די
נאַציאָנאַלע נויטן. דאָ ווילן מיר נאָר מאַכן דעם לייענער אויפ־
מערקזאַם, אַז די אַנאַלאָגיע צווישן דער נאַציאָנאַלער זעלבסט־

פאַרוואַלטונג און דער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין רעליגיעזע ענינים איז נישט קיין באַרעכטיקטע.

וואָלטן די אָנהענגער פון פרייע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן געגאַנגען אין זייער קעגנערשאַפט אַנטקעגן דעם אַריינמיש פון דער מלוכה אַזוי ווייט, ווי דראַגאָמאַנאָוו, וואָלט דעמאָלט די-דאָזיקע אַנאַלאָגיע זיכער געווען אויפן פּלאַץ. די מלוכה מישט זיך נישט אין רעליגיעזע ענינים, ווייל די רעליגיע איז אָפּגעטיילט פון איר, ווייל די מלוכה האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון וועלכע עס איז רעליגיעזע פונקציעס. וואָלט זיך די מלוכה אויף דעמזעלביקן אופן אויך אָפּגעזאָגט פון דער פונקציע פון דער פאָלקס-בילדונג, וואָלט טאַקע דעמאָלט דאָס שולוועזן גאַנץ גוט געקאָנט איבערגעגעבן ווערן צו די פרייע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן. וואָלט די מלוכה-מאַכט מסכים געווען, אַז די יוריס-פּרודענץ זאָל אָפּגעטיילט ווערן פון איר, וואָלט מען דעמאָלט די פראַגע וועגן דער שפּראַך אין געריכט און וועגן דאָס אויס-קלייבן פון די דיינים אין א משפט געקאָנט איבערלאָזן צו דער פרייער פאַרשטענדיקונג צווישן די שטרייטנדיקע צדדים. דאָס אייגענע איז ריכטיק פאַר יעדער אַנדערער פונקציע פון מלוכה-לעבן, וואָס קאָן איבערגעגעבן ווערן צו דער קאָמפּעטענץ פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. כדי דער פרייוויליקער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד זאָל קאָנען איבערנעמען און דורכפירן אַזעלכע פונקציעס, מוזן זיי ראשית-כל זיין לחלוטין אָפּגעטיילט פון דער מלוכה. וואָס וועט אָבער דעמאָלט פאַרבלייבן אונטער דער פירונג פון דער מלוכה? וועט אין אַזא פאַל נישט ווערן פון דער גאַנצער מלוכה בלויז א „נאַכטוועכטער-אינסטיטוט"? נאָר די, וואָס גלויבן, אַז דער אַנאַרכיזם קאָן שוין איצטער פאַר-ווירקלעכט ווערן, אָדער יענע, וואָס זענען נאָך ביז צום היינ-טיקן טאָג פאַרבליבן געטרייע אָנהענגער פון דעם מאַנטשעסטערשן „נאַכטוועכטער-אידעאַל", קאָנען רעדן ערנסט וועגן פרייוויליקע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן. יעדערער אָבער, וואָס זעט איין, אַז די איצטיקע מלוכה קאָן זיך בשום אופן נישט אָפּזאָגן פון איר יורידישער פונקציע, פון איר בילדונגס-פונקציע, פון רעגולירן די

איבערוואַנדערונג און אזוי ווייטער, מוז צוגעבן, אז, כל-זמן דידאָזיקע פונקציעס ווערן דורכגעפירט אויף צענטראַליסטישע יסודות אין דעם גייסט און די אינטערעסן פון דער הערשנדי. קער נאַציאָנאַליטעט, וועלן אַלע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן זיכער פירן אַ קאַמף אַנטקעגן דער הערשנדיקער מאַכט. און איטלעכע נאַציאָנאַליטעט וועט שטרעבן צו פאַרכאַפן די מלוכה-מאַשין פאַר דער באַפרידיקונג פון אירע אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. נאָר אין דעם מאָמענט, ווען די מלוכה גיט איבער אַ געוויסן חלק פון אירע רעכט צו די נאַציאָנאַלע זעלבסט-פאַרוואַלטונגס-אינסטיטוציעס, וועלכע זי אַליין אָנערקענט, נאָר אין דעם מאָמענט קאָן דער קאַמף פאַר מאַכט צווישן די נאַ-ציאָנאַליטעטן אָנווערן זיין „רעזאָן ד'עטר". עס פאַרשטייט זיך, אַז דערביי מוזן גענומען ווערן אין באַטראַכט אי די נויטן פון דער גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אי פון דער גאַנצקייט פון דעם מלוכה-אָרגאַניזם. די מלוכה דאַרף איבער-לאָזן פאַר זיך נאָר יענע ענינים, וואָס זענען געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע נאַציעס און וואָס זענען צו דערזעלביקער צייט „נאַ-ציאָנאַל אינדיפערענט". ווי שפּרינגער דריקט זיך אויס. ווי ברייט אָדער שמאָל עס זאָלן נישט זיין די גרענעצן פון יענע פונקציעס, וואָס איטלעכע נאַציע איז פאַראינטערעסירט זיי צו באַזאָרגן פאַר זיך, איז אָבער איין זאַך קלאָר: קיין פרייער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד וועט נישט קאָנען, ווי געהעריק איז, אויספילן דידאָ-זיקע פונקציעס, אויב אויף דעם פעלד וועט מיט אים קאָנקורירן די מעכטיקע מלוכה, וואָס וועט זיך איינשטעלן פאַר די אינטערעסן פון דער הערשנדיקער נאַציאָנאַליטעט.

די פראַגע וועגן דער קאָמפּעטענץ פון די נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אינסטיטוציעס און וועגן זייערע יורידישע יסודות ווערט איצטער ערנסט דורכגענומען אויף די עמודים פון דעם זשורנאַל „דער קאַמף", רעדאַגירט פון פ. שפּרינגערן און אָ. באַאוערן. מען קאָן זיין זיכער, אַז די ווייטערדיקע אויס-פאָרשונגען, וואָס די עסטרייכישע סאָציאַליסטן מאַכן אויף אָט-אָ דעם פעלד, וועט האָבן אַן אַלגעמיין טעאָרעטישן און פּראַקטישן

באַטייט נישט נאָר פאַר עסטרייך אַליין. אָבער דער הויפּט-ווערט פון באַאוערס אַרבעטן ליגט נישט אין אָט די אויספאָרשונגען. אונזער מחבר, געבענטשט מיט גלענצנדיקע פעאיקייטן פון אַ וויסנשאַפטלעכן היסטאָריקער און באַוואָפנט מיט אַ ברייטער פילאָזאָפישער בילדונג, ווייזט אַרויס זיין כוח דערעיקר דאָרטן, ווו אים קומט אויס מיט דער הילף פון אַ היסטאָרישן אַנאַליז אויפצודעקן די קעגנזייטיקע פאַרבונדנקייט, וואָס עקזיסטירט צווישן די סאָציאַלע לעבנסבאַדינגונגען פון אַ וועלכן עס איז קלאַס אָדער פאָלק און יענע פסיכישע שטימונגען, ווי אויך יענעם פסיכאָלאָגישן איבערבוי, וואָס וואַקסן אויס אויף דעם גרונט פון דידאָזיקע לעבנסבאַדינגונגען. מיט אַ באַזונדערער ליבע און אויפמערק שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער דערקלערונג פון גראַד אַזוינע מאָמענטן, וואָס גיבן אים די געלעגנהייט צו פאַנאַנ־דערוויקלען דעם גאַנצן כוח פון זיין לאָגישן און פסיכאָלאָגישן אַנאַליז. מיר ווילן דאָ אָנמערקן זיין אַנאַליז פון דעם „נאַאיוון נאַציאָנאַליזם" ביי דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַן אונטערדריקטער נאַציע, פון דעם „נאַאיוון קאָסמאָפּאָליטיזם" ביי דעם פּראָלע־טאַריאַט פון אַ „נאַציאָנאַל-זאַטן" פאָלק און פון דעם אינטער־נאַציאָנאַליזם, וועלכער איז אויסגעוואַקסן ביי דעם איצטיקן פאַראייניקטן פּראָלעטאַריאַט (§ 20). מיר ווילן אויך אָנמערקן זיין פסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון נאַציאָנאַלן דרוק (ז. 180 און ווייטער), פון נאַציאָנאַלן געפיל און נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין, און דעם אַנאַליז פון יענע פּראָצעסן, וואָס האָבן אויפגעוועקט דעם נאַ־ציאָנאַלן געפיל און דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין אין דעם פּראָ־לעטאַריאַט און אין דעם פויערטום. אין אָט-אָ די אויספאָרשונגען וועט דער לייענער כּסדר אומעטום געפינען אַ סך פאַקטן, וואָס אילוסטרירן דעם תּוך פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אומעטום זעגען דאָ צעוואָרפן ווערטפולע דעטאַלן, געשעפּט פון דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט, אומעטום באַמערקט זיך די פעאיקייט פון מחבר זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין דער פילזייטיקייט פון די אַלע פאַרשיידענע באַדינגונגען, וואָס ווירקן אויף אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדער אופן אויף דאָס נאַציאָנאַלע לעבן.

דאָס אַלץ מאַכט באַאועדס בוך פאַר אַ קלאַסיש ווערק אין דער ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

II

דאָס מיינט אָבער נישט צו זאָגן, אַז באַאועדס בוך איז אינגאַנצן אָן חסרונות. אדרבה, מיר געפינען אין דעם בוך גאַנץ ערנסטע פעלערן אי אין דעם פאָרשונגס-מעטאָד, אי אין אַ טייל פון זיינע אַלגעמיין-טעאָרעטישע גרונט-פרינציפּן און פון די איינצלנע פּראַקטישע רעזולטאַטן, צו וועלכע ער קומט.

לאָמיר אָנהויבן פון דעם מעטאָד.

באַאוער געהער צו יענער גרופּע עסטרייכער יונגע מאַרקסיסטן, וואָס האָבן פון מאַרקסʼ פילאָזאָפישער קאָנצעפּציע ארויסגעוואָרפן כמעט אַלע מעטאַפיזישע עלעמענטן, וואָס וואַקסן אַרויס פון זיין דערקענטעניש-טעאָריע און פון זיין נאַטור-פילאָזאָפיע. דערפאַר האָבן זיי אָבער אין זייער גאַנצער ריינקייט אָפּגעהיט זיינע עקאָנאָמישע מסקנות, זיינע סאָציאָלאָגישע טעאָריעס, זיינע געשיכטס-פילאָזאָפישע פּרינציפּן און די עלעמענטן פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. אויף דעם פעלד פון דער דערקענטעניש-טעאָריע און פון דער נאַטור-פילאָזאָפיע קריטיקירן זיי דעם מאַרקסיזם טיפער איידער עד. בערנשטיין און די בערנשטייניאַנער. אָבער אין אַלע אַנדערע פּרטים זענען זיי געבליבן די אמתע אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, וואָס האָבן זיך נישט וואָס צו שעמען אַפילו פאַר מערינגן און קאַאוטסקין אַליין. פאַר דאָס וועדטפולסטע אין דעם מאַרקסיזם האַלטן זיי יענעם פאָרשונגס-מעטאָד פון היסטאָרישע דערשיינונגען, וואָס איז דער פּועל-יוצא פון דער גאַנצער סיסטעם פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם.

אין זיינע פאָרשונגען פון דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט באַנוצט מאַרקס אַ סכום באַגריפן און קאַטעגאָריעס צום טייל

אַריבערגענומענע פון אַנדערע דענקער, צום טייל פון אים אַליין באַשאַפענע: „געזעלשאַפטלעכעס זיין", „געזעלשאַפטלעכעס באַוווסטזיין", „פּראָדוקטיוו-קרעפטן", „פּראָדוקציאָנס-שייכותן", „פּראָדוקציאָנס-מעטאָד", „פּראָדוקציאָנס-פאָרמען", „געזעלשאַפטלעכע מאַטעריע", „געזעלשאַפטלעכע פאָרם", „געזעלשאַפטלעכער קלאַס", „קלאַסנאינטערעס", „קלאַסנקאַמף", „קלאַסנאידעאָלאָגיע" און אַזוי ווייטער. עס ווערט געוויינלעך אָנגענומען, אַז אַט די אַלע באַגריפן און קאַטעגאָריעס האָבן אין מאַרקס' סיסטעם גענוי אויסגעאַרבעטע, גאַנץ באַשטימטע באַטייטן. ס'ווערט אויך אָנגענומען, אַז עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ ריי טעאָרעמעס, וועלכע באַשטימען די קעגנזייטיקע שייכותן פון דידאָזיקע קאַטעגאָריעס און באַגריפן. למשל, דאָס געזעלשאַפטלעכע „באַוווסטזיין" שטראָמט אַרויס פון דעם געזעלשאַפטלעכן „זיין"; די קלאַסנצעטיילונג פון דער געזעלשאַפט ווערט באַשטימט דורך די פּראָדוקציאָנס-פאַרהעלטענישן; די פּראָדוקציאָנס-פאַרהעלטענישן הענגען אָפּ פון דעם אַנטוויקלונגס-גראַד פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן, די פּראָדוקציאָנס-פאָרם הענגט אָפּ פון דעם פּראָדוקציאָנס-מעטאָד, און אַזוי ווייטער.

די אויפגאַבע פון דעם היסטאָריש-מאַטעריאַליסטישן מעטאָד קאָן דעריבער פאַרשטאַנען ווערן אויף צוויי פאַרשיידענע אופנים.

מען קאָן זיך אַוועקשטעלן די אויפגאַבע צו מאַכן, אַזוי-צוזאָגן, אַ קוואַליטאַטיוון אַנאַליז פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין דעם פאַל וועט מען מוזן פאָנאַנדערסאָרטירן דעם גאַנצן סכום פון די דערשיינונגען, וואָס מיר נעמען זיך אויספאָרשן, לויט די אויבן-אָנגעמערקטע קאַטעגאָריעס. מען וועט מוזן גענוי באַשרייבן דעם מצב פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן, גענוי אָנצייגן, אין וואָס עס באַשטייט דאָס געזעלשאַפטלעכע זיין פון די אונז אינטערעסירנדיקע דערשיינונגען, און אין וואָס עס באַשטייט זייער געזעלשאַפטלעך באַוווסטזיין; וואָס דאַרפן מיר אין דעם געגעבענעם פאַל רעכענען פאַר „מאַטעריע" און וואָס זאָלן מיר באַטראַכטן ווי „פאָרם"; וועלכע קלאַסן צייגן זיך דערביי אַרויס; וואָס זענען זייערע אינטערעסן; וואָס איז

זייער אידעאָלאָגיע. ערשט נאָכדעם, ווי מיר האָבן דאָס אַלץ דורכגעמאַכט, קאָנען מיר אַוועקשטעלן זיך די שאלה, וועלכע קעגנזייטיקע ווירקונגען קומען אין דער ווירקלעכקייט פאָר צווישן די אַט-אָ-די אַלע קאַטעגאָריעס פון דערשיינונגען אין דעם געגעבענעם קאָמפּלעקס, וואָס מיר האָבן זיך גענומען אויסצופאָרשן. די טעאָרעמעס, וואָס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין מאַרקס׳ סיסטעם, נעמט מען, פאַרשטייט זיך, אין באַטראַכט, אָבער דערווייל נאָר ווי היפּאָטעזן, וואָס זייער ריכטיקייט דאַרף ערשט באַווייזן ווערן אין דער אויספאָרשונג און אין דעם אַנאַליז פון דער געגעבענער ווירקלעכקייט. דער פאָרשער, וואָס באַנוצט זיך דאָ מיט דעם מאַרקסיסטישן מעטאָד, פּסקנט, אויף אַזאַ אופן, נישט אָפּ פריער, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס מוזן טראָגן יענע קעגנזייטיקע באַציאונגען, וואָס דאַרפן ערשט אויפגעדעקט ווערן אין אונזער אויספאָרשונג.

דער טעאָרעטיקער, וואָס טרעט צו צו זיינע פאָרשונגען אויף אַט דעם אופן, וועט זיך גאָרנישט דערשרעקן, אויב עס זאָל זיך, למשל, אַרויסווייזן, אַז אין דעם געגעבענעם קאָמפּלעקס פון דערשיינונגען ווערט דאָס געזעלשאַפטלעכע זיין גאָר באַשטימט דורך דעם געזעלשאַפטלעכן באַוווּסטזיין, די קלאַסן-אינטערעסן דורך דער קלאַסן-אידעאָלאָגיע, און נישט להיפך.

דער פאָרשער קאָן זיך אָבער אויך אַוועקשטעלן אַ גאַנץ אַנדער ציל. ער טרעט צו צו זיין אַרבעט שוין מיט אַ פולשטענדיקער זיכערקייט, אַז דער אַבסאָלוטער אמת פון מאַרקס׳ סאָציאָלאָגישע און געשיכטס-פילאָזאָפישע טעאָריעס מוז זיך קלאָר אַרויסווייזן אין דעם אונטערזוכונגס-פּראָצעס פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט. ער וועט דעריבער רעכענען, אַז זיין אויפגאַבע איז נישט פאַרענדיקט, כל-זמן אַ טיפערער אַנאַליז פון די דערשיינונגען וועט נישט אויפדעקן יענע באַהאַלטענע געזעצן פון זייער אויפאַנאַנדערווירקן, וועלכע מאַרקס האָט אַרויסגעבראַכט. אויב עס וועלן דאָך בלייבן סתירות, וועט אַזאַ פאָרשער נישט רוען, ביז ער וועט נישט אויסגעפינען יענע סיבות, וואָס האָבן

אַרויסגערופן אין דיווירקלעכע געשעענישן אַ שיינבאַרע אָפּ־וויכונג פון דער מאַרקסיסטישער סכעמע.

עס איז קלאָר, אַז כּדי צו אַרבעטן וויסנשאַפטלעך מיט דעם מאַרקסיסטישן מעטאָד, מוז ראשית־כּל גענוי אַרויסגעבראַכט ווערן דער מ י י ן פון יענע באַגריפן און קאַטעגאָריעס, מיט וועלכע די גאַנצע פאָרשונגס־אַרבעט ווערט געמאַכט. צום באַ־דויערן איז אָבער אָט־אָ־דער וויכטיקער תּנאי נאָך ווייט נישט מקוים געוואָרן. וואָס איז דער גענויער מיין פון דעם אויסדרוק „די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן”? וואָס זענען די קאָנסטיטוטיווע סימנים פון אַ וועלכן עס איז געזעלשאַפטלעכן קלאַס?*). און וואָס באַשטייט דער חילוק צווישן די „פּראָדו־קציאָנס־פאָרמען” און די „פּראָדוקציאָנס־מעטאָדן”? געוויס איז ביי מאַרקסן מיט אָט־אָ־די אַלע באַגריפן געווען פאַרבונדן אַ גאַנץ גענויער און באַשטימטער מיין. אונזערע איצטיקע מאַרק־סיסטישע טעאָרעטיקער האָבן אָבער אָט־אָ־דעם גענויען מיין פון די מאַרקסיסטישע קאַטעגאָריעס נישט אויפגעקלערט. אויף אַזאַ אופן איז שוין די ערשטע מער באַשיידענע אויפגאַבע אין דער מאַרק־סיסטישער פאָרשונג פון דער ווירקלעכקייט פאַרבונדן מיט אַסך שוועריקייטן, וואָס ליגן אין דער נישט אויסגעאַרבעטקייט פון דעם מעטאָד גופא. די לאַגע ווערט נאָך אַסך ערגער, ווען מען נעמט באַנוצן דעמדאָזיקן מעטאָד ספּעציעל מיט דעם ציל צו באַווייזן די ריכטיקייט פון דער גאַנצער מאַרקסיסטישער סיסטעם. דאָ איז שוין די צרה נישט נאָר אין דעם, וואָס דער מיין פון די גרונט־קאַטעגאָריעס איז נישט קלאָר־געמאַכט געוואָרן, נאָר אויך אין דעם, וואָס עס פעלט די גענויע פאָרמולירונג פון די טעאָרעמעס, וועלכע שטעלן פעסט אַ באַשטימטע קעגנזייטיקע אָפּהענגיקייט צווישן דידאָזיקע קאַטעגאָריעס. עס איז דאָך זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז אויב דער זין פון אַ טעאָרעמע איז נישט

---

*) ערשט אין דעם לעצטן ווערק קאוטסקיס: „דער היסטאָרישער מאַטע־ריאַליזם” (1927) פאַרנעמט זיך דער מחבר מיט דעם אַנאַליז פון דער פראַגע: „וואָס איז אַ געזעלשאַפטלעכער קלאַס”? [1930]

קלאָר, קאָן שוין ממילא נישט באַוויזן ווערן איר ריכ־טיקייט.

צום באַדויערן זענען אָט־אָ־די פונקטן זייער ווייניק באַרירט געוואָרן אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור. די טעאָרעטיקער פון מאַרקסיזם גייען אַרויס פון דעם גאַנץ־ריכטיקן שטאַנדפונקט, אַז אָט־אָ־די אַלע פּראָבלעמען פון דער מאַרקסיסטישער מעטאָ־דאָלאָגיע, דאַרפן פאַרענטפערט ווערן אין דעם פאָרשונגס־פּראָצעס פון דעם היסטאָרישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן גופא און נישט ערגעץ־ווו דרויסן פון דעם לעבן. אַנטקעגן אַזאַ בליק וואָלט מען זיכער גאָרנישט נישט געקאָנט איינווענדן, אויב זיי אַליין וואָלטן געקוקט אויף זייערע אַרבעטן, ווי אויף פאָרלויפיקע עקס־פּערימענטן, וואָס דאַרפן אונז קלאָר מאַכן, צי דער מאַרקסיסטי־שער פאָרשונגס־מעטאָד טויג, צי נישט, און וואָס דאַרפן ערשט אַרויסברענגען, ווי ווייט די מאַרקסיסטישע גרונט־פּרינ־ציפּן זענען ריכטיק. אָבער אַזאַ באַשיידנקייט געפינען מיר, ליי־דער, נישט ביי די מאַרקסיסטישע פאָרשער. באַוואָפנט מיט אַ מער אָדער ווייניקער מטושטשן באַגריף וועגן דעם זין פון די מאַרק־סיסטישע קאַטעגאָריעס און וועגן דעם כאַראַקטער פון די מאַרק־סיסטישע טעאָרעמעס, איז יעדער איינער פון די פאָרשער לכתחילה זיכער, אַז ווי נאָר ער וועט צוטרעטן צו שטודירן די ווירק־לעכקייט, וועט זי גלייך אויפדעקן פאַר אים אירע פאַרבאָרגענע ספּרוזשינעס, וועט אים אונטערטראָגן אַ ריי באַווייזן פאַר דער ריכטיקייט פון די מאַרקסיסטישע גרונטפּרינציפּן און, דערעיקר, וועט אַנטפּלעקן פאַר אים אין זייער גאַנצער קלאָרקייט און באַשטימטקייט אי די „אייזערנע" טענדענצן פון דער אַנטוויקלונג, וואָס ליגן אין איר באַהאַלטן, אי יענע עטאַפּן, דורך וועלכע די אַנטוויקלונג מוז פאַטאַל דורכגיין.

עס טרעפט דעריבער גאַנץ אָפט, אַז אין דעם פאָרשונגס־פּראָצעס איז דער מאַרקסיסט געצוווּנגען צו געבן די מאַרקסיס־טישע קאַטעגאָריעס זיינע אייגענע אינדיווידועלע אויסטייטשונגען, און לערנען די מאַרקסיסטישע טעאָרעמעס מיט זיין אייגענעם פשט. און אַזוי ווי דאָס רוב מאַרקסיסטן שטעלן פאַר זיך

נישט אַוועק די אויפגאַבע אויסצופרווון דעם מאַרקסיזם אויף דער ווירקלעכקייט, נאָר וואָס גיכער אַרויפצוואַרפן אויף דער ווירקלעכקייט דעם מאַרקסיסטישן מאַנטל, ווערט די אונטערזוכונג נישט ווילנדיק דורכגעדרונגען מיט אַ זייער אומוויסנשאַפטלעכן סוביעקטיוויזם, מיט אַן איבערפלעכלעכער האַסטיקייט.

געוויס ווילן מיר דערמיט נישט זאָגן, אַז כדי אויסצוקליידן די ווירקלעכקייט אין אַ מאַרקסיסטישן מאַנטל, ווערט די ווירקלעכקייט תמיד פאַלסיפיצירט. אַסך אָפטער ווערט דער ציל דערגרייכט מיט דער הילף פון אַ פּראָצעס, וואָס איז ענלעך צו דעם פּראָצעס פון מאַצעראַציע און קאַלציפיקאַציע אין דער אַנטאָלאָגיע. מאַצערירן אַ קנאָכן, הייסט אַרויסציען פון אים אַלע אומאָרגאַנישע עלעמענטן. מען באַקומט דעמאָלט אַ ווייכן קערפּער, וואָס האָט אַלע שטריכן פון דעם קנאָכן, וואָס באַשטייט אָבער פון לויטער אָרגאַנישע עלעמענטן. מען קאָן אָבער אויך קאַלציפיצירן אַ קנאָכן, דאָס הייסט אַרויסטרייבן פון אים אַלע ווייכע אָרגאַנישע טיילן און איבערלאָזן נאָר די האַרטע אומאָרגאַנישע. אין זיין אויסערלעכן אויסזען בלייבט אויך דער קאַלציפיצירטער קנאָכן מיט אַלע שטריכן פון דעם נאָרמאַלן קנאָכן.

אין דער געשיכטס־פילאָזאָפיע קאָנען אויך געמאַכט ווערן אַנאַלאָגישע אָפּעראַציעס. דער אידעאַליסט קאָן גאַנץ גרינג „מאַצערירן" די געשיכטע, דאָס הייסט אַרויסטרייבן פון איר אַלע עקאָנאָמישע עלעמענטן און באַשרייבן די קעגנזייטיקע שייכותן און ווירקונגען בלויז פון אירע אידעאָלאָגישע טיילן. פון דער אַנדער זייט „קאַלציפיצירט" אָפט דער מאַטעריאַליסט די געשיכטע, דאָס הייסט, ער דיסטילירט פון איר אַוועק אַלע אידעאָלאָגישע אויפאַנאַנדערווירקונגען און נעמט אין באַטראַכט נאָר די עקאָנאָמישע זייט. מען קאָן אויף אַזאַ אופן זאָגן, אַז דאָס רוב מאַרקסיסטישע געשיכטס-אויספאָרשונגען זענען נישט פ אַ ל ס י פ י ק אַ צ י ע ס, נאָר ק אַ ל צ י פ י ק אַ צ י ע ס פון דער ווירקלעכקייט.

צו באַוויערס שבח מוז מען זאָגן, אַז אין אַט-אַ-דעם פּונקט שיידט ער זיך שטאַרק אָפּ פון דעם געוויינלעכן טיפּ מאַרק-

סיסטישע פאָרשער. ווען ער באַגעגנט אין דער ווירקלעכקייט פּראָצעסן, וואָס אונטערשיידן זיך שטאַרק פון דעם, וואָס ס'האָט געדאַרפט פאָרקומען לויט דער סכעמע, אָדער קאַטעגאָריעס פון געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, וואָס פירן זיך אויף גאָרנישט מאַרקסיסטיש, נעמט זיך, דאָס רוב, באַוּער נישט צו „קאַלציפּי-צירן" דידאָזיקע פּראָצעסן און דערשיינונגען. ער טרייבט נישט אַרויס זייער אידעאָלאָגישן אינהאַלט און רוקט נישט אַרויס אין דעם אונטערזוכונגס-פּראָצעס גופא זייער עקאָנאָמישן תוך. אָבער אויך ער איז נישט פריי פון די אַנדערע פעלערן, אויף וועלכע מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן. אויך ביי אים בלייבט דער פּשט פון די גרונט-טעאָרעמעס נישט אינגאַנצן קלאָר, אויך ער איז צו האַסטיק אין זיינע אויספירונגען, און סוף-כל-סוף באַמיט ער זיך אויך אַרויפצוואַרפן אויף דער ווירקלעכקייט אַ מאַרקסיסטישן מאַנטל, וואָס ווערט אָפט נישט אויסגעאַרבעט אין דעם פאָרשונגס-פּראָצעס גופא, נאָר ווערט פּשוט געבראַכט צו שלעפּן פונדרויסן.

לאָמיר ברענגען עטלעכע ביישפּילן. די קעגנזייטיקע באַצי-אונגען צווישן די סאָציאַלע עקזיסטענץ-באַדינגונגען פון אַ וועלכן עס איז קלאַס און צווישן זיינע קלאַסן-אינטערעסן און זיין קלאַסן-אידעאָלאָגיע בלייבן נישט קלאָר אויך אין באַוּערס מאַרקסיסטי-שער קאָנצעפּציע. אַזוי, למשל, זאָגט ער אין אַן אָרט (זייט 428), אַז די קלאַסנאידעאָלאָגיע איז דער פּועל-יוצא פון די לעבנס-באַדינגונגען פון דעם קלאַס, און אין אַ צווייט אָרט, אויף זייט 469, ווערט שוין געזאָגט, אַז „די פּאָליטיק פון איטלעכן קלאַס ווערט באַשטימט נישט נאָר דורך זיינע קלאַסנאינטערעסן, נאָר אויך דורך זיין אייגנאַרטיקער קלאַסנאידעאָלאָגיע, וואָס די סאָ-ציאַלע באַדינגונגען פון זיין עקזיסטענץ האָבן באַשאַפן". אין דעם ערשטן ציטאַט ווערט די קלאַסנאידעאָלאָגיע אַרויסגעבראַכט דירעקט פון די קלאַסנאינטערעסן, בעת אין דעם צווייטן ציטאַט וואַקסט אַרויס די אידעאָלאָגיע פון אַ קלאַס נישט נאָר פון זיינע אינטערעסן, נאָר אויך פון די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון דעם סאָציאַלן זיין.

אינגאַנצן אין דעם גייסט פון דעם אַלטן מאַרקסיזם איז

די כאַראַקטעריסטיק, וואָס באַוער גיט דער הומאַניטעט-אידייע, וועלכע ער רופט אָן „די אידעאָלאָגיע פון דער יונגער בורזשואַזיע". מיט דער הילף פון דעמזעלביקן מעטאָד, מיט וועלכן באַוער באַנוצט זיך צו באַווייזן זיין בליק אויף דער הומאַניטעט-אידייע, וואָלט מען געקאָנט אויך דיפערענציאַל-רעכענונג כאַראַקטעריזירן ווי אַ בורזשואַזע אידעאָלאָגיע. די דיפערענציאַל-רעכענונג, קאָן מען זיך חקרנען, איז געבויט אויף דעם באַגריף פון אומענדלעך-קליינע קוואַנטיטעטן; די טעאָריע פון אומענדלעך-קליינע קוואַנטיטעטן איז ביי לייבניצן פאַרבונדן מיט זיין מאָנאַדאָלאָגיע; די מאָנאַדן זענען דאָך עפּעס אַ מין איינע פון די אַנדערע אומאָפּהענגיקע אינדיווידן, און פון דאַנען איז שוין מיט דער האַנט צו דערלאַנגען צו דעם ליבעראַלן אינדיווידואַליזם פון דער בורזשואַזיע.

דאָס זענען אָבער אַלץ קלייניקייטן, וואָס קומען פאָר ביי באַוערן גאַנץ זעלטן. אַסך וויכטיקער זענען די צו האַסטיקע אויספירונגען, וואָס מען באַגעגנט ביים מחבר גאַנץ אָפט. זיי שאַטן שטאַרק דעם וויסנשאַפטלעכן ווערט פון זיינע אויספאָרשונגען.

אין זיין שטרעבן צוריקצופירן די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע דערשיינונגען אויף דערשיינונגען פון עקאָנאָמישן כאַראַקטער, זאָגט באַוער אַרויס די מיינונג (זייט 34), אַז די נאַציאָנאַלע דיפערענצירונג פון די גערמאַנישע שבטים איז געווען דער פועל-יוצא פון זייער איבערגאַנג צו איינזעסיקער ערדאַרבעט און פון יענע שינויים אין זייער פאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זענען פון אָט-אָ-דערווירטשאַפטלעכער דערשיינונג אַרויסגעוואַקסן. בנוגע צו די אַלטע גערמאַנען קאָן זיך באַוערס מיינונג זיין גאַנץ ריכטיק. ווען אָבער אָט-אָ-דער פאַקט ווערט דערנאָך אַריינגערעכנט אין חשבון פון באַווייזן, אַז נאַציאָנאַלע דערשיינונגען אין אַלגעמיין זענען אַ פּראָדוקט פון עקאָנאָמישע סיבות, איז דאָס זיכער אַ צו האַסטיקער שלוס. וואָרים מיר ווייסן פון נאָמאַדישע שבטים, וואָס ביי זיי איז די נאַציאָנאַלע דיפערענצירונג פאָרגעקומען אַסך פריער, איידער זיי זענען אַריבער צו איינ-

זעסיקער ערדאַרבעט און ממילא האָט אָט-אָ-דער איבערגאַנג נישט געקאָנט זיין די סיבה פון זייער נאַציאָנאַלער דיפע-רענצירונג.

אויפן 35-טן עמוד און אין דעם גאַנצן 5-טן פּאַראַגראַף באַמיט זיך באַוער צו באַווייזן, אַז די געוועזט פאַנאַנדערגע-פאַלענע גערמאַנישע שבטים האָבן זיך פּאַקטיש צוריק פאַר-אייניקט אויף דעם באָדן פון אַ בשותפישער מיטלאַלטערלעכער ריטערלעכער קולטור, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער פעאָ-דאַלער סיסטעם. דאָס איז אָבער נאָך פאַר באַוער צו ווייניק. ער וויל האָבן, אַז קיין אַנדער וועג צו פאַראייניקן אָט-אָ-די שבטים האָט גאָרנישט געקאָנט זיין. ער פאַרגעסט, אַז אויב די גלחים אין די קלויסטערס וואָלטן אומעטום זיך באַנוצט מיט דער דייטשישער שפּראַך, וואָלט די רעליגיע אויך אין יענעם פּעריאָד גאַנץ גוט געקאָנט שפּילן די ראָלע פון אַ נאַציאָנאַלן פאַראייניקונגס-פאַקטאָר, פּונקט ווי זי האָט עס געטאָן שפּעטער אין דער עפּאָכע פון דער רעפאָרמאַציע. אין די אַלטע צייטן האָט דער רעליגיעזער קולט ביי אַלע פעלקער דורכגעפירט די פונקציע פון דער נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג. צוריקצופירן דאָס „נאַציאָנאַלע“ אויף דאָס „עקאָנאָמישע“ וואָלט מען דעריבער געקאָנט נאָר דעמאָלט, ווען מען ווייזט אויף די עקאָנאָמישע יסודות פון יעדער רעליגיע בכלל.

אויף זייטל 50 שילדערט באַוער די אַנטשטייאונג און די פאַרשטאַרקונג פון דער ריטערלעכער קולטור און דאָס נאַציאָ-נאַלע זעלבסטבאַוווּסטזיין, וואָס איז פון איר אַרויסגעוואַקסן אויף דעם גרונט פון אַן ענגן פאַרקער צווישן די דייטשישע ריטער („פערקעהרסגעמיינשאַפט“). אינדרינען זעט ער אַ פאַראמתונג פון דער מאַרקסיסטישער גרונט-מסקנה, אַז „דאָס נאַציאָנאַלע באַ-וווּסטזיין קאָן דערקלערט ווערן נאָר דורך דאָס נאַציאָנאַלע זיין, און נישט אומגעקערט“. ער לאָזט אָבער דערביי אַרויס פון אויג, אַז אָט-אָ דער ענגער פאַרקער גופא וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט פאָרקומען, אויב אין דעם באַוווּסטזיין פון די גערמאַנישע שבטים וואָלט צו יענער צייט שוין געווען איינ-

גאַנצן אויסגעלאָשן יעדער ניצוץ פון זייער נאַציאָנאַלער אייגנהייט. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר דאָך פונקט אַזאַ רעכט צו זען אין דעם ביישפּיל גראָד אַ באַווייז פון דער להיפּוכדיקער מסקנה, אַז דאָס נאַציאָנאַלע זיין — דער ענגער פאַרקער צווישן די ריטער — דערקלערט זיך דורך דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין.

פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין ביי דעם דייטשישן פאָלק שטעלט באַוער אַרויס דעם טעזיס, אַז איר דערקלערונג דאַרפן מיר זוכן אין דער אַנט-וויקלונג פון דער סחורה-ווירטשאַפט. דעם גאַנצן זעקסטן פאַראַ-גראַף גיט באַוער אָפּ דער באַגרינדונג פון אָט-אָ דעם געדאַנק. דער קולמינאַציאָנער פונקט פון אָט-אָ דעם אַנאַליז באַשטייט אין דעם אויספיר, אַז נישט די הויף-מנהגים און די הויף-זיטן זענען דער גרונט-עלעמענט אין דער יונגער קולטור פון דער בורזשו-אַזיע, נאָר „פריער פאַר אַלץ דאָס וויסן און די קענטשאַפט, אין וועלכע דער סוחר און דער בעל-מלאכה נויטיקן זיך אין זייערע פּראָפעסיעס". פאַר דער ערשטער פאָדערונג פון אַ העכערער בילדונג ווערט איצטער באַטראַכט דאָס קאָנען לייענען, שרייבן און רעכענען".

„די קונסט פון לייענען", זאָגט באַוער ווייטער, „ווערט איצטער דער באַזיס פאַר אַ העכערער גייסטיקער קולטור" (זייטל 60). אויף אַזאַ אופן ווערט דער באַזיס פון דער העכערער קולטור פאַר יענער צייט פאַרבונדן דירעקט מיט די נויטן פון דער סחורה-באַלעבאַטישקייט. דאָס נאַציאָנאַלע ווערט צו-ריקגעפירט אויף דאָס עקאָנאָמישע... דאָס וואָלט אַלץ געווען זייער שיין, ווען מיר וואָלטן נישט געוווסט פון דער געשיכטע, אַז ביי אַנדערע פעלקער איז די באַדערפעניש צו קאָנען לייענען און שרייבן געקומען אָן אַ וועלכער עס איז שייכות צו דער סחורה-באַלעבאַטישקייט ; אַז זי איז גאָר געווען פאַרבונדן מיט די נויטן פון רעליגיעזן קולט : צו פאַרשרייבן רעליגיעזע טראַ-דיציעס, צו לייענען תפילות, און אַזוי ווייטער. אויך אין דעם פונקט קאָן מען נישט פשוט צוריקפירן דאָס נאַציאָנאַלע אויף דאָס עקאָנאָמישע און עס פאַרבינדן דירעקט מיט אַ וועלכער

עס איז פּראָדוקציאָנס-מעטאָד. דאָס וואָלט געקאָנט געטאָן ווערן צאָר אויף אַ קאָמפּליצירטערן אופן, ווען אַ ל ע עלעמענטן פון דער קולטור, וואָס רופן אַרויס די באַדערפעניש אין לייענען און שרייבן און אין שולעס, זאָלן צוריקגעפירט ווערן צו זייערע עקאָנאָמישע אור-יסודות (אויב אַזעלכע אור-יסודות זענען בכלל פאַראַן). אַלע אַזעלכע אַנאַליזן שמעקן אָבער אַביסל מיט דעם אונז שוין באַקאַנטן פּראָצעס פון קאַלציפיצירן די ווירקלעכקייט.

באַוער גיט אָפּ אַ סך פּלאַץ דער כאַראַקטעריזירונג פון יענע דערשיינונגען, וואָס האָבן געבראַכט דעם דייטשישן פויער צו דער לאַגע פון אַ שטיף-קינד ביי דעם פאָלק („הינטערזאססען דער נאַציאָן"). ער פירט זיי צוריק צו די דערשיינונגען פון ווירטשאַפטלעכן לעבן, וואָס שטאַמען אַרויס פון פעאָדאַליזם. פון דער עקזיסטענץ פון אָט-אָ-די שטיפקינדער, וואָס נעמען נישט קיין אָנטייל אין דער נאַציאָנאַלער קולטור, ווערן געמאַכט געוויסע אויספירונגען בנוגע דער אַנטוויקלונגס-געשיכטע פון דער דייטשישער נאַציאָנאַלער איינהייט. ווידער, הייסט עס, ווערט דאָ אויפגעדעקט אַן ענגע צונויפגעבונדנקייט פון די נאַציאָנאַלע געשעענישן מיט די ווירטשאַפטלעכע. אָבער אויך אָט-אָ-די צונויפגעבונדנקייט באַווייזט נאָר, אַז דער מחבר האָט זיך נישט גענוג אַריינגעטראַכט אין דעם ענין און אַז ער מאַכט זיין אַנאַליז צו איילנדיק. אויב די איינצלנע דייטשישע שבטים וואָלטן אין דער ווירקלעכקייט זיך נאַציאָנאַל אינגאַנצן אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע, וואָלט מסתמא יעדער שבט אויסגעאַרבעט זיין אייגענעם פעאָדאַלן שטייגער און זיין אייגענע ווירטשאַפט. מיר וואָלטן דעמאָלט געהאַט עטלעכע דייטשישע נאַציאָנאַליטעטן מיט גאַנץ-פאַרשיידענע קולטורן. און פונדעסטוועגן וואָלטן די שטיפקינדער פון פאָלק געבליבן דיזעלביקע שטיפקינדער, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס איטלעכע נאַציאָנאַליטעט וואָלט געהאַט אירע אייגענע „הינטערזאַססען". אַזוי זעען מיר, אַז די עקזיסטענץ פון אָט-אָ-די שטיפקינדער האָט נישט געמוזט ווירקן דווקא אין דער ליניע פון נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג.

מיר ווילן דאָ נישט אָנוואַרפן צופיל ביישפילן פון אַזעלכע נישט גענוג אַדורכגעטראַכטע אַנאַליזן, וואָס גראָבן שטאַרק אונטער דעם מחברס גרונט-טעאָרעמע, אַז דאָס נאַציאָנאַלע קאָן תמיד צוריקגעפירט ווערן צו דעם עקאָנאָמישן. מיר וועלן דאָ נאָר אָנווייזן אויף נאָך איין טעות, וואָס באַוער מאַכט אין איינעם מיט אַלע אַנדערע מאַרקסיסטן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער פאָרשונג פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין עסטרייך. אין זייער שטרעבן צוריקצופירן אַלע דערשיינונגען פון נאַציאָנאַלן קאַמף צו דערשיינונגען פון קלאַסנקאַמף, אַרויסצושטעלן דעם נאַציאָנאַלן קאַמף נאָר ווי אַ מאַנטל, מיט וועלכן דער קאַמף פון די קלאַסן דעקט זיך צו, פאַרגעסן זיי אַלע זיך אַ פרעג צו טאָן איין פשוטע שאלה: וואָלט דערדאָזיקער „נאַציאָנאַלער" קאַמף איבערהויפּט געקאָנט פאָרקומען, ווען אָט אָ דער קלאַסנקאַמף, וואָס זיי דעקן אויף, וואָלט זיך אָפּגעשפּילט אין די גרענעצן פון איין און דעמזעלביקן פאָלק?*).

נאָך בולטער טרעטן אַרויס באַוערס טעותן דאָרטן, ווו ער באַמיט זיך אַרויפצוּוואַרפן אויף דער ווירקלעכקייט אַ דרויסנדיקן מאַרקסיסטישן מאַנטל נאָך דעם ווי ער האָט אַליין געמאַכט אַן אויסגעצייכנטן אַנאַליז פון די היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע דערשיינונגען. אַזוי, למשל, ווען ער כאַראַקטעריזירט די מאָמענטן, וואָס האָבן געפירט צו דער רעפאָרמאַציע, טרעטן ביי אים די ריין - עקאָנאָמישע אינטערעסן כמעט גאָרנישט אַרויס. אָבער דערנאָך, ווי ער באַווייזט די אומגעהייער-גרויסע ראָלע, וואָס די רעפאָרמאַציע האָט געשפּילט אין דעם אויפבוי פון אַן איינהייטלעכער גערמאַנישער קולטור, מאַכט באַוער — גאַנץ אומדערוואַרטעט פאַר דעם נישט-מאַרקסיסטישן לייענער—דעם אַלגעמיינעם אויספיר, אַז דאָס אַלץ האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דער אַנטוויקלונג פון דער סחורה.באַלעבאַטישקייט (§ 6). דיזעלביקע זאַך

*) מער וועגן דעם ענין אין מיין אַרטיקל: „דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע" אין דעם באַנד VI פון מיינע געזאַמלטע שריפטן.

חזרט זיך ביים מחבר איבער, בעת ער שילדערט די ווירקונג פון דער השכלה־עפּאָכע. אָן קיין שום באַווייזן פאַרזיכערט ער אונז צום סוף פון אָט דער שילדערונג, אַז „דידאָזיקע קולטור איז באַשאַפן געוואָרן פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אין דעם אַכצנטן יאָרה." דיזעלביקע געשיכטע חזרט זיך ווידער איבער אין אַכטן פּאַראַגראַף, וואָס טראָגט דאָס קעפּל: „דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם און די נאַציאָנאַל־קולטורעלע איינהייט". דאָ שפּילט די ראָלע פון דעם מאַרקסיסטישן מאַנטל די פּשוטע קאָנסטאַטירונג פון דעם פּאַקט, אַז די אינדוסטריע האָט זיך אַנטוויקלט און האָט אויפגעוועקט די אָפּגעשטאַנענע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג. ווען עס קומט אָבער צו די סיבות פון זייער נאַציאָנאַלער אויפוואַכונג, פיגורירן שוין דאָ אי די שולעס, אי דאָס מיליטער, אי די דעמאָקראַטיע, אי די אַרבעטער־באַוועגונג, אי דער סאָציאַליזם.

באַזונדער פאַרדראָסיק איז אָט־אָ־דאָס אַרויפצווינגען מיט געוואַלט דעם מאַרקסיסטישן מאַנטל אויף דער ווירקלעכקייט אין דעם קאַפּיטל: „די אויפוואַכונג פון די אומהיסטאָרישע נאַציעס" (ז. 224 און ווייטער). אין אָט־אָ־דעם קאַפּיטל, וועלכן מען קאָן רעכענען פאַר דעם בעסטן אין דעם גאַנצן בוך, נעמט זיך דער מחבר אונטער צו באַווייזן, ווי דער קאַפּיטאַליזם האָט אויפגעוועקט די נישט היסטאָרישע פעלקער, ווי אַזוי די שטאַרקייט און די שוואַכקייט, דער טויט און די אויפלעבונג פון נאַציעס הענגען אָפּ פון דעם קאַמף פון די ווירטשאַפטלעכע קלאַסן, פון דעם איבערבייט אין די מיטלען און באַדינגונגען פון דער אַרבעט. אינדעראמתן אָבער באַווייזט אונז באַוער, ווי די מלוכה איז געווען געצוווּנגען צוליב אַדמיניסטראַטיווע צילן צו זען, אַז די באַאַמטע זאָלן קאָנען די טשעכישע שפּראַך; ווי די אידייע פון די הומאַניסטן און די טעאָרעטיקער „פון נאַטירלעכן רעכט", האָבן געווירקט אויף דער אויפוואַכונג פון דער טשעכישער אינטעליגענציע, ווי הערדער האָט געווירקט אויף די אויפוועקער פון דער טשעכישער נאַציאָנאַליטעט. ער באַווייזט אונז ווייטער, וואָס פאַר אַ ראָלע עס האָט געשפּילט די ליטע־

ראַטור פון די יונגע טשעכישע שרייבער, ספּעציעל פון דאָ-בראָווסקין; וואָס עס האָט דערביי אויפגעטאָן די טשעכישע פאָלקסשול, וועלכע דער קיסר יאָזעף דער צווייטער האָט צוערשט איינגעפירט; וואָס פאַר אַ ווירקונג די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון די אַנדערע לענדער האָבן געהאַט אויף דעם טשעכישן זעלבסטבאַוווסטזיין; וואָס די דעמאָקראַטיע האָט אויפגעטאָן פאַר דעם טשעכישן פאָלק — און אָט-אָ-דאָס אַלץ שליסט ער איין אין האַלבע לבנות און שטעלט אַוועק פון פאָרנט אַן אַלגעמיינעם כופלער: „די קאַפּיטאַליסטישע באַלעבאַטישקייט”!

אָבער נישט אומעטום מאַכט באַוער זיינע היסטאָריש-עקאָנאָמישע אַנאַליזן אויף דעם שטייגער. אַדרבא, מיר שטרייכן אונטער, אַז אין זיינע פאָרשונגען גיבן זיך אים ספּעציעל איין גראַד יענע מאָמענטן, ווו ער וויקלט ווירקלעך פאַנאַנדער די ענגע דורכגעפלאָכטנקייט און דאָס אויפאַנאַנדערווירקן פון די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַל-פּסיכאָלאָגישע דערשיינונגען; דערפאַר זענען נאָכמער פאַרדראָסיק די אויבן-כאַראַקטעריזירטע אויבערפלעכלעכע דעדוקציעס. זיי דערקלערן זיך, פאַרשטייט זיך, דורך דעם, וואָס דער מחבר שטרעבט כסדר צו באַווייזן, אַז נאָר דער מאַרקסיזם קאָן אויף אַ וויסנשאַפטלעכן אופן פאַרטיק ווערן מיט דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם.

„בכן, באַטראַכטן מיר די נאַציע”, שרייבט באַוער אויף זייט 124—125, „נישט ווי עפּעס פאַרגליווערטס, איינמאָל פאַר אַלעמאָל געגעבנס, נאָר ווי אַ שטענדיקן פּראָצעס פון ווערן. אין דעם יסוד פון אָט-אָ-דעם פּראָצעס ליגן די באַדינגונגען פון דעם קאַמף, וואָס מענטשן פירן פאַר זייער עקזיסטענץ און פאַר דער ווייטערפלאַנצונג פון זייער מין. היות ווי אין דער עפּאָכע, ווען מענטשן באַנוצן זיך פאַר אויפהאַלטן זייער לעבן בלויז מיט די פאַרטיקע הפקרדיקע מתנות פון דער נאַטור, איז קיין נאַציע נאָך נישט פאַראַן, היות ווי די נאַציע באַווייזט זיך ערשט אויף יענעם שטאַפּל פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, ווען דער מענטש איז געצוווּנגען מיט האָרעוואַניע אַרויסצורייסן ביי דער נאַטור די פּראָדוקטן, וואָס זענען נויטיק פאַר זיין

לעבן, מוז דעריבער די נאַציע מיט אַלע אירע כאַראַקטעריסטישע סימנים באַשטימט ווערן דורך דער אַ ר ט פ ו ן ד ע ר פ ר אָ ד ו ק צ י ע, דורך די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס די מענטשן באַנוצן, דורך ד י פ ר אָ ד ו ק צ י אָ נ ס ־ כ ו ח ו ת, וואָס זיי באַזיצן, דורך די ב אַ צ י א ו נ ג ע ן, אין וועלכע זיי שטייען איינע צו די אַנדערע אין דעם פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע. נאָך אַדאַנק קאַרל מאַרקס׳ היסטאָרישן מעטאָד איז פאַר אונז געוואָרן מעגלעך פּאַרטיק צו ווערן מיט דער גרויסער פּראָבלעם צו דערקלערן די אַנטשטייאונג פון דער נאַציאָנאַליטעט בכלל און פון איטלעכער נאַציע בפרט, ווי אַ רעזולטאַט פון ד ע ם מ ע נ ט ש נ ס ק אַ מ ף מ י ט ד ע ר נ אַ ט ו ר".

מיר זענען אינגאַנצן מסכּים מיט באַוּערן, אַז די אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט — צו דערקלערן די אַנטשטייאונג און די באַזונדערע אייגנטימלעכקייט פון נאַציאָנאַליטעטן אויף אַ מאַרקסיסטישן אופן, קאָן באמת אָנגערופן ווערן (ווייניקסטנס פון דעם מאַרקסיסטס בליק אויף דער זאַך) די „גרויסע אויפגאַבע". מיר ווייסן נישט ווי דער מאַרקסיזם וועט מיט דער אויפגאַבע פאַרטיק ווערן אין דער צוקונפט. מען מוז אָבער קאָנסטאַטירן, אַז אונזער מחבר האָט זיך נישט איינגעגעבן פאַרטיק צו ווערן מיט איר. אַחוץ די שוין אָנגעמערקטע טעותן, וואָס באַוּער מאַכט אין דער אָנווענדונג פון קאַרל מאַרקס׳ היסטאָרישן מעטאָד, מוזן מיר אָנווייזן אויף די טיפערע, מער וואָרצלדיקע טעותן, וואָס זענען אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אויך אַ פּועל־יוצא פון אָט דעם מעטאָד.

## III

אין מאַרקס' טעאָריע איז לכתחילה גאָרנישט אַריין דער אַנאַליז פון נאַציאָנאַלע דערשיינונגען. ווי דאָס רוב סאָציאָלאָגישע טעאָריעס, האָט אויך מאַרקס' טעאָריע אויסגעאַרבעט די געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, אָננעמענדיק לכתחילה, אַז דידאָזיקע אַנטוויקלונג קומט פאָר אין די גרעניעצן פון איין-אייניציקן פאָלק. דער פּועל-יוצא דערפון איז, אַז ווען מיר באַגעגענען זיך אין דער טעאָריע מיט וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע דערשיינונגען, מוזן מיר אויך זיי באַטראַכטן ווי אַ פּראָדוקט פון דיזעלביקע געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און פאַרשטיין זיי ווי עפּעס אַזוינס, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ קודם-כּל אין די גרענעצן פון איין און דערזעלביקער געזעלשאַפט, פון איין און דעמזעלביקן פאָלק. דאָס „נאַציאָנאַלע" מוז אויף אַזאַ אופן פאָרמולירט ווערן, ווי דער סכום פון אַלע יענע סימנים, וואָס פאַראייניקן מענטשן פון איין און דערזעלביקער געזעלשאַפט אין עפּעס אַ באַזונדערן סאָציאַלן קאָלעקטיוו, וואָס מען רופט „נאַציע". צו באַשטימען אָט-אָ-די סימנים, לויט וועלכע מענטשן גייען אָן אייבע אויף די אַנדערע אין נאַציאָנאַלן זין און צו באַווייזן, ווי אַזוי דידאָזיקע סימנים ווערן געבאָרן און אַנטוויקלען זיך לויט די אַלגעמיינע געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וועלכע מאַרקס האָט אַנטדעקט, — דאָס איז אייגנטלעך די „גרויסע אויפגאַבע", וואָס באַוער האָט זיך געשטעלט.

דאָס אָבער צווינגט באַוערן, ער זאָל אַריינפאַלן אין דעמזעלביקן טעות, אין וועלכן עס זענען אַריינגעפאַלן כמעט אַלע טעאָרעטיקער פון נאַציאָנאַליטעט פאַר אים. דער טעות באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זעען אין דעם „נאַציאָנאַלן" עפּעס אַבסאָלוטעס, וואָס איטלעכע נאַציע באַזיצט, אינגאַנצן אומאָפּהענגיק

פון דעם, צי עס עקזיסטירן אויף דער וועלט אַנדערע פעלקער, מיט וועלכע די געגעבענע נאַציע ווערט פאַרגליכן, צי די גאַנצע מענטשהייט באַשטייט אויסשליסלעך פון אָט-אָ-דער איינציקער נאַציע. זיי האָבן אַרויסגעלאָזן פון אויג יענעם אַנטשיידנדיקן פאַקט, אַז נאַציאָנאַליטעט איז נישט עפּעס אַבסאָלוטעס, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז דורך און דורך ר ע ל אַ ט י וו, וואָס טרעט אַרויס נ אָ ר דעמאָלט, ווען איין פאָלק ווערט פאַרגליכן מיט אַן אַנדערן.

אַ ביישפּיל וועט אונז קלאָר מאַכן, וואָס מיר ווילן דער-מיט זאָגן.

די איינוווינער פון דער טולער גובערניע זענען נישט קיין באַזונדער נאַציע. ווי די טולער זאָלן נישט זיין ענלעך איינע צו די אַנדערע, וועט זיי קיינער נישט אויסשיידן אין אַ באַזונדער נאַציע, און זיי אַליין וועלן נישט האָבן די פּרעטענזיע צו פאַ-דערן אַזאַ מין זאַך. עס קאָן נישט געמאָלט זיין אַ ריין-טולישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? — דאָס איז דערפאַר, ווייל די טולער שיידן זיך מיט קיין זאַך נישט אָפּ פון דעם אַלגעמיינעם גרויס-רוסישן שטאַם. נעמט אָבער די טולער און טראָגט זיי אַרי-בער אַלעמען, מיט זייערע דערפער און מיט דער גאַנצער קולטור זייערער, לאָמיר זאָגן, קיין קאַנאַדע און דער גאַנצער ענין באַ-קומט מיטאַמאָל גאָר אַן אַנדער אויסזען. די טולער זענען געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע גרופּע, און די נאַציאָנאַלע גרופּע איז געוואָרן די סיבה פון אַסך נאַציאָנאַלע דערשיינונגען און באַוועגונגען. זי קעמפט מיט די אַנדערע גרופּן פאַר איר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ אָדער פאַר דער נאַציאָנאַלער אויבערהערשאַפט. זי אַסימילירט זיך מיט די אַנדערע גרופּן אָדער זי אַסימילירט די אַנדערע גרופּן מיט זיך.

פאַרוואָס זענען די טולער מיטאַמאָל געוואָרן אַ נאַציאָנאַ-ליטעט? דערפאַר, וואָס אויף דעם פּאָן פון די קאַנאַדישע פעלקער האָבן זיי זיך גענומען בולט אַרויסשיידן; דערפאַר, וואָס זיי

שיידן זיך איצטער אָפּ מיט אַ סך סימנים פון דער איבעריקער קאַנאַדישער באַפעלקערונג.

אמת, מען קאָן דערויף ענטפערן, אַז די טולער שיידן זיך אָפּ פון אַנדערע פּונקט לויט יענע סימנים, דורך וועלכע זיי זענען פאַרבונדן מיט דעם גרויס־רוסישן פאָלק אין איין נאַציע. דער סכום און דער כאַראַקטער פון די סימנים, לויט וועלכע מיר דערקענען אַ נאַציאָנאַליטעט, מוזן דעריבער בלייבן דיזעל־ביקע, אַלץ איינס צי מיר וועלן זיי באַטראַכטן ווי עפּעס אַזוינס, וואָס בינדט צונויף אַ סך מענטשן אין איין נאַציע, אָדער ווי עפּעס אַזוינס, וואָס טיילט זיי אָפּ פון די איבעריקע מענטשן.

אָבער דאָס קאָן זיך אויסדוכטן נאָר אויף דעם ערשטן אויבערפלעכלעכן בליק. אין דעראמתן! די טולער האָבן דאָך אינאיינעם מיט דעם גרויס־רוסישן שטאַם אַ גאַנצן סכום אַלגע־מיין־מענטשלעכע סימנים, אין וועלכע זיי זענען ענלעך אויך צו די קאַנאַדער. זיי האָבן צוויי הענט, צוויי פיס, צוויי אויגן א. אַז. וו. אָבער נאָך די סימנים נאָך קאָן מען בשום אופן נישט פעסטשטעלן זייער נאַציאָנאַליטעט. ממילא איז דערפון בעדרונגען, אַז כּדי אַרויסצוגעפינען די סימנים פון אַ נאַציאָנאַליטעט מוז מען פון דעם גאַנצן סכום סימנים, וועלכע אַ וואָסער עס איז פאָלק האָט, אַראָפּוואַרפן פון חשבון גראָד יענע, לויט וועלכע זיי שיידן זיך נישט אָפּ פון די אַנדערע. און דערפון איז ווידער געדרונגען, אַז בעת מיר שטודירן די פראַגע וועגן נאַציאָנאַליטעט, מוזן אונז אינטערעסירן נישט דאָס, וואָס מאַכט די איינצלמענטשן פון דער נאַציאָנאַליטעט ענלעך איינע צו די אַנדערע (זיי זענען ענלעך איינע צו די אַנדערע שוין אויך אין דעם, וואָס זיי זענען איבערהויפּט מענטשן). אונז דאַרף אינטערעסירן קודם כּל דאָס, וואָס שיידט זיי אָפּ פון די אַנדערע. אַ נאַציע איז אַ גרופּע מענטשן, וואָס זענען פאַרבונדן אינאיינעם דורך סימנים, מיט וועלכע זיי שיידן זיך אָפּ פון אַן אַנדער נאַציאָנאַלער גרופּע.

אָבער, אויב עס איז אַזוי, דעמאָלט מוזן מיר צוגעבן, אַז דער כאַראַקטער פון די פאַרשיידנקייטן, מיט וועלכע איין נאַציע

שיידט זיך אָפּ פון דער אַנדערער, הענגט דורך און דורך אָפּ פון דעם אויסזען פון יענע פאַרשיידענע נאַציעס, וועלכע מיר פאַרגלייכן. אונזערע טולער וואָלטן זיך אָפּגעשיידט פון די קאַנאַדער מיט אַ סך סימנים און צווישן די סימנים וואָלט אויך געשפּילט אַ ראָלע דער פאַקט, וואָס די טולער געהערן צו דער פּראַוואָסלאַווער רעליגיע. די רעליגיע איז אין דעם פאַל אַ נאַציאָנאַלער סימן. אָבער לאָז מען די טולער אַריבערטראָגן פון קאַנאַדע צו די קליין-רוסן אין גאַליציע, און די פּראַוואָסלאַווע רעליגיע וועט מיטאַמאָל אויפהערן צו שפּילן אַ וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע ראָלע, ווייל די קליין-רוסן האָבן דיזעלביקע פּראַוואָסלאַווע אמונה. פון די גאַליצישע קליין-רוסן וואָלטן זיך די טולער אויך אין אַ סך אַנדערע פּונקטן ווייניקער אָפּשיידן, איידער פון די קאַנאַדער. הייסט עס, אַז ווי דאָס זאָל נישט קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, זענען די טולער אין פאַרגלייך צו די קליין-רוסן ווייניקער אַ נאַציאָנאַליטעט, איידער אין פאַרגלייך צו די קאַנאַדער, און זיי הערן איבערהויפּט אויף צו זיין אַ נאַציאָנאַליטעט, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די גרויס-רוסן.

דערפון קאָן מען איינזען ווי לעכערלעך עס איז, ווען ערנסטע געלערנטע מענטשן שטעקן צונויף זייערע קעפּ און שטודירן מיט אַן ערנסטער מינע די פראַגע, צי איז די אָדער יענע פאָלקס-גרופּע אַ נאַציאָנאַליטעט אָדער נישט. זיי פאַרגעסן פּשוט אַוועקצושטעלן די הויפּט-פראַגע: אין פאַרגלייך מיט וועלכער אַנדערער נאַציאָנאַלער גרופּע זאָל זי האָבן אַרויסגעוויזן (אָדער נישט האָבן אַרויסגעוויזן) איר נאַציאָנאַליטעט?

דער גרויסער חטא פון אַלע נאַציאָנאַליטעט-טעאָריעס ביז אַהער איז געווען דער פאַקט, וואָס זיי האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דעמדאָזיקן רעלאַטיווען כאַראַקטער פון אַלץ, וואָס איז נאַציאָנאַל. געזינדיקט אין דערינען האָבן סיי די שאָוויניסטישע טעאָרעטיקער סיי די קאָסמאָפּאָליטישע. דאָס האָט זיי אָט-אָ דער חטא געצוווּנגען אויסצוזוכן און אויסצופאָרשן געוויסע אַבסאָלוטע סימנים, לויט וועלכע אַ גרופּע מענטשן ווערט אונטער אַלע

אומשטענדן אַ נאַציאָנאַליטעט: שפּראַך, רעליגיע, טעריטאָריע, גע־מיינזאַמע שיקזאַלן, און אַז. וו., און אַז. וו. דער פּועל יוצא דער־פון איז געווען, וואָס מען האָט אויסגעפּלאָכטן אַ גאַנצע נעץ פון אַזעלכע סימנים, און מען האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אָט־אָ דער נעץ. דער צווייטער פּועל יוצא דערפון איז געווען, וואָס די ריין־טעאָרעטישע פראַגן וועגן דעם עצם פון נאַציאָנאַליטעט האָט מען גענומען אויסנוצן צוליב וועלכע עס איז פּראַקטישע נאַציאָנאַלע פּניות. און יעדער געלערנטער איז געווען געצוווּנגען אָנצונעמען אָדער אָפּצוואַרפן יענע סימנים פון נאַציאָנאַליטעט, לויט דעם ווי עס האָט זיך בעסער געפּאַסט צו זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. דער האָט געטענהט, אַז די טעריטאָריע איז דער הויפּט סימן־מובהק פון נאַציאָנאַליטעט, און דער אַנדערער האָט די גאַנצע וואָג געלייגט אויף דער שפּראַך.

כּדי אַ וויסנשאַפטלעכע נאַציאָנאַליטעטן־טעאָריע זאָל באמת קאָנען אָנהויבן גיין אין אַ ריין־אָביעקטיוון וועג, מוז מען איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל איינזען דעם פאַקט, אַז נאַציאָנאַליטעט איז נישט קיין אַבסאָלוטער באַגריף, נאָר אַ רעלאַטיווער. ווען מיר שטודירן נאָר איין־איינציק פאָלק און מיר לאָזן אַרויס פון אויג זיין שייכות צו די אַנדערע פעלקער, זיין גלייכקייט אָדער נישט גלייכקייט צו זיי, וועלן מיר דעמאָלט אין דעם איינצלנעם פאָלק מיט קיינע מיטלען נישט קאָנען געפינען אַזעלכס, וואָס מען זאָל קאָנען אָנרופן „נאַציאָנאַל". די גרונט־דערשיינונג פון נאַציאָנאַלי־טעט, יענער מקור, פון וועלכן עס פליסן אַרויס אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע דערשיינונגען, איז דער פאַקט, וואָס די מענטשהייט איז איצטער איינגעטיילט אין פאַרשיידענע פעלקער, וואָס יעדעס פאָלק האָט געלעבט פאַר זיך און געבויט זיין אייגן געזעל־שאַפטלעך לעבן; וואָס יעדעס פאָלק האָט אַנטוויקלט די אַלגע־מיין־מענטשלעכע קולטור אויף אַזאַ אופן, ווי דאָס האָט אים געפּאַסט, נישט פרעגנדיק ביי די אַנדערע פעלקער און נישט צונויפגיסנדיק זיך מיט זיי.

נאָר דעמאָלט, ווען מען שטעלט זיך אויף דעם באָדן פון אָט־אָ דעם גרונט־פאַקט, קאָן מען וויסנשאַפטלעך אַוועקשטעלן די

פראַגע וואָס פאַרא סימנים די מענטשהייט האָט אַרויסגעבראַכט, לויט וועלכע די פעלקער שיידן זיך אָפּ איינע פון די אַנדערע און וואָס פאַר אַ ראָלע די נאַציאָנאַלע דערשיינונגען האָבן געשפּילט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. נאָר דעמאָלט, ווען מיר שטעלן זיך אַוועק אַזעלכע וויסנשאַפטלעכע צילן, קאָן מען מאַכן דעם ערשטן שריט אין אויספאָרשן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם.

באַוער האָט זיך אַליין פאַרשטעלט דעם ריכטיקן וועג צו שטודירן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם דורכדעם, וואָס ער האָט צופיל פאַראַלגעמיינערט און אָן אַ וויסנשאַפטלעכער באַרעכטיקונג פאַרברייטערט „דעם היסטאָרישן מעטאָד פון קאַרל מאַרקס". ער האָט געוואָלט נישט אַנדערש צוריקפירן דאָס „נאַציאָנאַלע" אויף די היסטאָריש-מאַטעריאַליסטישע לעבנס-באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט. ער איז געווען דעריבער געצוווּנגען צו זוכן אין אָט-אָ די באַדינגונגען דעם מקור פון דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון יענע סימנים, וואָס בינדן מענטשן צונויף אין איין נאַציע, אויף דעמזעלביקן אופן, ווי אַנדערע סימנים פון דערזעלביקער געזעלשאַפטלעכער אָפּשטאַמונג בינדן צונויף מענטשן אינאיינעם אין איין געזעלשאַפטלעכן קלאַס. דאָס האָט אים געצווּנגען, ווי מיר האָבן שוין אָנגעצייגט, אַריינצופאַלן אין דעם גרונט-טעות פון אַלע פריערדיקע טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, הגם דער געדאַנק וועגן דעם רעלאַטיוון כאַראַקטער פון אַלץ, וואָס איז נאַציאָנאַל, איז באַוערן געווען נישט גאָר פרעמד.

ווי אַלע פריערדיקע טעאָרעטיקער זוכט אויך באַוער אין דאָס „נאַציאָנאַלע" פריער פאַר אַלץ „יענע אינדיווידועלע אייגנטימלעכקייט, וואָס בינדט צונויף איטלעכן אינדיוויד מיט אַלע אַנדערע אינדיווידן פון זיין פאָלק אין אַ נאַציאָנאַלער איינהייט" (ז. 126). ער זוכט אויך די „עלעמענטן" פון נאַציאָנאַליטעט אין איינצלנע סימנים, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס אָנשטאָט אַ פשוטן צעטל פון אָט-אָ די סימנים קלאַסיפיצירט זיי באַוער אין אַ סיסטעם (ז. 134). ווי די פריערדיקע טעאָרעטיקער, האָט אויך באַוער זיינע ליבלינג-סימנים פון נאַציאָנאַליטעט, ווי די שפּראַך,

למשל, וואָרום „אָן אַ בשותפותדיקער שפּראַך איז נישטאָ קיין אַלגעמיינע קולטור און ממילא איז נישטאָ קיין נאַציע" (ז. 136). אויף אַזאַן אופן ווערן די אַמעריקאַנער פון די פאַראייניקטע שטאַטן און די אירלענדער, וואָס האָבן נישט קיין באַזונדערע אייגענע שפּראַך, מיט איין פעדער־שטריך אויסגעמעקט פון דער רשימה פון פעלקער.

צו וועלכע רעזולטאַטן איז פאָרט באַוער געקומען שטודירנדיק דעם תוך פון נאַציאָנאַליטעט? וואָס איז, לויט זיין מיינונג, אַ נאַציע? „אַ נאַציע", לאָזט ער אונז וויסן אויף ז. 139 דעם לעצטן רעזולטאַט פון זיין אונטערזוכונג, „איז דער גאַנצער סכום פון מענטשן, וואָס זענען פאַרבונדן אינאיינעם דורך אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער אויפן גרונט פון אַ געמיינשאַפטלעכן גורל. אונטער געמיינשאַפטלעכקייט פון כאַראַקטער פאַרשטייט אָבער באַוער, אין לעצטער ליניע נישט דעם סכום פון אַלע פיזישע און גייסטיקע סימנים, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נאַציע, נאָר די ספּעציעלע ריכטונג פון זייער ווילן, וואָס שיידט זיי אָפּ פון אַנדערע פעלקער, דאָס הייסט דער פאַקט, וואָס איין און דערזעלביקער רייץ רופט אַרויס ביי מענטשן פון פאַרשיידענע פעלקער פאַרשיידענע אַרטן פון באַוועגונג, איין און דיזעלביקע סיטואַציע רופט ביי זיי אַרויס פאַרשיידענע שטעלונגען אַרויסצודרייען זיך. אָבער דערדאָזיקער חילוק אין דער ריכטונג פון דעם ווילן, דערקלערט אונז באַוער ווייטער, ווערט קויזאַל באַשטימט דורך דעם חילוק אין די פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעאַרבעט ביי די געגעבענע נאַציעס, אָדער דורך זייערע פיזישע אייגנאַרטיקייטן, וואָס קומען ווי אַ רעזולטאַט פון אָפּקלייבונג און קאַמף פאַר עקזיסטענץ. אויף אַזאַן אופן ווערט די אַלגעמיינע פאָרמולע פאַר דעם באַגריף נאַציאָנאַליטעט ביי באַוערן געבויט אויף דעם פּרינציפּ פון ענלעכקייטס־סימנים. אין דער ספּעציעלער פאָרמולע פאַר דעם כאַראַקטער פון נאַציאָנאַליטעט ווערט שוין אַריינגעפירט אַ היפּש ביסל פון דעם רעלאַטיוויסטישן עלעמענט, וואָס ווערט אָבער צום סוף ווידער אָפּגעשוואַכט דורך דעם אָנווייז אויף די אַלגעמיינע סיבות.

וועלכע אַרבעטן אויס דידאָזיקע ענלעכקייטס-שטריכן. וואָלט באַוועזר
זיך טיפער אַריינגעטראַכט אין דעם רעלאַטיוון כאַראַקטער פון
נאַציאָנאַליטעט, וואָלט ער זיך נישט געקאָנט שטעלן די אויפגאַ-
בע צו דערקלערן די אַנטשטייאונג פון נאַציאָנאַליטעט דורך
ריין-סאָציאַלע פּראָצעסן, וועלכע קאָנען סוף כל סוף צוריקגעפירט
ווערן (אויך נישט אינגאַנצן אָן דער הילף פון דעם גראָבן פינ-
גער) צו דער מאַרקסיסטישער סכעמע. אַזאַ דערקלערונג זעצט
פאָראויס דעם געדאַנק, אַז אַלע פעלקער קומען אַרויס פון איין
פרימיטיווער מענטשן-געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגע-
שפּאָלטן צוליב די אָדער יענע געזעלשאַפטלעכע סבות, וועלכע קאָ-
נען דערקלערט ווערן מאַרקסיסטיש. ווי נאָר מיר זאָגן זיך אָבער
אָפּ פון דער אוממעגלעכער היפּאָטעזע, אַז אַלע מענטשן קומען
אַרויס פון אדמן און חוהן, ווי נאָר מיר גיבן צו, אַז דער מענטש
האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער חיהשער מלוכה אין באַזונדערע
איינע פון די אַנדערע סאָציאָלאָגיש-אומאָפּהענגיקע גרופּעס, ווערט
גלייך באַשיינפּערלעך קלאָר דער זעלבשטענדיקער כאַראַקטער פון
דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט, וואָס קאָן בשום אופן נישט צוריקגע-
פירט ווערן אויף סאָציאַלע דערשיינונגען. אַפילו אין אַ פאַל ווען
צוויי מענטשן-גרופּעס האָבן זיך צו דערזעלביקער צייט אַרויסגע-
ריסן פון דער אַנימאַלישער ממשלה פון איין-און-דעמזעלביקן
מין, אונטער גענוי דיזעלביקע אויסערלעכע אומשטענדן, וואָס באַ-
שאַפן ביי זיי ביידן דעמזעלביקן אינעווייניקסטן סאָציאַלן לעבן, —
אַפילו אין דעם פאַל טראָגן זיי שוין אין זיך די אַלע נויטיקע
עלעמענטן פאַר דער אויסבילדונג פון צוויי נאַציאָנאַליטעטן, אַ
דאַנק דעם פשוטן פאַקט, וואָס די צוויי מענטשן-גרופּעס געפינען
זיך אין צוויי באַזונדערע אַטמאָספערעס פון פסיכישן אויפאַנאַנ-
דערווירקן און פון נאָכטאָן איינער דעם צווייטן. זיי ווערן נאַ-
ציאָנאַל-פאַרשיידן שוין דורך דעם פאַקט אַליין, וואָס איטלעכע
גרופּע פאַרענטפערט אַלע קולטור-פּראָבלעמען פאַר זיך און נאָר
פאַר זיך אַליין. מעגן זיך די ביידע גרופּעס דורכמאַכן אַלץ אונ-
טער דעמזעלביקן גורל, מעג זיך די שפּיל פון ירושה און אויס-
קלייב אויסאַרבעטן אין זיי ביידן פונקט דיזעלביקע קערפּערלעכע

סימנים, מעג זיך די קולטור אין זיי אויסאַרבעטן אַבסאָלוט-גלייכע כאַראַקטערן, וועלן זיי דאָך נישט אויפהערן צו זיין צוויי, איינע פון דער צווייטער אומאָפּהענגיקע נאַציעס. זענען דען די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער נישט געוואָרן צוויי באַזונדערע נאַציעס אין דעם מאָמענט, ווען עס איז דערקלערט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, הגם די דאָזיקע צוויי טיילן פון דעם ענגלישן פאָלק האָבן מיט אַ ווײַלע פריער געהערט צו דערזעלביקער נאַציע. ווייל זיי האָבן געהאַט, לויט באַוערס פאָרמולירונג, אַ געמיינשאַפטלעכן גורל און אַ געמיינשאַפטלעכן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער?

אַ חוץ דעם מוזן דידאָזיקע צוויי פּרימיטיווע מענטשן-גרופּעס ווערן באַזונדערע נאַציעס אויך דערפאַר, וואָס צוויי אַבסאָלוט-גלייכע קולטורן אויף אַלע פעלדער פון דעם מענטשלעכן לעבן איז אין דער ווירקלעכקייט אַן אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט. אין דעם אָדער יענעם צווייג פון קולטור וועלן די צוויי פון אַנאַנדער אָפּגעזונדערטע גרופּעס מוזן אַרויסברענגען פאַרשיידענע רעזולטאַטן, וואָס וועלן ווערן פאַר זיי די עלעמענטן פון נאַציאָנאַלער פאַרשיידנקייט. און דידאָזיקע פאַרשיידנקייטס-עלעמענטן מוזן נישט דווקא ווערן דיקטירט פון די פאַרשיידענע מדרגות פון אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן, פּראָדוקטיוו-מיטלען אָדער פון וועלכע עס איז אַנדערע מאַרקסיסטישע קאַטעגאָריעס. שוין דאָס אַליין, וואָס זיי וועלן אויסאַרבעטן זייער שפּראַך אומאָפּהענגיק פון אַנאַנדער מוז באַשאַפן, — אַפילו ווען אַלע אַנדערע באַדינגונגען זאָלן זיין פונקט דיזעלביקע — אַ קולטור-צווייג, לויט וועלכן זיי וועלן זיך אונטערשיידן איינע פון דער צווייטער.

אמת, אין זיין בראָשור: „נאַציאָנאַליטעט און אינטערנאַציאָנאַליטעט”, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער קריטיק פון באַוערס בוך, זאָגט קאַוטסקי אַרויס די מיינונג, אַז „אויך בנוגע דער שפּראַך מוזן גלייכע אומשטענדן באַשאַפן גלייכעס און אַז דעריבער מוזן די לשונות פון פאַרשיידענע גרופּעס (האָרדן), וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אומאָפּהענגיק איינע פון די אַנדערע, אָבער אין דערזעל-

ביקער געגנט אונטער דיזעלביקע אומשטענדן, אַרויסווייזן אַ געווי־
סע ענלעכקייט און קרובהשאַפט״ *). אָבער ערשטנס, איז אַ געווי־
סע פילאָלאָגישע ענלעכקייט און קרובהשאַפט נאָכנישט קיין גלייכ־
קייט, נאָר זעצט פאָראויס אויך אַ געוויסע פאַרשיידנקייט, צווייטנס,
שיינט אונז, אַז אַפילו נאָר אַ געוויסע ענלעכקייט און קרובה־
שאַפט איז אויך זייער אומוואַרשיינלעך אויף אַזאַ פעלד, ווו עס
זענען דאָ אַזוי פיל מעגלעכקייטן פאַר אידייען־און קלאַנגען־
אַסאָציאַציעס, אַז דאָס פעלד פאַר דעם שפּיל פון אינדיווידועלע
אָפּווייכונגען ווערט כמעט אומענדלעך ברייט. אין דעם פּרט
האַלטן מיר פאַר ריכטיקער רענאַנס סברה, אַז אַפילו ברידער,
אָפּגעזונדערט נאָר איין מייל ווייט איינע פון די אַנדערע, וואָלטן
באַשאַפן צוויי גאַנץ פאַרשיידענע לשונות.

ווען מען טוט נאָך דערצו אַ טראַכט, אַז ביי אונזערע הי־
פּאָטעטישע צוויי גרופּעס מוזן די טראַדיציעס אומפאַרמיידלעך
זיין פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע פערזאָנען, אַז אַפילו אונטער
דער הערשונג פון מאַרקסיסטישע געזעצן וועלן די באַגאַבטערע
פערזענלעכקייטן אַרויפלייגן זייערע פאַרשיידענע אינדיווידועלע
שטעמפּלען אויף דער פּסיכיק און אויף דעם שאַפן פון זייער
פאָלק, ווערט אונז קלאָר ווי ווייט „די אַנטשטייאונג פון דער
באַציע, און פון איר באַזונדערער אייגנאַרטיקייט״ איז אומאָפּהענ־
גיק פון דער געשיכטע פון דער פּראָדוקציע און פון דעם אויס־
טויש ביי די אורעלטערן, ווי ווייט די „גרויסע אויפגאַבע״, וואָס
באַוער האָט זיך געשטעלט, שטייגט אַריבער די לאָגישע גרענעצן
פון „קאַרל מאַרקס׳ היסטאָרישן מעטאָד״.

מיר ווילן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דער חקירה ודרישה
פון אַלע פאַלשע זייטן אין באַוערס טעאָרעטישער קאָנצעפּציע.
דער לייענער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט אונזער גרונט־בליק אין
דעמדאָזיקן ענין, קאָן עס געפינען אין דער ליטעראַטור, אויף
וועלכער מיר האָבן אָנגעצייגט אין אָנהויב פון אונזער איינליי־

*) ערגענצונגס־העפטע צור נויען צייט נומ. 1, ז. 10.

טונג *). דאָרטן וועט ער אויך געפינען אַ דעפיניציע פון נאַציאָ-
נאַליטעט, וואָס קאָן אין פלוג אויסזען, כמעט אינגאַנצן ענלעך
צו באַוערס פאָרמולירונג און אין איינקלאַנג מיט דער גאַנצער
טענדענץ פון זיין אַרבעט.

„אַ נאַציע", זאָגן מיר דאָרטן („סאָציאַליזם און די נאַציאָ-
נאַלע פראַגע"), איז אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט אין פאַרלויף
פון אַ פולע דורות פאַרענטפערט אַלע קולטורעלע פּראָבלעמען
פאַר זיך. און אַזוי ווי אַ טייל פון דיזאָזיקע פּראָבלעמען פאַר-
ענטפערט זי אַנדערש איידער די אַנדערע גרופּעס, מיט וועלכע
זי קומט אין באַרירונג (אָדער ווערט פאַרגליכן), אַרבעטן זיך ביי
איר אויס באַזונדערע נאַציאָנאַלע שאַפונגס-פאָרמען". עס איז אמת,
אַז ווען מיר פאַרבינדן באַוערס „נאַציאָנאַלן כאַראַקטער" מיט
זיין „נאַציאָנאַלער אַפּערצעפּציע" באַקומען מיר עפּעס אַזוינס,
וואָס איז גאָר נאָנט צו אונזער קאָנצעפּציע פון „נאַציאָנאַלע שאַ-
פונגס-פאָרמען". צווישן די צוויי באַגריפן בלייבט דאָך אַ באַ-
דייטנדיקער חילוק. דאָ איז אָבער נישט דער פּלאַץ אַרויסצוברענ-
גען קלאָר דעם אונטערשייד. מיר מוזן אַנאַליזירן אָדער לכל
הפחות אָנווייזן אויף נאָך איין טעאָרעטישן טעות אין באַוערס
בוך, ווייל פון דעם טעות וואַקסן אַרויס אַ סך שעדלעכע אויס-
פירונגען בנוגע פּראַקטישע נאַציאָנאַלע ענינים.

באַוער איז אַ פּאַן-נאַציאָנאַליסט. אונטער דעמדאָזיקן נאָמען
פאַרשטיי איך אַלע יענע טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער פון דער נאַ-
ציאָנאַלער פּראָבלעם, וואָס מאַכן אַ חילוק צווישן איינצלנע פעל-
קער און נאַציעס און וואָס דענקען, אַז די איינצלנע פעלקער
זענען פאַרמשפּט צו פאַרשווינדן, ווייל די נאַציעס מוזן זיי אומ-
באַדינגט איינשלינגען. דער אויבערפלעכלעכער לייענער וועט אפשר
גאָרנישט באַמערקן אָט-אָ דעם שטריך פון באַוערס נאַציאָנאַליזם,
וואָרום באַוער שטעלט זיך טעאָרעטיש נישט אָפּ אויף דער פראַגע.
אָבער דער גאַנצער בוי פון זיין טעאָריע איז דורכגעדרונגען מיט

*) איך מיין דאָ ספּעציעל מיין אַרבעט „דער סאָציאַליזם און די נאַ-
ציאָנאַלע פראַגע", וואָס איז אָפּגעדרוקט אויבן.

דעם גייסט פון פאַן-נאַציאָנאַליזם און עס איז דעריבער וויכטיק אָנצוּווייזן דערויף. מיר ווילן נישט איינמאַטערן דעם לייענער מיט די אַלע איינצלנע שטעלן, וואָס זענען צעוואָרפן איבער באַוּערס גאַנצן בוך. מיר וועלן נעמען נאָר עטלעכע פון זיי. אויף ז. 170 פאָדערט באַוּער דאָס פאַרשווינדן פון אַלע איינצלנע דייטשישע נאַציאָנאַליטעטן צוליב דער איינהייט פון דער נאַציע. אויף ז. 144 איז ביי אים רעכט צוצורעכענען צו דער דייטשישער נאַציע אויך דעם שווייצאַרישן שול-לערער, הגם עס איז ידוע, אַז דער שווייצער פּראָטעסטירט גאַנץ העפטיק און ווערט אַמאָל אַפילו נערוועאיש אויפגערודערט ווען מען דערציילט אים, אַז שווייצאַריע איז גייסטיק אייגנטלעך אַ דייטשישע פּראָווינץ. אויף דעמזעלבן אופן באַשליסט באַוּער אויף זיין אייגענער אַחריות אויך וועגן דעם גורל פון די עלזאַסער. אויף ז. 532 זאָגט ער אַרויס מיט זיכערקייט די נבואה, אַז דער סאָציאַליזם וועט פאַרטיליקן דעם „פּאַרטיקולאַריזם” אין דער דייטשישער נאַציע. די „האָכדייטשישע” אַפּעטיטן פון אונזער מחבר וואָלטן באמת געקאָנט דערפרייען אַפילו די האַרץ פון פּאַסטאָר נאַומאַן. בנוגע רוסלאַנד וואָלט אָט-אָ דער פּאַן-נאַציאָנאַליזם געמיינט, אַז די גרויס-רוסישע נאַציע מוז איינשלינגען לכל הפחות די ווייס-רוסן און די קליין-רוסן. דער קאַמף אַנטקעגן דעם פּאַן-נאַציאָנאַליזם אין דער פּראַקטיק איז די זאַך פון די איינצלנע פעלקער, און הענגט אָפּ פון זייער גוטן ווילן. מיר אָבער זענען מחויב צו קעמפן אַנטקעגן אים טעאָרעטיש און אויפדעקן זיין טעאָרעטישן גרונט-פעלער.

די טעאָרעטישע קונץ-שטיק, אויף וועלכער דער פּאַן-נאַציאָנאַליזם איז געבויט, איז אַ גאַנץ פּשוטער. ער באַשטייט איינפאַך אין דעם, וואָס מען רופט לכתחלה אָן מיט דעם נאָמען „נאַציע” נישט אַ וועלכע עס איז איין-איינציקע נאַציאָנאַליטעט, נאָר אַ פ א ר ב א נ ד פ ו ן פ א ר ש י י ד ע נ ע נ א צ י א נ א ל י ט ע ט ן, וואָס געהערן צו איין משפחה. כמעט איטלעכע גרויסע נאַציע איז איצטער אַזאַ פעלקער-פאַרבאַנד — אַ פרייוויליקער אָדער אַ געצוווּנגענער — וואָס טרעט פּאָליטיש אַרויס ווי אַן איינהייטלע-

בע איין-איינציקע נאַציע. דאָס רוב זענען עס געצוווּנגענע פעלקער-פאַרבאַנדן. איין-איינציק פאָלק האָט אַרײַנגעכאַפּט אין זײַנע הענט די קולטורעלע און פּאָליטישע באַלעבאַטישקייט און פירט די גרענדע איבער דער גאַנצער משפּחה. אין אָט-אָ דעם פעלקער-פאַרבאַנד ווערן שטודירט די נאַציאָנאַלע דערשיינונגען און ממילא פיגורירן דערבײַ די איינצלנע נאַציאָנאַליטעטן אָדער ווי פשוטע טיילן פון דער נאַציע, אָדער ווי געשיכטלעך „נישט דערטראָגענע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזמען", וואָס זענען פאַרמשפּט צו פאַרשווינדן. די נאַציע איז אַ קאָנגלאָמעראַט פון נאַציאָנאַליטעטן. די איינצלנע נאַציאָנאַליטעט איז נישט קיין זעלבשטענדיק-גאַנצעס, נאָר בלויז אַ טייל פון אַ גאַנצן, אַן אבר אין אַ אָרגאַניזם, וואָס איז נישט מסוגל צו לעבן דרויסן פון דעם אָרגאַניזם.

אָבער אַזאַ שטעלונג צו די איינצל-פעלקער איז טעאָרעטיש נישט ריכטיק. טעאָרעטיש קאָן מען נישט אויסגעפינען קיין איין נפקא מיניה צווישן „פאָלק" און „נאַציע". קיין שאָטן פון אַ פאַרשיידנקייט, וואָס זאָל פאַנאַנדערשפּאַלטן אָט די צוויי באַגריפן. אַלע סימנים, וועלכע די וויסנשאַפט קאָן אויפווייזן פאַר דער „נאַציע", געפינען זיך אויך בײַ יעדן איינצלנעם פאָלק. אַלע באַגריף-באַשטימונגען, וואָס מען האָט ביז אַהער פאָרגעשלאָגן כדי צו דערקלערן דאָס וועזן פון אַ „נאַציע", לאָזן זיך זייער לײַכט אָנווענדן אויף דאָס וועזן פון אַ „פאָלק". ווען די בייערן זאָלן נישט וועלן אינגאַנצן איינגעשלונגען ווערן פון דער „איינהייטלעכער נאַציע", קאָנען זיי אין זייער קאַמף אַנטקעגן דעם זיך גאַנץ גוט באַרופן אויף באַוערס פאָרמולע, ווײַל ער וועט דאָך געוויס נישט אָפּלייקענען נישט די איינהייטלעכקייט פון דעם בייערישן היסטאָרישן גורל, נישט די איינהייטלעכקייט פון בייערישן כאַראַקטער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף דעם גרונט פון אָט דעם גורל, נישט אַפילו די באַשטימטע ריכטונג פון דעם בייערישן ווילן, ווייניקסטנס בנוגע דער פּערספּעקטיווע צו ווערן איינגעשלונגען פון דער „איינהייטלעכער נאַציע".

זייט אייך משער, אַז אַלע דײַטשישע פעלקער זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן, אַ חוץ די בייערן; אַז פון אַלע פּראָווינצן זע-

נען געבליבן נאָר די פּראָווינציאַלער; פֿון אַלע פּוילישע פֿאָלקס־גרופּן — נאָר די מאַזורן; פֿון אַלע רוסישע — נאָר די ווײַס־רוסן, יוואָלטן דען דעמאָלט אָט די פֿיר פֿעלקערשאַפֿטן זיך נישט פֿאַרהאַלטן אײנע צו די אַנדערע אַקוראַט אַזוי ווי פֿיר דורכאויס פֿאַרשײדענע נאַציעס? וואָלט מען אויף זײ ווײַטער געקאָנט שטודירן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם, אײדער אויף די איצטיקע נאַציעס?

עס איז דעריבער קלאָר, אַז אויף די אײנצל־פֿעלקער טאָר מען נישט קוקן ווי אויף טײלן פֿון אַן אַנדער נאַציע, ווי אויף אברים פֿון אַ גוף, אָדער ווי אויף „נישט דערטראָגענע" פֿאָלקס־אָרגאַניזמען, וואָס האָבן נישט קײן אײגענע לעבנס־קראַפֿט אין זיך. די אײנצל־פֿעלקער זענען פֿאַרטיקע, אויסגעטראָגענע אָרגאַניזמען. נאָר אײניקע פֿון זײ זענען פֿאַרשמאַכט געוואָרן, ווײַל זײ פֿעלט ליכט און לופֿט צו אַ פֿרײַער אַנטוויקלונג. אַנדערע ווידער זענען געשמידט אין קײטן און קאָנען זיך נאַציאָנאַל נישט אַריר טאָן, ווײַל דאָס הערשנדיקע אײנצל־פֿאָלק האַלט זײ אין תּפֿיסה און לאָזט זײ נישט אַרויס אויף דער ליכטיקער זון.

די אײנצל־פֿעלקער זענען טעאָרעטיש דיזעלביקע זאַך וואָס נאַציעס. און מיט זײ דאַרף זיך קודם כּל באַשעפֿטיקן די טעאָרעטישע וויסנשאַפֿט וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. וואָס שטודירט אָבער באַוער אונטער דעם נאָמען „נאַציע"? ער שטודירט אײגנטלעך נישט נאַציעס, נאָר געוויסע *אינטערנאַציאָנאַלע דערשײַנונגען*, וואָס קומען פֿאָר אין דעם לעבן פֿון אַ פֿעלקער־פֿאַרבאַנד. ער האָט צו טאָן מיט דערשײַנונגען פֿון נאַציאָנאַלער פֿאַרגעוואַלטיקונג, ווען ער שטודירט אַ פֿעלקער־פֿאַרבאַנד, וואָס איז אויפֿגעבויט געוואָרן דורך דער דעספּאָטישער מאַכט פֿון דעם הערשנדיקן פֿאָלק; אָדער ער האָט צו טאָן מיט דערשײַנונגען פֿון אַ פֿרײַוויליקער צונויפֿשמעלצונג פֿון נאַציאָנאַליטעטן, ווען ער שטודירט אַ „נאַציאָנאַלע פֿאַראײניקונג", וואָס קומט פֿאָר, ווען עטלעכע נאַציאָנאַלע גרופּן קומען צו דעם באַוווסטזײַן, אַז זײ אונטערשײדן זיך אײנע פֿון די אַנדערע אין אַ קלענערער מאָס, אײדער יעדערע פֿון זײ אונטערשײדט זיך פֿון

פרעמדערע נאַציאָנאַליטעטן, און באַשליסן דעריבער פרייוויליק צו פאַרענטפערן פאַר זיך אַלע פּראָבלעמען פון דער מענטשלעכער קולטור געמיינשאַפטלעך. *)

אויף וויפל אין דער געשיכטע זענען זעלטן די דערשיינונגען פון פרייוויליקע פעלקער־פאַרבאַנדן, אויף אַזוי פיל זענען אין איר אָפט די דערשיינונגען פון נאַציאָנאַלער פאַרגעוואַלטיקונג. און עס קאָן נישט זיין די אויפגאַבע פון דער וויסנשאַפט אויסצואַרבעטן אַ טעאָרעטישע שטיצע פאַר נאַציאָנאַלער איבערהערשאַפט און דעספּאָטיע. דאָס טוט אָבער די וויסנשאַפט יעדעס מאָל, ווען זי שטעלט זיך לכתחלה אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּאַן־נאַציאָנאַליזם.

דער אויסגאַנגס־פּונקט פאַר אַ טעאָרעטיש־וויסנשאַפטלעכער אונטערזוכונג פון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם — די אונטערזוכונג האַלט נאָך גאָר אין אָנהויב, — מוזן זיין די איינצל־פעלקער, אַלע יענע געשיכטלעך־דערטראָגענע פאָלקס־אָרגאַניזמען, וואָס שיידן זיך אַליין אַרויס פון די איבעריקע פעלקער, וואָס ווייסן, אַז זיי עקזיסטירן אויף דער וועלט, ווי אַ באַזונדער פאָלק, און האָבן אַן אייגענעם נאָמען. אמת, דאָס נאַציאָנאַלע, אָדער ריכטיקער, פאָלקלעכע זעלבסטבאַוווסטזיין, ווי אויך דער נאָמען פון אַ פאָלק, איז נאָך נישט דער תוך און דאָס וועזן פון דער נאַציע, פּונקט אַזוי ווי דאָס אייגענע באַוווסטזיין און דער אייגענער נאָמען איז נאָך נישט דער תוך און דאָס וועזן פון אַן איינצל־מענטשן. אָבער: באַוווסטזיין און נאָמען — דאָס זענען די אויסערלעכע עמפּירישע סימנים פון יענעם ענין. וועלכן מיר מוזן שטודירן, כדי אַרויסצוגעפינען זיין אינעווייניקסטן תוך. די טעאָרעטישע אויפגאַבע פון דער נאַציאָנאַליטעטן־לערע מוז אָנהויבן מיט דעם שטודיום פון די איינצל־פעלקער — אין זייערע פאַרשיידנקייטן — און באַטראַכטן זיי ווי זעלבשטענדיקע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזמען.

אויך בנוגע צו דעם פּראַקטיש־פּאָליטישן לעבן, וואָס מוז

*) „סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם“ ז. אויבן.

אויפגעבויט ווערן אויף דעם יסוד פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, מוז יעדע פאָלקס-גרופּע אָנגעזען ווערן ווי אַ זעלבשטענדיקעס גאַנצעס, וואָס מעג פאָדערן אַלע יענע רעכט, וועלכע מען גיט יעדער גאַנצע נאַציע. מען מוז איבערלאָזן דער פאָלקס-גרופּע אַליין, זי זאָל באַשטימען, אויב זי וויל אויסנוצן דידאָזיקע נאַציאָנאַלע רעכט און אין וואָס פאַר אַ גראַד פון זעלבשטענדיקייט זי וויל לעבן אינאיינעם מיט די איבעריקע פעלקער. וויל זי לעבן אינגאַנצן פאַר זיך, זעלבשטענדיק פירן איר נאַציאָנאַלע באַלעבאַטישקייט, טאָר זי קיינער נישט צווינגען אויפצוגעבן איר אייגענע עקזיסטענץ. זי האָט אַ רעכט זיך צו פאַרבינדן מיט אַנדערע פאָלקס-גרופּן, אויף וויפל דאָס פּאַסט זייערע געמיינזאַמע אינטערעסן, אויף וויפל דאָס העלפט זיי אין זייער געזעלשאַפטלעכער און נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, אָבער דאָס דאַרף געטאָן ווערן נאָר אין די גרענעצן פון דעם אייגענעם פרייען ווילן.

געוויס, די פּראַקטישע פאַרענטפערונג פון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם פון דעם נאָרוואָס-אָנגעמערקטן קאָן נישט געשען פון היינט אויף מאָרגן. אָבער מיר מיט באַווערן שטודירן דאָך די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם מיט דעם אויסבליק אויף דעם סאָציאַליזם!...*)

IV

מיר גייען איצטער איבער — דעם אמת געזאָגט זייער נישט גערן — צו דעם אַנאַליז פון דעם שוואַכסטן טייל פון

*) עס איז נישט איבעריק דאָ צו באַמערקן, אַז די ערשטע גרויסע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, — די באָלשעוויסטישע אין רוסלאַנד, — האָט טאַקע תיכף פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פון יעדער פאָלקשאַפט אויף אַ זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ „ביז צום אָפּטיילן זיך"... ליידער איז די דערקלערונג געבליבן נאָר אויפן פּאַפּיר... [1930]

באַוּוּערס אַרבעט — צו דעם קאַפּיטל וועגן דער אויטאָנאָמיע פאַר יידן.

דער גאַנצער קאַפּיטל איז אַ לויב־געזאַנג צו צוויי אַלטע אָבער נאָך שטאַרק־איינגעוואָרצלטע פּרינציפּן, וועלכע שפּילן די הויפּט־ראָלע אין אַלע קאָנסערוואַטיווע ענטפערס אויף דער יידן־פראַגע. דאָס איז דער פּרינציפּ: „אַלע אַ חוץ יידן" און דער פּרינציפּ: „דער ייד ווערט פאַרברענט". דערדאָזיקער קאַפּיטל איז אָנגעפּיקעוועט מיט זיגזאַגישע באַווייזן און אַרגומענטן, וואָס שלינגען איין זיך אַליין און איינע די אַנדערע, וואָס זענען אין אמתן אַ פּאַטש אין פּנים אַלע גרונט־מסקנות בנוגע דער טעאָריע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס דער מחבר אַליין וויקלט פאַנאַנדער אין זיין בוך. זיינע אַלע כמוי־אַרגומענטן וועגן דעם ענין האָבן נאָר איין קלאָרן קאָנקרעטן באַטייט: „מיר קאָנען אייך יידן נישט דערליידן און מיר וועלן אייך דעריבער קיין נאַציאָנאַלע רעכט נישט געבן"! דאָס איז אַ פּאָליטישער אַנטיסעמיטיזם פון ריינסטן בלוט און ער ווערט אויף אַ האָר נישט מילדער דורך דעם פאַקט, וואָס ער האָט צו טאָן מיט נאַציאָנאַל־פּאָליטישע, און נישט פּשוט מיט פּאָליטישע און בירגערלעכע ענינים. ווי יעדער פּאָליטישער אַנטיסעמיטיזם געפינט ער אַזאַ אָדער אַן אַנדער אויסרייד אָפּצוזאָגן יידן אין יענע עלעמענטאַרע רעכט, וואָס זענען אָנערקענט געוואָרן פאַר אַלע אַנדערע פעלקער, פאַר אַלע אָן אַן אויסנאַם.

ווען די פראַגע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן וואָלט נישט געווען אַזאַ ברענענדיקע, ווען דער פאַקט, וואָס באַוּוער איז אַ סאָציאַליסט, וואָלט נישט צוגעגעבן זיין נאַציאָנאַל־פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם אַ גאַנץ באַזונדערן באַטייט און אַ ספּעציעלע וואָג אין דער עפנטלעכער מיינונג, וואָלטן מיר עס גערעכנט פאַר אַן אומכבוד זיך אַרונטערצולאָזן צו דעם אַנאַליז פון אָט־אָ דעם פאַר באַוּוערן אומווירדיקן קאַפּיטל.

באַוּוער טרעט צו צו דעם ענין מיט אַ דערקלערונג וועגן דעם גרונט, וואָס האָט אים געצוואונגען אָפּצוגעבן דער פראַגע אַ באַזונדערן קאַפּיטל. אין 1905 זענען די יידישע סאָציאַל־דעמאָ-

קראַטן אין גאַליציע אַרויסגעטראָטן פון דער פוילישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי און האָבן פאַרלאַנגט, מען זאָל זיי, ווי אַן אויטאָנאָמע יידישע גרופע, אַריינגעמען אין דעם עסטרייכישן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אויף דיזעלביקע יסודות, ווי אַלע אַנדערע פעלקער פון עסטרייך. די פאַרטיי האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט. באַוער האָט מורא, אַז זיין טעאָריע פון נאַציאָנאַליטעט און פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע זאָל זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ כּלי-זין אַנטקעגן דער פאַרטיי אין די הענט פון די יידישע „סעפּאַראַטיסטן״, ער איילט זיך דעריבער צו דערווייזן דעם עסטרייכישן פּראָלעטאַריאַט, אַז די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן קאָן נישט אַריין אין דער פּראָגראַם פון דער עסטרייכישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

אויף אָט דעם עפּיזאָד מיט די יידישע „סעפּאַראַטיסטן״ איז זיך כּדאי צו פאַרטראַכטן. ער באַווייזט אונז — ווייט נישט צום ערשטן מאָל — אַז ווען אַ וועלכע נישט איז אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעט (אין אונזער פאַל די פּאָלאַקן) טרעט אַרויס מיט שטאַרקע פּראָטעסטן אַנטקעגן דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און שרייט געוואַלטן, אַז מען וויל זי איינשלינגען, שאָדט קיינמאָל נישט אַ פרעג צו טאָן דידאָזיקע נאַציאָנאַליטעט: „נו, און איר אַליין, — וועמען קלייבט איר זיך איינצושלינגען?״

מיר וואָלטן נאָך געקאָנט פאַרשטיין באַוערן, ווען ער וואָלט פון זיין „האָכדייטשישן״ פאַן-נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט אָפּגעזאָגט אין נאַציאָנאַלע רעכט די דייטשישע יידן און די דייטשישע פּראָווינצן. די יידישע שפּראַך איז אַזוי נאָענט צו דער דייטשישער, די יידישע אינטעליגענץ אין דייטשלאַנד איז אַזוי דורכגעזאַפּט מיט די יסודות פון דער דייטשישער קולטור, אַז ער וואָלט געקאָנט פאָדערן זיי זאָלן זיך צונויפגיסן מיט דעם דייטשישן פאָלק, אויף דעמזעלביקן גרונט, אויף וועלכן ער לייקנט אָפּ דאָס רעכט פון די עלזאַסער און די שווייצער אויף אַ זעלבשטענדיקער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. אָבער יידן און — פּאָלאַקן! עס קאָן דאָך קיין ספק נישט זיין, אַז דער נאַציאָנאַלער מהלך צווישן יידן און פּאָלאַקן איז אַ סך גרעסער ווי דער מהלך

צווישן די פּאָלאַקן און די גרויס-רוסן. די פּאָלאַקן און די גרויס-רוסן זענען דאָך לכל הפחות ביידע פון דעמזעלביקן סלאַווישן אָפּשטאַם, זייערע שפּראַכן זענען ביידע סלאַווישע, זייערע רעליגיעס—ביידע קריסטלעכע. וואָס איז אָבער דאָ בשותפותדיקעס ביי די יידן מיט די פּאָלאַקן? נישט דער אָפּשטאַם, נישט די שפּראַך, נישט די רעליגיע, נישט די זיטן און מנהגים, נישט די קולטור. אַ גאַנץ אַנדער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער, אַ גאַנץ אַנדערע נאַציאָנאַלע אָפּ-פּערצעפּציע, אַ גאַנץ פאַרשיידענע פאָלקס-פּסיכיק, די יידן זענען פאַרשיידן פון די פּאָלאַקן אין אַלע סימנים, לויט וועלכע אַ פאָלק ווערט אויסגעטיילט פון אַנדערע פעלקער. דאָס איינציקע, וואָס פאַרבינדט זיי איז בלויז דער פאַקט, וואָס די יידן וווינען, ווי אַ נאַציאָנאַלע מינאָריטעט, אינאיינעם מיט די פּאָלאַקן אויף דער פּוילישער טעריטאָריע. אָבער דאָס איז דאָך גראָד דער פאַקט, וועלכער באַשאַפט די נויטווענדיקייט פון אַ שוץ פאַר די נאַ-ציאָנאַלע מעוטים, וואָס רופט אַרויס די נויטוועדיקייט צו באַ-שאַפן נאַציאָנאַל-אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס. און באַוער, דער ריטערלעכער קעמפער פאַר אַזעלכע אינסטיטוציעס, זאָגט זיך אָמאָל אָפּ פון זיי גראָד דאָרטן, ווו אַלע אַרגומענטן פון זיין טעאָריע שרייען אַמשטאַרקסטן וועגן זייער דרינגנדיקער נויט-ווענדיקייט! „אַלע — אַ חוץ יידן!” „דער יודע ווירד פער-בראַנט!”

באַוער איז אַ פּאַן-נאַציאָנאַליסט. אין אַן אַנדער אָרט האָבן מיר דעם פּאַן-נאַציאָנאַליזם כאַראַקטעריזירט, ווי אַ קאָמפּראָמיס-טעאָריע, און „ווי יעדע אַנדערע קאָמפּראָמיס-טעאָריע שפּילט זי די ראָלע פון אַ פלעדערמויז אין דער מלחמה צווישן פויגל און מייז”. עס איז אינטערעסאַנט זיך צוצוקוקן ווי באַוערס פּאַן-נאַ-ציאָנאַליסטישער געדאַנק וואַקלט זיך אין דער יידן-פראַגע פון איין אַרגומענט צו אַ צווייטן: אָט וויקלט ער פאַנאַנדער די פליגלען פון אַ געזונטן נאַציאָנאַליזם, און אָט פאַרנעמט ער זיך מיטאַמאָל מיט אַ מייזישער ברעקל-קלייבעריי און כאַפּט אויף די ברעקלעך פון דעם אַסימילאַטאָרישן קאָסמאָפּאָליטיזם.

די „סעפּאַראַטיסטן”, דערציילט אונז באַוער, „האָבן זייערע

פֿאָדערונגען באַגרינדעט זייער פשוט: די ייִדן זענען אַ נאַציע, די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פֿאָדערט אויטאָנאָמיע פֿאַר אַלע נאַציעס פֿון דער מלוכה און אָנערקענט די אויטאָנאָמיע פֿאַר די אַרבעטער פֿון אַלע פֿעלקער אין דער פּאַרטיי גופא; דערפֿון איז געדרונגען, אַז די ייִדן האָבן אַ רעכט צו דערזעלביקער פּריווילעגיע" (ז. 381). די פּוילישע חברים, נאָך עקסטרעמערע פֿאַן-נאַציאָנאַליסטן איידער באַוער, לייקענען אינגאַנצן אָפּ דעם גרונט-טעזיס פֿון די „סעפּאַראַטיסטן". זיי טענהן: די ייִדן זענען נישט קיין נאַציע; דער וועזנטלעכער סימן פֿון אַ נאַציע, מיינען זיי, איז אַן אייגענע טעריטאָריע, און ייִדן האָבן נישט קיין טעריטאָריע. באַוער אָבער, וואָס וויל נישט אַוועקשענקען די דייטשן, וואָס וווינען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, צו די אַמעריקאַנער, איז אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פֿון „דעם טעריטאָריאַלן סימן", דעריבער איז ער געצוווּנגען אין דעם פּרט צו שטעלן זיך אויף דער זייט פֿון די ייִדן. אָבער נישט אומזיסט איז זיין פֿאַן-נאַציאָנאַליזם אַ פֿלעדערמויז. ער לייגט גלייך צוריק צונויף די פֿליגלען און געפֿינט, אַז אין דער אָפּלייקענונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט איז דאָ „אַ געזונטער קערנדל" (איין עכטער קערן).

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז באַוער טרעט-צו צו דער באַטראַכטונג פֿון דער פֿראַגע מיט דעם היסטאָרישן מעטאָד פֿון קאַרל מאַרקסן. ער הויבט אָן זיין אַרגומענטאַציע מיט דעם סקאַרבאָוון נוסח, אָן וועלכן דאָס רוב מאַרקסיסטן קאָנען זיך נישט באַגיין: צוערשט האָט געהערשט די פֿעאָדאַלע אָרדענונג... „אין דער מיטלאַלטערלעכער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט זענען די ייִדן געווען אַ פֿרעמדער סאָציאַלער עלעמענט". מיט אָט-אָ די ווערטער הויבט אָן באַוער זיינע פּשטלדיקע חקירות. די ייִדן זענען געווען אַ טייל פֿון דער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט. זיי זענען געווען די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער געלט-ווירטשאַפֿט, בעת דאָס פּויערטום איז געווען דער טרעגער פֿון דער נאַטוראַל-ווירטשאַפֿט. ווי אַ טייל פֿון דער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט, האָבן די ייִדן אייגנטלעך געדאַרפֿט מיט זיך פֿאָרשטעלן אַ טייל פֿון יענער נאַציאָנאַליטעט.

צו וועלכער דידאַקטיקע געזעלשאַפט האָט געהערט, פון אַ באַזונדע־רער יידישער נאַציאָנאַליטעט האָט אין יענער צייט איינגנטלעך גאָרנישט געקאָנט זיין קיין רייד. אָבער צום גליק אָדער צום אומגליק האָבן די יידן אין דעראמתן געלעבט נישט אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט גופא, נאָר „אין די „פאָרן" פון דער געזעלשאַפט", ווי מאַרקס דריקט זיך אויס. אָט־אָ דאָס איז גע־ווען די סיבה, וואָס „די יידן זענען אין יענער עפּאָכע בלי ספק געווען אַ נאַציע". דאָ רעכנט באַוער אויס אַלע סימנים, וועלכע האָבן דעמאָלט כאַראַקטעריזירט די יידישע נאַציאָנאַליטעט און וועלכע, — מוזן מיר צוגעבן פון זיך, — זענען פאַרבליבן גאַנץ ביז צו היינטיקן טאָג: אַ באַזונדער פיזישער טיפּ, באַזונדערע טראַדיציעס, אַ באַ־זונדערע שפּראַך, אַ באַזונדערע אידעאָלאָגיע, באַזונדערע זיטן א. אַז. וו. „אָט אויף דעם אופן האָבן די יידן אויפגעהאַלטן זייער אייגענע נאַציאָנאַליטעט, לעבנדיק צווישן אַנדערע נאַציעס" (ז. 383).

נו, און וואָס וואָלט געווען ווען די יידן וואָלטן זיך אין מיטלאַלטער נישט באַשעפטיקט מיט דער געלט־ווירטשאַפט? וואָס וואָלט געווען, אַז זיי וואָלטן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט און מיט אַנדערע מלאכות? וואָלטן אין דעם פאַל די יידן נישט גע־בליבן אַ באַזונדערע נאַציע? וואָלטן דען דעמאָלט אויפגעהערט צו ווירקן די־זעלביקע סיבות, וואָס האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ באַזונ־דערע נאַציע נאָך איידער זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן פון ארץ ישראל? וואָלטן דעמאָלט די אַלע נאַציאָנאַלע פאַקטאָרן: דער בשותּפותדיקער אָפּשטאַם, דער בשותּפותדיקער היסטאָרישער גורל, דער בשותּפותדיקער כאַראַקטער, די בשותּפותדיקע ספּעציפישע רעליגיעזע קולטור — וואָלטן זיי דעמאָלט ביי דעם יידישן פאָלק נישט געווירקט אין דערזעלביקער ריכטונג און אויף דעמזעלביקן אופן, ווי זיי ווירקן ביי יעדער אַנדערער נאַציאָנאַליטעט, דאָס הייסט אין דער ריכטונג פון אַ שטרעבן אויפצוהאַלטן די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ? וואָלט דען אין דערזעלביקער ריכטונג אויפצוהאַלטן די יידישע נאַציאָנאַליטעט נישט געווירקט די נאַציאָנאַלע אידעאָ־לאָגיע, וועמעס ראָלע באַוער פאַרשטייט אַזוי גוט אָפּצושאַצן ביי

אַנדערע פעלקער? עס איז קלאָר, אַז אויף די אַלע פראַגן
מוז געענטפערט ווערן: יאָ, יעדער איינער, וואָס האָט נאָר אַביסל
שטודירט די יידישע געשיכטע ווייס, אַז די גאַנצע אידעאָלאָ-
גיע פון דעם יידישן פאָלק איז אין אַלע צייטן, און ספּעציעל
אין מיטלאַלטער, געווען דורכגעזאַפּט מיט אַ ברענענדיקן ווילן
אָפּצוהיטן זיין נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. די מאָדערנע פאָרשער אויף
דעם פעלד פון דער יידישער געשיכטע קאָנען נישט מאַכן קיין
איין טראָט נישט נעמענדיק אין באַטראַכט אָט-אָ די פונדאַמענ-
טאַלע כאַראַקטעריסטיק פון דעם יידישן לעבן. נאָר אין דער
באַלייכטונג פון אָט-אָ דעם ברענענדיקן אינטערעס צום קיום
הלאום ווערן אונז פאַרשטענדלעך אי די גאַנצע אינעווייניקסטע
אָרגאַניזאַציע פון דעם יידנטום, אי זיין הייסע בענקעניש נאָך
משיחן און נאָך ארץ ישראל, אי זיינע שאַפונגען אויף דעם פעלד
פון דער פילאָזאָפיע, אי די אַנטוויקלונג פון זיינע רעליגיעזע
מנהגים, אי די באַשאַפונג פון דער יידישער יוריספּרודענץ. באַוער
איגנאָרירט אָבער אינגאַנצן אָט-אָ די אַלע פאַקטאָרן פון נאַציאָ-
נאַלן לעבן און פון דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ,
וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געפירט אין מיטלאַלטער. אויב
באַוער האָט געמאַכט די טעותן אַ דאַנק זיין עם-הארצות אין
יידישער געשיכטע, מוז מען אים אַ סך מוחל זיין. אונזער איי-
גענע אַסימילירטע אינטעליגענץ באַציט זיך מיט אַזאַ פאַראַכטונג
צו דער פאַרגאַנגענהייט פון איר פאָלק, ווייזט אַרויס אַזאַ פולקאָ-
מענע עם הארצות בנוגע דער יידישער געשיכטע און קאָקעטירט
נאָך מיט אָט-אָ דער עם-הארצות, היינט ווי קאָנען מיר גאָר
פאַרלאַנגען, אַז די אינטעליגענץ פון אַנדערע פעלקער זאָל זיך
באַציען מיט רעספּעקט צו אַ זאַך, וואָס מיר אַליין טרעטן מיט
די פיס? *) אינגאַנצן מוחל זיין באַוערן דידאָזיקע עם-הארצות
קאָנען מיר דאָך נישט. ער איז דאָך עפּעס אַ וויסנשאַפטלעכער
פאָרשער. ער האָט זיך דאָך גענומען אונז דערקלערן דעם היס-

*) בעת איך האָב דאָס געשריבן, האָב איך נישט געוווּסט, אַז אָטאָ
באַוער איז אַ ייד. [1930]

רישן גורל פון דעם יידישן פאָלק אָנגעהויבן פון מיטל־אַלטער.

האָט דען באָוער טאַקע געמיינט, אַז מען קאָן צוטרעטן צו אַזאַ ענין איידער מען באַקאָנט זיך ווייניקסטנס מיט די וויכטיק־סטע אַרבעטן וועגן דער יידישער געשיכטע? האָט ער טאַקע ערנסט געמיינט, אַז דערצו איז גענוג צו וויסן דעם הוילן פאַקט, אַז יידן האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער געלט־ווירטשאַפט? אויב אָבער באָוערס כאַראַקטעריסטיק פון דער געשיכטע פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט איז נישט אַ רעזולטאַט פון עם־הארצות, נאָר אַ טעאָרעטישער פאַרזוך צוריקצופירן דאָס נאַציאָנאַלע אויף דאָס עקאָנאָמישע, ווערט שוין דעמאָלט אַזאַ צוריקפירונג נישט נאָר אַ „קאַלציפיקאַציע", נאָר אַן אמתע פולשטענדיקע פאַל־סיפיקאַציע פון דערווירקלעכקייט.

ווי די זאַך זאָל נישט זיין, האָט באָוער גענומען און האָט אַרויסגעוואָרפן פון דער יידישער געשיכטע די גאַנצע געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק און נאָך אָט־אָ דער אָפּעראַציע האָט ער שוין גאַנץ פשוט אונז געקאָנט דערקלערן, פאַרוואָס און ווי אַזוי די יידן האָבן אויפגעהערט צו זיין אַ נאַציע. דער פעאָדאַליזם איז פאַנאַנדערגעפאַלן. עס איז אויסגעוואַקסן דער קאַפּיטאַליזם און האָט אָפּגעשאַפט דעם חילוק צווישן ייד און קריסט, ווייל די קריסטן האָבן זיך אויך גענומען פאַר דער געלטווירטשאַפט און „זענען געוואָרן יידן" (!). פון דעם מאָמענט אָן הויבן אָן די יידן זיך צו אַסימילירן און הערן אויף צו זיין אַ נאַציע.

דעם אויסדרוק: „די קריסטן זענען געוואָרן יידן" האָט באָוער גענומען פון קאַרל מאַרקס' אַן אַרבעט „צור יודענפראַגע". מאַרקס האָט די אַרבעט געשריבן אין זיין פריער יוגנט, אין יאָר 1843, דאָס הייסט אין דער צייט, ווען דער מאַרקסיזם איז נאָך געווען אין זיינע קינדער־יאָרן, אַלס סאָציאַליסטן, וואָס קעמפן איצטער אַנטקעגן דאָס נאַציאָנאַלע אויפלעבן פון דעם יידישן פאָלק, טראָגן אונז אונטער אָט־אָ דעם אויסדרוק אונטער פאַרשיידענע סאָוסן. עס איז דעריבער כדאי, לכל הפחות בקיצור,

קלאָר צו מאַכן דעם אָפּשטאַם און דעם מיין פון דעמדאָזיקן אויסדרוק.

צום סוף פון דעם 18־טן יאָרהונדערט, אונטער דעם איינפלוס פון די השכלה־אידייען, האָבן די געבילדעטע טיילן פון דעם מערב־אייראָפּעאישן יידנטום אויפגעגעבן די האָפענונג אויף אַן איבערנאַטירלעכער אויסלייזונג פון גלות דורך דאָס קומען פון אַ וווּנדער־משיח, עס איז פאַר זיי מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן די גאַנצע נוצלאָזיקייט פון יענע קרבנות, וואָס דאָס יידנטום האָט געבראַכט און פון יענע רעליגיעזע קייטן, וואָס עס האָט אויף זיך אַרויפגעלייגט צוליב דעם קיום הלאום. די געבילדעטע קלאַסן פון דעם מערב־אייראָפּעאישן יידנטום האָבן זיך דעריבער איינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון די נאַציאָנאַלע האָפענונגען פון דעם יידישן פאָלק און האָבן דערקלערט, אַז יודאַאיזם איז נישט מער ווי אַ רעליגיעזע תורה און דאָס יידישע פאָלק איז בלויז אַ רעליגיעזע סעקטע: זיי האָבן רעפאָרמירט דעם יידישן רעליגיעזן קולט, אַרויסגעוואָרפן אַלץ, וואָס דערמאָנט דעם יידן זיין נאַציאָנאַליטעט, מבטל געווען אַלע נישט באַקוועמע דינים און מנהגים, דאָס באַשאַפן אַ מחיצה צווישן יידן און קריסטן, און האָבן פאַר דעם יידישן פאָלק אַוועקגעשטעלט די אויפגאַבע: וואָס גיכער און וואָס גרינטלעכער צונויפגיסן זיך קולטורעל מיט יענע פעלקער, צווישן וועלכע דער ייד איז געצוווּנגען צו לעבן. דאָס איז אָבער געווען דער באַשלוס נאָר פון איין קליינעם הייפל פון איין קליינעם טייל פון דעם יידישן פאָלק. און דער באַשלוס איז געווען אין אַ גרויסער מאָס דיקטירט פון די נויטן פון דער יידישער געבילדעטער בורזשואזיע און בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע. די ברייטע פאָלקס־מאַסן פון דער יידישער נאַציע, וואָס זענען געווען קאָנצענטרירט אין מזרח־אייראָפּע, זענען צו דעם באַשלוס נישט צוגעשטאַנען. אדרבה, זיי האָבן געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן „דער בערלינער השכלה”, און האָבן געשעפּט נייע כוחות ווייטער אָנצוהאַלטן דאָס נאַציאָנאַלע לעבן אין דעם חסידיזם, אַ פילאָזאָפיש־רעליגיעזע סיסטעם, וואָס איז אין דעם 18־טן יאָרהונדערט אויסגעוואַקסן ווי אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנזאַץ צו די

נייגעבאָרענע השכּלה־אידייען. אָט־אָ די חסידישע גייסטיקע אויפלעבונג פון דעם יודאַאיזם, וואָס האָט פאַרכאַפּט כמעט דאָס גאַנצע פאָלק, איז דעם מערב־אייראָפּעאישן יידנטום געבליבן אינגאַנצן פרעמד. און ווען עס וואָלט אַפילו יאָ נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונג פון חסידיזם, וואָלט עס אויך נישט געקאָנט צושטיין צו אים, ביי זיין גאַנצער פילאָזאָפישער און מאָראַלישער טיפקייט און שיינקייט, גייט דאָך דער חסידיזם להיפך צו דעם גאַנצן געדאַנקענגאַנג פון דעם אַלגעמיינעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

דורך דעם, וואָס די געבילדעטע יידישע בורזשואַזיע האָט דערקלערט דעם יודאַאיזם פאַר אַ ריין־רעליגיעזע תּורה און האָט אוועקגעשטעלט די אַסימילאַציע ווי אַן אידעאַל פאַר דעם יידישן פאָלק, האָט זי געמוזט אויסגראָבן אַ תּהום צווישן דער אינטעליגענץ און די פאָלקס־מאַסן, ביי וועלכע דער אינסטינקט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג איז אַלעמאָל געווען לעבעדיק און איז געבליבן לעבעדיק ביז צום היינטיקן טאָג. די יידישע אינטעליגענץ האָט גענומען אַנטלויפן פון דעם יידנטום. יענער טייל פון אָט־אָ דער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם דייטשישן ראַדיקאַלן געדאַנק אין סוף פון די 30־ער און אָנהויב 40־ער יאָרן, האָט נישט נאָר נישט געוואָלט וויסן פון איר יידישן אָפּשטאַם, נאָר זי האָט זיך אוועקגעשטעלט פיינטלעך צו דעם גאַנצן יידנטום. דער פּסיכאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם איז געלעגן אין בלוט ביי דעם גאַנצן ראַדיקאַלן געדאַנק פון יענער עפּאָכע. אויב ער האָט נישט געשטאַמט דירעקט פון דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס פיכטע דער עלטערער האָט אָפן אַרויסגעבראַכט, האָט ער געצויגן זיין יניקה פון יענע עזאָטערישע טיילן פון העגעלס שיטה, וועלכע שטעלן אוועק אויף אַזאַ העכער מדרגה דעם העלעניזם אויף דעם חשבון פון דעם יודאַאיזם און דעם קריסטנטום. מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם יונג־העגעליאַניזם איז אָט־אָ דער אַנטי־קריסטלעכער, און ממילא אויך אַנטי־יידישער שטראָם אַלץ געוואַקסן און זיך פאַרשטאַרקט. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז יעדעס רעליגיעזע שאַפן, יעדע באַציאונג צו דער וועלט, וואָס שטאַמט נישט אַרויס פון אַ שטרעבן צו פאַרשטיין

אָביעקטיוו דעם אמת אָדער פון אַ שטרעבן צו אַ ריינער הנאה פון שיינקייט, איז געשטעמפּלט געוואָרן ווי אַן אויסדרוק פון דער „שמוציק־יידישער פּראַקטיק״. בעת דער קריסטלעכער עולם האָט געוואָלט פאַרטרייבן די יידן פון דער וועלט דערפאַר, וואָס זיי האָבן געהאָנגען קריסטוסן, איז דער ראַדיקאַליזם פון די 40־ער יאָרן געווען מוכן ומזומן אויפצוהענגען אַלע יידן דער־פאַר, וואָס פון זיי איז קריסטוס געבאָרן געוואָרן.

אין אָט־אָ דער גייסטיקער אַטמאָספער איז דערצויגן גע־וואָרן דער יונגער קאַרל מאַרקס, דער זון פון אַ געשמדטן אַסימילירטן יידן. מיט דער פראַזע: „די קריסטן זענען געוואָרן יידן״ האָט מאַרקס געוואָלט זאָגן ערשטנס, אַז יידן זענען נישט קיין פאָלק, נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע; צווייטנס, אַז איטלעכע רעליגיע איז אַן אויס־דרוק פון דער „שמוציק־יידישער פּראַקטיק״; און ענדלעך דריטנס, אַז די קריסטן האָבן קיין שום רעכט נישט אָפּצו־זאָגן די יידן די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג ווייל זיי זענען אַליין אַ האָר נישט בעסער פאַר די יידן.

צו קאָקעטירן מיט אָט־אָ דער פראַזע, וואָס איז אין די 40־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון דער נאַאיווער ראַדיקאַלעכץ, צונויפגעמישט מיט דער אידעי־אָלאָגיע פון דער „ציוויליזירטער״ יידישער בורזשואַזיע, איז אין אונזער צייט מער ווי נאַאיוו. נאָך לעכערלעכער איז צו אורטיילן וועגן דעם גורל פון דער גאַנצער יידישער נאַציע לויט יענע פראַ־צעסן, וואָס קומען פאָר אין איינצלנע פראַגמענטן פון יידנטום, וועלכע זענען אָפּגעריסן פון דעם גאַנצן פאָלק און זענען צע־וואָרפן איבער די מערב־אייראָפּעאישע לענדער. דאָס איז פונקט אַזוי, ווי איינער וואָלט שטודירט דעם גורל פון דעם רוסישן פאָלק לויט דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי די ווענדן, וועל־כע זענען סוף־כל־סוף אינגאַנצן איינגעשלונגען געוואָרן פון די דייטשן. און אַפילו דידאָזיקע פראַגמענטן פון דעם יידנטום, — קאָן מען זיי דען פאַרגלייכן צו די ווענדן און נביאות זאָגן אויף זיי דעמזעלביקן גורל? איז דאָס אַסימילירטע יידנטום אין מערב־

אייראָפּע דען פאַרשווונדן? באַוער אַליין מוז מודה זיין, אַז נישט ער אַליין ווייזט אויף, אַז זיי רעדן נאָך אַלץ די לאַנדשפּראַכן ווי אויסלענדער, אַז זיי זענען זיך משדך נאָר צווישן זיך און „צייכענען זיך אויס מיט אַ שטאַרקן באַוווסטזיין פון זייער נאַציאָנאַלער פערזענלעכקייט און פון זייער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט איינער צום צווייטן". „אַפילו וועגן מיטל- און מערב-אייראָפּע", שרייבט באַוער, „קאָן מען אייגנטלעך נישט זאָגן, אַז די יידן זענען נישט קיין נאַציע", „מען קאָן אָבער זיכער באַהויפּטן", איז ער מוסיף, „אַז זיי הערן אויף צו זיין אַ נאַציע" (!) (ז. 385). אויף וואָס איז אָבער געבויט זיין זיכערקייט? ווידעראַמאָל אויף דער אידענטיפיצירונג פון יידן מיט יודאַאיזם, פון דעם יודאַאיזם מיט דער געלט-ווירטשאַפט, און אויף דעם נצחון פון דעם קאַפּיטאַליזם, וואָס גלייכט אַלעמען אויס אין דעם יודאַאיזם! וואָלטן דידאָזיקע אָנשויאונגען, וואָס די ראַדיקאַלעכץ פון די 40-ער יאָרן האָט אויסגעאַרבעט, ווירקלעך געהאַט אין זיך אַ שמץ פון וויסנשאַפטלעכקייט, וואָלט מען אויך נישט געקאָנט פון זיי אַרויסדרינגען, אַז דאָס יידישע פאָלק פאַרשווינדט, נאָר אדרבה, מען וואָלט נאָר געדאַרפט ווערן אומרואיק וועגן דעם גורל פון אַלע אַנדערע פעלקער און זיך אַ פרעג טאָן, צי שטייען זיי נישט אַלע אין אַ געפאַר צעשמאָלצן צו ווערן אין דעם יודאַאיזם.

און וואָס איז מכּוח די מזרח-אייראָפּעאישע לענדער, ווו דאָס יידנטום האָט אינגאַנצן אויפגעהאַלטן זיין נאַציאָנאַלן פרצוף און ווו עס קאָן זיכער איבערגיין צו העכערע פאָרמען פון נאַציאָנאַלן לעבן איבערהיפּנדיק דעם אַסימילאַטאָרישן פּאַזיס? דאָ מוז אַפילו באַוער קאָנסטאַטירן, אַז דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע גייט דאָרטן אָן ביי די יידן זייער לאַנגזאַם. דאָס רופט אָבער נישט אַרויס ביי באַוערן קיין שום ספקות. מיט וואָס פאַראַ טעמפּאָ די אַסימילאַציע זאָל דאָרטן נישט אָנגיין, „זאָרגט שוין דערפאַר דער קאַפּיטאַליזם און די מאָדערנע מלוכה, אַז דאָס אַלטע יידנטום זאָל צעשטערט ווערן". ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם אַסימילירונגס-פּראָצעס ביי די מזרח-יידן, ברענגט באַוער אין אַ

הערה די נייעס, אַז אין ווילנע זענען שוין פאַראַן יידן, וואָס רייכערן אום שבת!... (ז. 386) ווי געפעלט אייך אַזאַ קינדערשע צונויפמישונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט מיט דער יידישער רעליגיע? עס הויבן זיך באמת נישט די הענט צו אַנאַליזירן אַזעלכע אַרגומענטן. נישט שוין־זשע דאַרף מען באַווערן געבן צו פאַרשטיין דעם אַלף־בית־אמת, אַז נאַציע און רעליגיע זענען צוויי פאַרשיידענע זאַכן און אַז פאַרלירן די רעליגיע מיינט נאָכנישט פאַרלירן די נאַציאָנאַליטעט?

באַווערס געדאַנקען וועגן דעם רוסישן יידנטום זענען נאָך מער מטושטש און פול מיט סתירות. אויך בנוגע די רוסישע יידן איז באַווערס פסק־דין: זיי מוזן פאַרשווינדן!

אָנהויבן הויבט ער אַפילו אָן מיט דער אָנערקענונג פון דעם פאַקט, אַז אין מזרח־אייראָפּע לעבן נאָך מיליאָנען נישט־אַסימילירטע יידן, וועלכע געהערן דאָס רוב צו די נידעריקערע שיכטן. אַט־אָ די יידישע קליינבירגער און יידישע אַרבעטער פון רוסלאַנד, פוילן, ליטע, גאַליציע, בוקאָווינע, רומעניע א. אַז. וו. שטעלן איצטער צונויף די יידישע נאַציע (ז. 386. אונזער קורסיוו). אָבער דידאָזיקע נאַציע טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ נישט־היסטאָרישער נאַציע.

יעדער איינער, וואָס איז נאָר אַביסל באַקאַנט מיט דער יידישער געשיכטע, וועט געוויס זיין שטאַרק פאַרווונדערט צו הערן דעם אומדערוואַרטעטן באַשלוס, אַז די יידן געהערן צו די נישט־היסטאָרישע נאַציעס. יעדער איינער, וואָס איז באַהאַוונט אין דער געשיכטע פון די יידן ווייס, אַז אין דעם גאַנצן משך פון זייער עקזיסטענץ האָבן זיי קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו לעבן היסטאָריש, אַז זיי האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט אויסצואַרבעטן אַן אייגנאַרטיקע קולטור, אַרויסצוברענגען אַ מאַסע טאַלענטן און אַפילו גאונים אין זייער אייגענער וויסנשאַפט און אין זייער אייגענער ליטעראַטור, אמת אַ גאַנץ אַנדערע וויסנשאַפט און אַ גאַנץ אַנדערע ליטעראַטור איידער די אייראָפּעאישע. דער לייענער מוז אָבער נעמען אין באַטראַכט, אַז אונטער דעם טערמין: „נישט־היסטאָרישע נאַציעס" פאַרשטייט באַוער אַזעלכע

פעלקער, וואָס האָבן אין פּראָצעס פון אַסימילאַציע פאַרלאָרן די הערשנדיקע קלאַסן, די טרעגער און באַשאַפער פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. צום גליק אָבער קאָן מען אַפילו אין דעם זין אויך נישט צורעכענען די יידן צו די נישט-היסטאָרישע נאַציעס. וואָרעם כאָטש אַראָפּ פון חשבון אַ קליין הייפל פון דער אינטעליגענץ און אַ לאַנג צרך קליינעם טייל פון דער בורזשואַזיע, וואָס שטרעבט צו אַסימילאַציע אויף דעם מערב-אייראָפּעאישן שטייגער, האָבן די רייכערע יידישלעך-געבילדעטע קלאַסן קיינמאָל נישט פאַרלאָזן זייער פאָלק. באַוער איז פשוט נישט באַקאַנט מיט דער אינעווייניקסטער זייט פון דעם יידישן לעבן. ער ווייס נישט, וואָס פאַר אַן אומגעהייער וויכטיקע ראָלע עס האָבן געשפּילט, און שפּילן נאָך עד היום, די אָרטאָדאָקסישע און די חסידישע רייכע משפחות אין דעם אינעווייניקסטן לעבן פון די יידישע מאַסן. אויב אָבער באַוער איז אַזוי ווייניק באַהאַוונט אין די אינעווייניקסטע ענינים פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן, איז ווי אַזוי האָט ער זיך דערלויבט צו נעמען אַ וואָרט אין דער פראַגע און אַזוי לייכטזיניק אָפּפּסקענען דעם גורל פון אַ פאָלק, וואָס איז אַלט טויזנטער יאָרן?

נאָר צוגעגעבן אַפילו, אַז די יידן זענען אַ נישט-היסטאָרישע נאַציע, איז נאָך אַלץ באַוערס פּעסימיזם וועגן זייער גורל נישט באַרעכטיקט. די בעסטע עמודים אין באַוערס בוך זענען גראָד די, וווּ ער באַשרייבט ווי דער „קאַפּיטאַליזם" האָט אויפגעוועקט די נישט-היסטאָרישע פעלקער צו אַ היסטאָרישן זעלבשטענדיק-נאַציאָנאַלן לעבן. אמת, אין זיין שילדערונג פון דער ווירקלעכקייט ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז דאָס איז אייגנטלעך געשען נישט אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס איינאיינעם מיט דער אויפוואַכונג פון דעם מענטשן און די פאָלקס-מאַסן, וואַכט אין זיי אויך אויף דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַוווּסטזיין. דאָס איז אָבער פאַר אונזער ענין קיין חילוק נישט. מוז מען דען נישט קאָנסטאַטירן דעמזעלביקן פּראָצעס אויך ביי דעם יידישן פאָלק? באַמערקן מיר דען נישט אויך דאָ, אַז אויף ווי ווייט עס גלייכט זיך אויס דער

**מענטשלעכער** רוקן ביי דעם יידן, גלייכט זיך אויך אויס דער **יידישער** רוקן ביי דעמדאָזיקן מענטשן? יאָ, גיט באַוער צו, ער גלייכט זיך אויס פונקט אויף דעמזעלביקן אופן „ווי מיר האָבן דעמדאָזיקן גאַנצן פּראָצעס באַשריבן רעדנדיק וועגן דער דערוואַכונג פון דעם טשעכישן פאָלק פון זיין אומהיסטאָרישער עקזיסטענץ״ (ז. 387). וואָס זשע נאָך וויל באַוער? וואָס פאַרא מניעות זענען נאָך פאַראַן, אָנצוערקענען נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן? מיט וואָס זענען זיי ערגער פאַר די טשעכן?

אָט מיט וואָס: ערשטנס האָבן די טשעכן באַזונדערע טשעכישע ראַיאָנען, וואָס זענען דורכאויס באַזעצט פון טשעכן. ווען נישט די ראַיאָנען וואָלטן קיינע אויטאָנאָמיעס נישט געקאָנט אָפּהאַלטן די טשעכישע מינאָריטעטן פון צונויפגיסן זיך מיט דער אַרומיקער נאַציע. די נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג פון די טשעכן ביי זיך אינדערהיים גיט זיי דעם כּוח אויפצוהאַלטן זייער נאַציאָנאַליטעט אויך אין דער פרעמד די יידן אָבער האָבן נישט אַזעלכע אָפּגעשלאָסענע, אָפּגעזונדערטע ראַיאָנען און דעריבער וועלן קיינע אויטאָנאָמיעס זיי קיין פּעולה נישט טאָן. צוליב משא ומתן וועלן זיי געצווונגען זיין צו האָבן צו טאָן מיט אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, צונויפגיסן זיך מיט זיי, און עס איז נישטאָ פון וואַנען עס זאָל קומען אַ צופלוס פון נייע קרעפטן. אמת, אין רוסלאַנד ווינען נאָך די יידן אין קאָמפּאַקטע מאַסן און דער צופלוס פון נישט אַסימילירטע יידן, וואָס קומען פון אָט-אָ די יידישע געגנטן אַהין, ווו די אַסימילאַציע האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען, שטערט דאָרטן אויך שטאַרק דעם אַסימילאַציע-פּראָצעס. אָבער ווי נאָר דער אַבסאָלוטיזם אין רוסלאַנד וועט פאַלן און די יידן וועלן קריגן גלייכבאַרעכטיקונג, וועלן זיי זיך צעשפּרייטן איבערן גאַנצן לאַנד און דעמאָלט וועט זיין אַ סוף צו די קאָמפּאַקטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

מען מוז צוגעבן, אַז אין דעמדאָזיקן אַרגומענט איז דאָ אַ שטיק אמת. מיר זענען די לעצטע אָפּצולייקענען די וויכטיקייט פון אַן אייגן לאַנד, אַפילו פון אַ קליין לאַנד, פאַר דער קול-

טורעלער אַנטוויקלונג אויך פון יענע טיילן פון פאָלק, וואָס זענען צעזייט איבער דער גאַנצער וועלט. באַזונדערס געדאַנקען וועגן דעם ענין, געדאַנקען, וואָס געפינען זיך צעוואָרפן אויך אין אַנדערע ערטער פון זיין בוך, דיקטירן מיט אַן אייזערנער לאָגיק יענעם אויספיר, וואָס איז אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדער פאָרם שוין לאַנג אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין דער יידישער פובליציסטיק: מען מוז שטרעבן צו באַשאַפן אַ נאַציאָנאַלן צענטער אין אַן אויטאָנאָמען יידישן לאַנד. מיר וועלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַ דעטאַלן אָפּשאַץ פון אָט די אַלע טעאָריעס, כדי צו באַווייזן דאָס, וואָס דער פשוטער געזונטער שכל איז מחייב, אַז צוליב דער פאַרווירקלעכונג פון דעם טעריטאָריאַליסטישן אידעאַל גופא איז נויטיק די אויפלעבונג פון די יידן אין די גלות-לענדער אויף די יסודות פון אַ נאַציאָנאַל-רעכטלעכער אויטאָנאָמיע. מיר קאָנען אויך נישט אַרויסשטעלן דעם פונקט פאַר אַן אַרגומענט אַנטקעגן באָרען. מיר וועלן איבערלאָזן פאַר די ציוניסטן-סאָציאַליסטן און די „פועלי-ציון" צו דערציילן באָרען ווי אַזוי דער „נאַטירלעכער גאַנג פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג", פאָלגנדיק קאַרל מאַרקס' טעאָריעס, „טרייבט גאַנץ סטיכיש אַריין די יידן אין אַ אייגן לאַנד". אונזערע נאַציאָנאַליסטן-סאָציאַליסטן וואָס לייקענען אָפּ די נויטיקייט און די מעגלעכקייט צו קעמפן אין גלות פאַר יידישער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, דאַרפן געבן באָרען אַ ספּעציעלן יישר כוח פאַר זיין קאַפּיטל וועגן יידישער אויטאָנאָמיע...

דאָס איינציקע, וואָס מיר קאָנען ענטפערן באָרען, איז אָט וואָס: לאָמיר אָננעמען, אַז זיין דיאַגנאָז איז געמאַכט געוואָרן ריכטיק. לאָמיר אָננעמען, אַז, ווען די יידן וועלן אין רוסלאַנד באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג, וועלן זיי אויפהערן צו וווינען אין קאָמפּאַקטע מאַסן, הגם אין גאַליציע און אין רומעניע און אין אונגאַרן און אין בוקאָווינע, וווּ זיי באַזיצן שוין פון לאַנג אָן גלייכע רעכט, וווינען זיי נאָך אַלץ אינאיינעם; הגם אַפילו אין אַמעריקע לעבן די יידן אויך אין קאָמפּאַקטע מאַסן און באַשאַפן זייער אייגענע, אייגנאַרטיקע יידיש-אַמעריקאַנישע קולטור. לאָמיר

גיין נאָך ווייטער און צוגעבן, אַז אין משך פון עטלעכע הונדערט יאָר, אין אַן אַטמאָספער פון גלייכבאַרעכטיקונג, מוזן די יידן לגמרי פאַרשווינדן, הגם אין האָלאַנד, למשל, ווו די יידן באַזיצן גלייכע רעכט פאַר די לעצטע צוויי הונדערט יאָר און ווו זיי האָבן זיך שוין כּמעט אינגאַנצן אַסימילירט אין דעם פּרט פון דער אויסערלעכער קולטור, זענען די יידן נישט נאָר נישט פאַרשוונדן, נאָר האָבן אַפילו באַשאַפן שטאַרק־אָפּגעזונדערטע געטאָס. לאָמיר צוגעבן, אַז אַלץ וועט גיין פּונקט אַזוי ווי באַוערס האַרץ גלוסט. בלייבט דאָך אָבער אַלץ שטאַרקע קשיה: וואָס פאַראַ שייכות האָבן אָט־אָ די אַלע צוקונפט־חקירות צו דער אונז אינטערעסירנדיקער רעכטלעכער שקלא וטריא?

לאָמיר הערן וואָס באַוער אַליין זאָגט וועגן דעם ענין, ווען עס רעדט זיך נישט וועגן יידן, נאָר וועגן אַנדערע נאַציעס. „די קולטורעל מער־אַנטוויקלטע נאַציעס וועלן אויך אין דער צוקונפט אָפּרייסן און אַסימילירן אייניקע פאָרווערטס־שטרעבנדיקע עלעמענטן פון די וויניקער קולטורעלע פעלקער דורך געמישטע שדוכים. דורך ענגע עקאָנאָמישע און פריינטלעכע באַציאונגען וועלן די נאַציאָנאַלע מערהייטן אין אייניקע ראַיאָנען אַלעמאָל איינשלינגען און צעשמעלצן אין זייער קולטורעלער געמיינשאַפט אייניקע טיילן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אָבער דידאָזיקע אַלע נאַציאָנאַלע דעראָבערונגען וועלן געמאַכט ווערן אַ דאַנק די סאָציאַלע און קולטורעלע מעלות פון איינצלנע נאַציעס און נישט אַ דאַנק פּריווילעגיעס, פרידלעכע קאָמפּעטיציע אָנשטאָט דעראָבערונג מיט געוואַלט!" (ז. 371).

פאַרוואָס וויל באַוער גראָד די יידן אויסשליסן פון דעם פּראָצעס פון פרידלעכער קאָמפּעטיציע? פאַרוואָס עפּעס מוזן זיי אַרויסטרעטן אין דער אַלגעמיינער קאָמפּעטיציע אָן אַ וועלכן עס איז נאַציאָנאַלן שוץ?

אין אַן אַנדער אָרט באַווייזט באַוער די נויטיקייט פון נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אינסטיטוציעס און ווייזט אָן אויף דעם פאַקט, אַז אונטער די איצטיקע אומשטענדן האָבן די אונטערדריקטע נאַציעס קיין מעגלעכקייט נישט צו פאַרטיידיקן זייער

כבוד, „אויב ווער עס איז זאָל באַליידיקן די פּוילישע נאַציע, קאָנען די פּאָלאַקן, ווי אַ נאַציע, נישט אַרויסטרעטן מיט אַן אָנקלאַגע: עס איז נישטאָ ווער עס זאָל האָבן דאָס רעכט זיך צו באַקלאָגן" (ז. 286). איז באַוווּרן נישט אַרויף אויפן זינען, אַז אויך די יידישע נאַציע קאָן אַמאָל אַריינפאַלן אין אַזאַ מין לאַגע, ווו זי זאָל דאַרפן פאַרטיידיקן אפשר נישט נאָר דעם כבוד, נאָר אויך דאָס האָב און גוטס און אפילו די לעבנס פון אירע מיטגלידער? פאַרוואָס־זשע פאַרגינט ער נישט די יידן דעם נויטיקן שוץ לכל הפחות פאַר די עטלעכע הונדערט יאָר, וואָס זיי איז נאָך פאַרבליבן צו לעבן ווי אַ נאַציע? טאַקע פאַרוואָס? ווייל „אַלע אַ חוץ די יידן". ווייל „דער ייד ווערט פאַרברענט!"

נאָר אפשר ליגן די סיבות פון דעם נאַציאָנאַל־רעכטלעכן אָנפאַל, וואָס באַוער מאַכט אויף יידן, אין דעם צווייטן הויפּט־חילוק, דורך וועלכן די יידן שיידן זיך אָפּ פון די טשעכן און פון די אַנדערע אויפגעוואַכטע נאַציעס? לאָמיר באַקאַנט ווערן מיט אָט־אָ דעם חילוק. „די דערוואַכונג פון דער טשעכישער נאַציע", זאָגט באַוער, „האָט באַטייט נישט אַן איבערבייט אין דער געמיינשאַפט פון די באַציאונגען גופא, נאָר בלויז אַן איבערבייט אין דעם כאַראַקטער פון די באַציאונגען: אַנשטאָט איבערצוגעבן בלויז די אָרימע קולטורעלע ווערטן — אַ שאַפונג פון אַ נייער לעבעדיקער נאַציאָנאַלער קולטור" (ז. 389).

איין גאָט ווייס, וואָס באַוער וויל אייגנטלעך דערמיט זאָגן. מיינט ער דערמיט, אַז די טשעכן זענען געבליבן טשעכן, די יידן אָבער וועלן אויפהערן צו זיין יידן? אויב אַזוי קאָן דאָך דאָס נישט דינען פאַר אַ ראיה, אַז זיי ד אַ ר פ ן אויפהערן צו זיין יידן. אָדער מיינט דער „איבערבייט" פון דער יידישער „נאַציאָנאַליטעט", אַז די יידן מוזן זיך אָפּזאָגן פון דער יידישער רעליגיע אין נאָמען פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס? דאָס הייסט ווידער אַ קינדערשער צונויפמיש פון באַגריפן. פאַרוואָס קאָנען די יידן נישט איבערבייטן דעם תוך פון זייער נאַציאָנאַליטעט אויף דעמזעלביקן אופן, ווי די טשעכן: דאָס הייסט, אָפּוואַרפן די אַלטע קולטור און באַשאַפן אַ נייע?

זי גאַנצע מעשה ליגט אין דעם, וואָס אַלץ, וואָס באַוער אָנערקענט בנוגע אַלע אַנדערע איינצלנע נאַציאָנאַליטעטן, לייקנט ער אָפּ בנוגע יידן. אַלע אַנדערע פעלקער מוזן האָבן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, כּדי זיי זאָלן קאָנען אין זייער אייגענער שפּראַך פאַרטיידיקן זייערע רעכט פאַרן געריכט. די יידן אָבער זאָגט באַוער אין דעם אָפּ. האַנדלען מיט די פּאָלאַקן קאָנען זיי אין דער פּוילישער שפּראַך? וועלן זיי אויך קאָנען זייערע רעכט פאַרטיידיקן אין פּויליש! דאָס איז בוכשטעבלעך די אַרגומענטאַציע וואָס באַוער געברויכט אויף ז. 394 צו באַווייזן, אַז די יידישע שפּראַך דאַרף נישט באַקומען קיין גלייכבאַרעכטיקונג.

ענדלעך ווילן מיר דאָ ברענגען אין זיין גאַנצער לענג דעם הויפּט-אַרגומענט אַנטקעגן נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן, דעם איינציקן אַרגומענט, וואָס נעמט ביי אונז אַוועק אַלע כּלי-זין. דער אַרגומענט באַשטייט אין דעם, וואָס יידישע שולעס זענען שעדלעך פאַר דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס. זאָל אונז דער לייענער מוחל זיין, וואָס מיר צווינגען אים צו לייענען די דאָזיקע לאַנגע און גאַנץ לייגווייליקע חקירה.

„די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט איז זיין אייגענע זעלבסטדערציאונג. דער יידישער פּראָלעטאַריער מוז ווערן אַן אמתער מאָדערנער אַרבעטער. נאָר דעמאָלט וועלן זיך פאַר אים עפענען אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע, וואָס זענען צעוואָרפן אין די ווייטע געגנטן. איצטער שטערט אים אין דעם נישט נאָר די יידישע שפּראַך, נאָר אויך זיין גאַנצער יידישער מהות. אין אַ פולע אונטערנעמונגען קאָנען די קריסטלעכע אַרבעטער נאָך עד היום נישט אַריבערטראָגן זייערע יידישע קאָלעגן. דידאָזיקע אַנטיפּאַטיע דערקלערט זיך נישט דורך דעם פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם, נאָר דורך דעם נאַאיוון אינסטינקט, וואָס ווערט אָפּגעשטויסן דורך דער אויסערלעכער פערזענלעכקייט פון דעם נישט-אַסימילירטן יידן. כּדי צו קריגן אַרבעט אין אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע מוזן די יידן קולטורעל זיך אויסגלייכן מיט אַלע מאָדערנע אַרבעטער פון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. כּל זמן דער יידישער אַרבעטער וועט מיט זיין טאָן, מיט

אייגענע פּאַניר", מיט זיין קליידונג און זיין אויפפיר אויפרייצן זייגע קריסטלעכע חברים, דעם מייסטער און דעם פאַבריקאַנט, וועט זיך אין דער קעגנזייטיקער אינסטינקטיווער אַנטיפּאַטיע פון די ביידע צדדים אַלעמאָל איבערגעבן בירושה דער אַלטער עקאָנאָמישער אַנטאַגאָניזם צווישן דעם קריסטלעכן פויער און דעם יידישן הענדלער, הגם זייערע ביידנס אייניקלעך זענען שוין לאַנג געוואָרן אַרבעטער" (ז. 394—395).

„נאָר דעמאָלט, ווען ער וועט צופּאַסן זיין קולטור צו דער קולטור פון די קריסטלעכע אַרבעטער, וועט ער זיין ביכולת צו פירן דעמאָקראַטישן קאַמף. זייט זיך נאָר משער יידישע קינדער אין אייגענע נאַציאָנאַלע שולעס מיט די למודים אין דער יידישער שפּראַך! וואָס פאַרא גייסט וועט הערשן אין דיזאָזיקע שולעס? אמת, אַ נייע יידישע קולטור הויבט זיך בלי שום ספק אָן צו באַווייזן און די צוקונפט וואָלט געהערט איר אויב עס וואָלט נאָך טאַרבליבן גענוג צייט פאַר דעם יידישן פאָלק צו אַנטוויקלען די נייע לעבעדיקע קולטור. די צרה איז אָבער, וואָס דיזאָזיקע קולטור הויבט בלויז אָן זיך צו באַווייזן, זי איז אָבער נאָך דערווייל נישטאָ. דערווייל האָט דאָס יידישע פאָלק אַן אַנדער קולטור — אַ קולטור פון אַ נישט-היסטאָריש פאָלק, אַ קולטור פון מענטשן, וואָס שטייען פון דרויסן פון דעם קרייז פון די אייראָפּעאישע ציוויליזירטע פעלקער און גיבן איבער פון דור צו דור אַ גאַנצע וועלט פון לאַנג-אָפּגעלעבטע געדאַנקען, ווונשן, מנהגים. קאָן מען דען זיין אין ספק, אַז גראָד דיזאָזיקט אַלטע פאַרשטיינערטע קולטור וועט נאָך לאַנג האַלטן אין אירע קלאַמערן די יידישע שולעס, און אַז די השפּעה אויף די שולעס וועט נישט האָבן די נייע ערשט-אַרויסשפּראָצנדיקע קולטור, וועלכע שפּיגלט זיך אָפּ אין דער רעוואָלוציאָנערער יונג-יידישער ליטעראַטור און וואָס דאַרף נאָך אַליין קעמפן פאַר איר ווירקונג? אויף אַזאַ אופן וואָלטן די קינדער פון די יידישע אַרבעטער קינסטלעך דערצויגן געוואָרן אין דעם גייסט פון לאַנג-פאַרגאַנגענע צייטן, די צוקונפטיקע אינדוסטריעלע אַרבעטער, די קעמפער פון דעם אַרבעטער-קלאַס וואָלטן אויפגעצויגן געוואָרן אין

אַן אַטמאָספֿער פֿון מיטלאַלטערלעכע פֿאַרשטעלונגען, מען וואָלט אין זיי איינגעפֿלאַנצט די פּסיכאָלאָגיע פֿון אַן אָפּגעלעבטער עקאָנאָמישער אָרדענונג און לעבנס-געוווינהייטן פֿון דעם יידישן שטעטל, וואָס לעבט צווישן פּויערים מיט אַ לעבנס-שטייגער פֿון דער נאַטוראַל-ווירטשאַפֿט-עפּאָכע. געוויס איז דאָס לעבן שטאַרקער איידער די שולע, און אַפֿילו פֿון דידאָזיקע קינדער וואָלטן בעקאָנט אויסוואַקסן מוטיקע מענטשן, וואָס קיין זאַך וועט זיי נישט אָפּשרעקן פֿון קלאַסנקאַמף. קאָנען אָבער די יידישע אַרבעטער וועלן פֿאַר זייערע קינדער אַזאַ דערציאונג, וואָס דאָס לעבן זאָל דערנאָך דאַרפֿן איבעראַרבעטן און איבעראַרבייטן ביז צום גרונט? אַ יידישע שולע מיינט די קינסטלעכע אויפֿהאַלטונג פֿון דער אַלטער קולטורעלער אָפּגעזונדערטקייט, וואָס באַגרענעצט די איבערוואַנדערונגס-פֿרייהייט און וואָס פֿאַרגרעסערט דורך דעם גופֿא די יידישע נויט; דאָס מיינט די פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער אַלטער יידישער אידעאָלאָגיע, פֿון דער אַלטער סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע, כּדי דערנאָך זאָל דאָס לעבן דאַרפֿן דאָס אַלץ בייקומען און צעברעכן און מאַכן פֿון די יידן קעמפֿער פֿאַר זייערע קלאַסן-אינטערעסן! זאָגט מען זיך אָבער אָפּ פֿון דער פֿאָדערונג פֿון יידישע שולעס, פֿאַרלירט די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פֿאַר יידן איר גאַנצן ווערט" (395—396).

און נאָך דעם אַלעמען האָט נאָך באַוער דעם מוט צוצוגעבן, אַז „דער דייטשישער אַרבעטער ווינשט דעם יידישן אַרבעטער דאָסזעלביקע, וואָס ער ווינשט דעם טשעכישן אַרבעטער... שטאָלצן באַוווּסטזיין"!...

קיינמאָל האָבן זיך פֿון דעם מויל פֿון אַ סאָציאַליסט נישט געשאָטן אַזוי פֿיל באַליידיקונגען אויף דעם יידישן פֿאָלק, קיין סאָציאַליסט האָט קיינמאָל אַזוי נישט באַשפּיגן און געטראָטן אין שמוץ די נשמה פֿון אַ פֿאָלק, ווי דאָס טוט באַוער אין זיינע „וויסנשאַפֿטלעכע" אַרגומענטן. עס זענען נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט געוואָרן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַזעלכע דערנידעריקנדיקע פֿאָרשלאָגן, ער זאָל פֿאַרקויפֿן זיין „איך" פֿאַר אַ טאָפּ לינזן און זאָל זיך צופּאַסן צו די „נאַאיווע אינסטינקטן" פֿון די הערשנ-

דיקע נאַציאָנאַליטעטן, ווי דאָס טוט באַוער! אַפילו דער קאָסמאָפּאָליטיזם אַליין האָט זיך באַצויגן צו יידן אָן אַן ערך ריינער און איידעלער, איידער באַוערס נייער פּאַן-נאַציאָנאַליזם. אמת, אויך אונטער דער מאַסקע פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז עס איז פאַר דעם מענטשן קיין חילוק נישט אין וועלכע פאָרמען עס דריקט זיך אויס זיין קולטורעל לעבן און אַז דעריבער דאַרפן די יידן זיך נישט איינשטעלן פאַר זייערע אייגענע קולטור-פאָרמען, — אמת, אויך אונטער אָט-אָ דער מאַסקע האָט זיך באַהאַלטן דערזועלביקער אַנטיסעמיטישער תּוך, פּאַקטיש דיזעלביקע פאָדערונג, צו פאַרקויפן די נשמה פאַר אַ טאָפּ לינזן. אָבער אַזוי ווי דער קאָסמאָפּאָליטיזם לייקנט בכלל אָפּ נאַציאָנאַליטעטן, רירט ער ממילא נישט אָן דעם כּבוד פון קיין איינצלנער נאַציאָנאַליטעט. דער פּאַן-נאַציאָנאַליזם רעכנט זיך אָבער יאָ מיט נאַציאָנאַליטעטן. ער צעטיילט זיי אין אַזעלכע, וואָס זענען ווערט צו באַקומען נאַציאָנאַלע רעכט, און אַזעלכע, וואָס זענען דאָס נישט ווערט. ער צעטיילט די קולטורעלע לעבנס-פאָרמען אין וויל-געבאָרענע און נישט וויל-געבאָרענע. און ווען דערדאָזיקער פּאַן-נאַציאָנאַליזם זעט אין דער אַלטער יידישער פּסיכיק נאָר די פּסיכיק פון דעם שענקער, און אין דער אַלטער יידישער קולטור — אין אָט-אָ דעם אוצר פון מענטשלעכע ליידן און צער און פון טיפע צער-געדאַנקען — נאָר פּראָצענטן און מסחר, שטעלט עס מיט זיך פאָר אַ נייע טרויעריקע דערשיינונג אין דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. מיט אָט-אָ דער דערשיינונג וועט דער יידישער אַרבעטער-קלאַס מאַכן זיין חשבון אויף אַ זייער ערנסטן אופן.

על כּל פּנים דאַרף דער יידישער אַרבעטער-קלאַס לכל הפּחות אַרויסטראָגן פון אָט-אָ דעם באַלערנדיקן קאַפּיטל וועגן יידישער אויטאָנאָמיע דעם מוסר השכּל, אַז די נאַציאָנאַלע אויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק מוז ווערן די עבודה פון דעם יידישן פאָלק גופא; אַז דער יידישער אַרבעטער-קלאַס, דער פאָרגעשריטנסטער טייל פון זיין פאָלק, זאָל אין דעם קאַמף פאַר זיין בירגערלעכער, פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג אויף קיינעם נישט האָפן אַ חוץ אויף זיך אַליין; אַז זיין כּבוד און מענטשלעכע

חשיבות פאָדערן פון אים, ער זאָל כסדר באַשטיין אויף זיינע רעכט און ענערגיש קעמפן אַנטקעגן יעדן אָנפאַל אויף זיי פון וועלכער זייט זיי זאָלן נישט קומען.

מיר האָבן נישט אַנאַליזירט אַלע באַוערס באַווייזן אַנטקעגן דער יידישער אויטאָנאָמיע. איך האָב אָנגעהויבן דעם אַנאַליז אין אַביסל אַ סאַטירישער שטימונג. אָבער ווען איך בין דערגאַנגען צום מיטן פון דער אַרבעט האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן געפיל פון קנאה... איך האָב געוואונטשן מקנא זיין יענע גליקלעכע פעלקער, וואָס האָבן לכל הפחות אַן אייגן שטיקל ערד, אַ שטיקל אייגן לאַנד. בנוגע זיי קאָן נישט געשטעלט ווערן אַזעלכע פראַגן און עס קאָן נישט באַנוצט ווערן אַזעלכע מעטאָדן צו פאַרענטפערן די פראַגן, ווי די, וואָס מיר האָבן באַגעגנט אין דעמדאָזיקן קאַפיטל וועגן יידישער אויטאָנאָמיע. און אָט דאָס שטאַרקע געפיל פון קנאה האָט זיך אַזוי צעגאָסן אין מיר, אַז עס האָט פאַרטרונקען באַוערן מיט זיינע „היסטאָרישע מעטאָדן", מיט זיין גאַנצן מאַרקסיסטיש-צוגעפאַרבטן אַנטיסעמיטיזם. סוף-כל-סוף איז באַוערס באַציאונג צו יידן נישט מער ווי אַ קליינער עפיזאָד אין דער גראַנדיעזער טראַגעדיע, וואָס טראָגט דעם נאָמען: די געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק... ווען איך האָב מיר צוריק געוואָלט נעמען פאַר דעם אַנאַליז, איז פאַר מיר שוין געווען פשוט אוממעגלעך צו גראָבן זיך ווייטער אין יענער קופּע פון עם-הארצות און שנאה, מיט וועלכער דאָס גאַנצע קאַפּיטל איז אָנגעפילט. עס איז געוואָרן אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן און אַזוי פאַרדראָסיק...

פאַרדראָסיק אויך פאַר באַוערן גופא, וואָס האָט מיט דעם קאַפּיטל וועגן יידישער אויטאָנאָמיע באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט דעם ווערט פון זיין אין אַלעגמיין זייער נוצלעכער אַרבעט.

בערן, אָקטאָבער 1908.

# „מיין פאָלק“ און „די מענטשהייט“ *)

## I

לודוויג בערנע — איינער פון די איידלסטע כאַראַקטערן, וועלכע די מענטשהייט האָט ווען אַרויסגעבראַכט — האָט אַמאָל געזאָגט: „איך ליב מיין פאַמיליע מער ווי זיך אַליין, מיין פאָטערלאַנד מער ווי מיין פאַמיליע, און די מענטשהייט מער ווי מיין פאָטערלאַנד“.

האָלט ער געלעבט אין אונזערע צייטן, ווען דער עקאָנאָמישער קלאַס, ווי אַ סאָציאַלער קבוץ, האָט גענומען שפּילן אַזאַ אומגעהייערע באַוווּסטזיניקע ראָלע אין דעם עפנטלעכן לעבן, וואָלט ער אפשר צווישן „מיין פאַמיליע“ און „מיין פאָטערלאַנד“ אַריינגעשטעלט „מיין קלאַס“, ווי אַ ספערע, וואָס דאַרף אין געפיל העכער געשעצט ווערן איידער „מיין פאַמיליע“, און נידעריקער געשעצט ווערן איידער „מיין פאָטערלאַנד“. און נאָך איינס. אין אונזערע צייטן, ווען עס האָט זיך אַזוי אָפט און אַזוי קלאָר אַרויסגעוויזן, אַז „מיין פאָלק“ און „מיין פאָטערלאַנד“ איז נישט אַלעמאָל איין-און-דיזעלביקע זאַך, וואָלט בערנע אפשר אויך מסכים געווען מיט אונז, אַז די הויפּט-זאַך איז „פאָלק“, — ד. ה. אַ סכום פון געוויסע לעבעדיקע מענטשן, — און נישט „פאָ-

*) דער „טאָג“, 1919.

טערלאַנד״, — ד. ה. אַ שטח פון אַזוי פיל און אַזוי פיל קוואַד־ראַט־מיילן ערד.

אָט די פּאָר ענדערונגען, וואָס מיר וואָלטן איצטער אַריינ־געטראָגן אין בערנעס פאָרמול, וואָלטן אָבער אַ ברעקל נישט איבערגעביטן איר מאָראַלישן תּוך: „איך״ — פאַמיליע — קלאַס — פאָלק — מענטשהייט וואָלטן געבליבן יענע אַלץ־גרעסערע, קאָנ־צענטרישע קרייזן, אויף וועלכע עס דאַרפן זיך פאַרשפּרייטן אין אַן אַלץ־שטאַרקערער מאָס די ליבעס־שטראַלן, וואָס גייען אַרויס פון דעם צענטער, פון דעם מענטשלעכן האַרצן.

מיין פאַמיליע דאַרף איינשליגגען אַ סך מער ליבע־שטראַלן איידער מיין אייגענער „איך״; און אין דערזעלביקער מאָס, אין וועלכער מיין פאַמיליע דאַרף ביי מיר העכער שטיין, איידער מיין „איך״, דאַרף מיין קלאַס שטיין העכער איידער מיין פאַמיליע, מיין פאָלק — העכער איידער מיין קלאַס, די מענטשהייט — העכער, איידער מיין פאָלק.

איך וויל דאָ נישט אויפהייבן די ריין־פּסיכאָלאָגישע פראַגע, צי עס קאָן געמאָלט זיין ביי דער גרעסטער מאַיאָריטעט פון דער מענטשהייט, אַז די ליבע־שטראַלן זאָלן זיך פאַר־שטאַרקן אין דעמזעלביקן גראַד, אין וועלכן זיי דערווייטערן זיך פון זייער צענטער. די טאָג־טעגלעכע דערפאַרונגען מיט די מיליאָנען פון דעם מין „מענטש״, וואָלטן אפשר אויפגעוויזן פונקט דעם היפּך, אַז דער „ברען״ פון יענע שטראַלן ווערט אַלץ שוואַכער און בלאַסער, וואָס ווייטער דער קרייז ליגט פון דעם אייגענעם ליבן „איך״.

און אפשר וואָלט אַ גענויערע אויספאָרשונג פון דער גע־וויינלעכער מענטשלעכער נשמה אַרויסגעבראַכט דעם גאָר־אומדער־וואַרטעטן רעזולטאַט, אַז יענע שטראַלן האָבן זיך זייערע אייגע־נע געזעצן, און נישט זיי ווערן פאַרשטאַרקט, און נישט זיי ווערן אָפּגעשוואַכט מיט אַזאַ רעגלמעסיקער פּראָפּאָרציאָנאַליטעט, ווי דאָס פאַרלאַנגט די אַלטרויסטישע אָדער די עגאָאיסטישע הי־פּאָטעזע.

עס וואָלט זיך אפשר אַרויסגעוויזן, אַז ביי דעם רוב מענטשן

ווערן די ליבעס־שטראַלן פּ אַ ר ש ט אַ ר ק ט, ווי נאָר זיי פּאַרלאָזן דעם צענטער פון דעם אייגענעם „איך״ און דרינגען אַריין אין דער ספערע פון דער אייגענער פאַמיליע; אַז ביי אַנדערע ווי־דער ברענען זיי זיך אַמשטאַרקסטן פאַנאַנדער, ווען זיי פאַלן אויף יענער קרייז־ספערע, וואָס רופט זיך „מיין פאָלק״, „מיין נאַציע״, און אַז ביי גאָר דעם גרעסטן רוב מענטשן זענען די האַרץ־שטראַלן אַזוי קורץ־לויפיק, אַז זיי דערגרייכן גאָר קיינמאָל נישט דעם לעצטן קרייז — די „מענטשהייט״.

מיר קאָנען אָט די, זייער פאַרפלאָנטערטע פסיכאָלאָגישע פראַגע לאָזן אָן אַ זייט. מיר קאָנען זי דאָ פאַרוואַנדלען אין אַ פשוטע קלאָרע און איינפאַכע מאָראַלישע פראַגע.

יעדער מענטש דאַרף שטרעבן צו אַ מאָראַלישער תכלית השלמות. דאָס איז אונזער אייגנטלעכער אינדיווידועלער „עסק״ אויף אָט דער וועלט, — אַ חוץ די אַנדערע „עסקים״, וואָס מיר האָבן דאָ, ווי לעבעדיקע נפשות, ווי ס אָ צ י אַ ל ע ברואים, די קולטור־שאַפנדיקע וועזנס. אָט דער ריין־אינדיווידועלער עסק פון מאָראַלישער פאַרפולקאָמענונג איז לגמרי אומאָפּהענגיק פון אָרט און פון צייט, און פון קלאַס, און פון פּאַרטיי, און פון רע־ליגיע, און פון „מאַטעריאַליזם״, און פון „אידעאַליזם״, און פון כלערליי „איזמען״ שבעולם. ווייל ווי נאָר דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַפן אדם הראשונען און האָט אים אויסגעלערנט טייטשן: „אדם — אַ מענטש״, האָט ער אים תיכף פאַרזאָגט: „דעריבער איז קודם כל, הזהר והזהר, זיי נישט קיין חיה!״

די מאָראַלישע פאַרפולקאָמענונג באַשטייט אָבער, דער עיקר, אין דער אויסבילדונג און פאַרפיינערונג פון די אייגענע מענטש־לעכע געפילן, די געפילן בילדן זיך אָבער אויס פון די „מעשים״, פון די ה אַ נ ד ל ו נ ג ע ן. עס איז אַ כלל גדול, וואָס קאָן באַווייזן ווערן מיט דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע, אַז „ס ו ף ג ע־פ י ל ב מ ע ש י ם ת ח י ל ה״: אָט ווי ד ו ר ו ת (און אָפטמאָל אויך יחידים) האַנדלען, ר אַ נ ג ל ע ן זיך אין זייער לעבן, אַזעלכע גע־פילן שפּראָצן לסוף אַרויס אין די מענטשלעכע הערצער.

דעריבער איז אין דעם פּראָצעס פון דער מאָראַלישער

דערציאונג און זעלבסטדערציאונג די הויפּט־זאַך צו טאָן, צו באַגיין אַקוראַט אַזעלכע מעשים, ווי די, וואָס וואָלטן דיקטירט ווערן פון דעם איידלסטן און צאַרטסטן מענטשלעכן געפיל. אַ, דאָס געפיל וויל דאָס נאָכנישט? איז — ווי עס וויל זיין! גישקשה, עס וועט מרוצה ווערן... לאחר המעשה!

די אויבן־געבראַכטע בערנעס פאָרמול קאָן דעריבער באַטראַכט ווערן ווי אַ גרונט־פּרינציפּ, וואָס דאַרף רעגולירן אונזערע מעשים און וואָס קאָן אויסגעדריקט ווערן אַזוי: אין דעם פאַל פון אַן אינטערעסן־קאָנפליקט צווישן די פאַרשיידענע ספערן, דאַרף איך מיינע אינטערעסן מקריב זיין צוליב די אינטערעסן פון מיין פאַמיליע, אירע אינטערעסן אויפגעבן צוליב מיין קלאַס, מיין קלאַס אָפּפערן צוליב מיין פאָלק, און מיין פאָלק פאַרלאָזן צוליב דער מענטשהייט.

אויף דעם ערשטן בליק קאָן זיך אויסדוכטן, אַז אַזאַ גרונט־פּרינציפּ איז באמת אָנגעמאָסטן אָן דעם אידעאַל פון אַן איידעלן, מענטשן־ליבנדיקן האַרצן, ווי ער, דער אידעאַל, איז בלי ספק שוין נישט זעלטן פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דעם געפיל פון אַ סך געבענטשטע מענטשלעכע עקזעמפּלאַרן. אָבער דאָס דוכט זיך נאָר אויף דעם ערשטן בליק.

טראַכט מען זיך אַריין אַביסל טיפער אין דעם ענין, אַזוי מוז ווערן קלאָר, אַז זי, די פאָרמול, איז, ביי איר גאַנצער שיינקייט, קודם כל אביסל צופיל אַריטמעטיש, שמעקט צופיל מיט חבור און כפל. דאָס איז אַ קולט פון דעם „רבים", פון דער מאיאָריטעט, אויפגעהויבן צו דער מדרגה פון אַ מאָראַלישן פּרינציפּ און אַ מאָראַלישן אידעאַל. זי רעכנט זיך נאָר מיט דעם קוואַנטיטאַטיוון פאַקט, וואָס אין יעדן ווייטערדיקערן קרייז געפינען זיך אַ סך מער מענטשן, איידער אין יעדן נענטערן. זי לאָזט אינגאַנצן ארויס פון אויג די קוואַליטאַטיווע זייט פון דער זאַך, דעם מענטשלעכן ווערט פון יענע אינטערעסן, וואָס רופן אַרויס דעם קאָנפליקט.

ווען מיין פאַמיליע פאַרלאַנגט פון מיר, איך זאָל זי פאַרזאָרגן מיט שפּייז און קליידונג און אַ גייסטיקן לעבן און אַ גוטע

דערציאונג פאר די קינדער, בעת איך וואָלט פאר דעם געלט בעסער פאר זיך געקאָנט מאכן שענערע קליידער און פארשאפן א רייכערן גייסטיקן לעבן און אָנקויפן בילדער און גוטע ביכער, וועט אין אזא אינטערעסן-קאָנפליקט צווישן מיר און מיין פאמיליע מיין מענטשלעך ליבנדיק געפיל זיך געוויס שטעלן אויף איר זייט: איך זאָל דעמאָלט מקריב זיין מיינע אינטערעסן צוליב אירע.

אָבער ווען מיין פאַמיליע פאָדערט פון מיר, איך זאָל איר געבן די מעגלעכקייט צו אַ לייכטן פריילעכן לעבן, מיט אומצייטיקע קליינע הנאהלעך, וואָס זענען גאָרנישט נויטיק פאַר אַ חשובן מענטשלעכן לעבן, און ווען אַזעלכע פאָדערונגען גייען להיפך צו מ י י נ ע אינטערעסן און פאַרלאַנגען, איז דעמאָלט גאָרנישט קיין חוב, איך זאָל מיך מקריב זיין צוליב איר, כאָטש זי איז דער רבים און איך בין דער מיעוט.

אויב איך בין אַן ארבעטער און איך בין בלב ונפש סאָלידאריש מיט מיין ארבעטער-קלאַס, און ווען אין דער צייט פון א שטרייק וואקסט אויס אַן אינטערעסן-קאָנפליקט צווישן מיין פאמיליע, וואָס האָט געוויס א רעכט צו פאָדערן, אַז מיין ארבעט זאָל זי פארהיטן פון הונגערן און דארבן, און מיין קלאַס, וואָס האָט אויך א רעכט צו פאָדערן פון מיר, אַז איך און מיין פאמיליע זאָלן א צייט-לאנג הונגערן און דארבן צוליב ז י י נ ע אינטערעסן, — וועט אין אזא פאל דער מאָראלישער יושר פארלאנגען פון מיר, איך זאָל מקריב זיין די אינטערעסן פון מיין פאמיליע צוליב די אינטערעסן פון מיין קלאַס. אָבער נישט דערפאר, וואָס דער קלאַס איז א רבים און מיין פאמיליע איז א מיעוט, און נישט אויס דעם עגאָאיסטיש-אריטמעטישן חשבון, אַז סוף כל סוף וועל איך אין איינעם מיט מיין קלאַס באַקומען כפל כפלים.

איך מעג זיין איבערצייגט, אַז מיר וועלן דעם שטרייק פארלירן, אָדער אַז שטרייקן זענען בכלל נישט דער פאַסנדיקער מיטל צו פארבעסערן די עקאָנאָמישע לאגע פון דעם ארבעטער, און פונדעסטוועגן מוז איך אין דעם פאַל שטיין ביי מיין

קלאַס, נישט ווייל ער איז דער רבים, נאָר ווייל זיינע פאָדע־רונגען זענען גערעכטע, ווייל זיי שטימען מיט מיט דעם אידעאַל פון א מענטשלעכן יושר, דעם מענטשלעכן רעכט אויף א חשובן מענטשלעכן לעבן. און נאָר דעריבער מוז איך מקריב זיין מיינע אייגענע אינטערעסן צוליב זיינע אינטערעסן.

עס איז דאָך קלאָר, אַז אויב איך בין נישט קיין אַרבעטער, נאָר א פאבריקאנט, און די אינטערעסן פון דעם פאבריקאנטן־קלאַס פאָדערן, די פאבריקאנטן זאָלן בשום אופן נישט נאָכגעבן די שטרייקנדיקע ארבעטער, נאָר זיי זאָלן אין אחדות אָנפירן דעם קאַמף אַנטקעגן זיי, ווייל נאָר אין דער שטרענגסטער אַחדות ווער מען זיי קאָנען ברעכן; און ווען איך און מיין פאַמיליע זענען גראָד מרוצה נאָכצוגעבן „אונזערע" ארבעטער, כּדי נישט אָפצושטעלן אונזער הכנסה, איז קלאָר, זאָג איך, אז אין דעם פאַל דארפן די אינטערעסן פון מיין פאמיליע שטיין העכער פאר די אינטערעסן פון מיין קלאַס, ווייל פון דעם שטאנדפונקט פון דעם מענטשלעכן יושר פירט מיין קלאַס אן אומגערעכטן קאַמף, און איך בין נישט מחויב צו שטיצן אים, הגם ער איז דער רבים און איך בין דער מיעוט.

הוא הדין אין אַן אינטערעסן־קאָנפליקט צווישן פאָלק און קלאַס. לאָז זיין, דאָס איך בין א קוילן־ארבעטער און דאָס גאַנצע פאָלק איז פאראינטערעסירט, איך זאָל ארבעטן וואָס מער און פראָדוצירן וואָס מער קוילן, כּדי קיינער זאָל נישט דארפן פרירן אין ווינטער־צייט. און אויך מיין פאמיליע איז פאראינטערעסירט, איך זאָל אַלע וואָך ברענגען אהיים דעם לוין. אָבער מיין קלאַס פאָדערט פון מיר, איך זאָל שטרייקן און קעמפן צוליב דער מעגלעכקייט פון א בעסערן, חשוברן מענטשלעכן לעבן. און צוליב א גערעכטערער פארטיילונג פון די גיטער, וואָס מיר, די קוילן־ארבעטער, ברענגען ארויס. אין דעם פאַל האָב איך נישט נאָר א רעכט, נאָר אויך די פליכט, מקריב צו זיין די אינטערעסן פון דעם גרויסן רבים: „פאָלק", צוליב די אינטערעסן פון א מיעוט, פון אן איינצלנעם קלאַס.

און קיין אנדער מאסשטאב קאָן נישט אָנגעווענדעט ווערן

אויך אין די אינטערעסן-קאָנפליקטן צווישן מיין פאָלק און דער גאַנצער מענטשהייט. ווען מיין פאָלק קעמפט פאר א חשובער נאציאָנאַלער עקזיסטענץ און א פרייער נאַציאָנאַלער אנטוויקלונג, — צו וואָס ער האָט געוויס א כשר מענטשלעך רעכט, — ווי אלע פעלקער, — און עס טרעט אריין אזא פאַל, אז די גאנצע מענטשהייט איז אנטקעגן דעם, אָדער פאָדערט פון מיר, איך זאָל מיר אָפּגעבן מיט אירע אינטערעסן און נויטן און נישט קוקן אויף די אינטערעסן און נויטן פון מיין פאָלק, טאָר איך זיך נישט רעכענען מיט דעם, וואָס זי, די מענטשהייט, איז א רבים, און איך מיט מיין פאָלק זענען נאָר א מיעוט. אויב אונזערע פאָדערונגען פון א מיעוט זענען גערעכטע פאָדערונגען און שטייען אין פולן איינקלאַנג מיט די אידעאַלן פון א חשובן מענטשלעכן לעבן, האָבן מיר א רעכט אויפצוהויבן אונזער קאַמף פאר זיי אנטקעגן דער גאנצער מענטשהייט, אנטקעגן דער גאנצער וועלט...

## ח

אין דעם פאַל פון אַן אינטערעסן-קאָנפליקט צווישן „מיר" און „מיין פאַמיליע", „מיין פאַמיליע" און „מיין קלאַס", „מיין קלאַס" און „מיין פאָלק", „מיין פאָלק" און דער גאַנצער „מענטשהייט", דאַרף אין דעם מאָראַלישן געפיל נישט אַלעמאָל דער רבים אַריבערוועגן דעם מיעוט.

מיר האָבן אין דעם פאָריקן קאַפּיטל געזען, אַז איבער אַלע אָט די קרייזן שטייט נאָך אַ העכערער פּרינציפּ: דער מענטשלעכער ווערט פון יענע שטרעבונגען, אין וועלכע די קרייזן זענען פאַראינטערעסירט.

נאָר דעמאָלט, ווען דער מענטשלעכער ווערט פון די אינטערעסן איז דערזעלביקער אָדער אַ גלייך-חשובער ביי יענע קרייזן, וואָס טרעטן אריין אין אַ קאָנפליקט, קאָן האָבן אַ זין די בערנעשע פאָרמול, וואָס פאַרלאַנגט, אַז „מיין פאַמיליע" זאָל

בײַ מיר שטיין העכער אײדער מײַן „איך״, אַז „מײַן פֿאָלק״ זאָל האָבן די איבערוואָג איבער „מײַן פֿאַמיליע״, און אַז די „מענטש-הייט״, ווי די גרעסטע מאַיאָריטעט, זאָל בײַ מיר אַריבערוועגן אויך די אינטערעסן פֿון „מײַן פֿאָלק״.

אָבער אויך אין דעם פֿאַל איז דער ענין נאָכנישט אַזוי פּשוט און קלאָר, ווי ער ווײַזט אויס אויפֿן ערשטן בליק.

בערנע און אַלע אַנדערע קאָסמאָפּאָליטיש-דענקענדיקע אײַ-דעלע מענטשן מאַכן אַ געוואַלטיקן טעות, ווען זיי מיינען, אַז „מענטשהייט״ שטייט אַקוראַט אויף אַזויפֿיל העכער פֿאַר „פֿאָלק״, אויף וויפֿל „פֿאָלק״ שטייט העכער פֿאַר אַן איינצלנעם קלאַס זײַנעם, פֿאַר אַ פֿאַמיליע זײַנע, פֿאַר אַ יחיד, וואָס געהערט צו אים.

די שייכות צווישן „פֿאָלק״ און זײַנע איינצלנע טיילן איז אָבער אַ גאַנץ אַנדערע, אײדער די שייכות צווישן „מענטשהייט״ און די איינצלנע פֿעלקער.

קודם קאָנען די איינצלנע טיילן פֿון אַ פֿאָלק נישט עק-זיסטירן, נישט פֿירן קיין מענטשלעכן לעבן דרויסן פֿון „זייער״ פֿאָלק (אָדער פֿון אַ וועלכן עס איז אַ נדער פֿאָלק), בעת אַן איינצל-פֿאָלק קאָן גאַנץ גוט עקזיסטירן — און אָפּטמאָל טוט ער עס — דרויסן פֿון דער מענטשהייט, איז אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פֿון איר.

דאָס איז זייער אַ וויכטיקער פּונקט און מען מוז אים האָבן קלאָר פֿאַר די אויגן.

אין דער אַלטער וועלט האָט מען געגלויבט, אַז אַן איינצל-נער מענטש קאָן אומעטום אויסוואַקסן אַ מענטש, אפילו ווען ער זאָל אויפֿגעצויגן ווערן פֿון קינדווייז אָן, ווי אַ ראָבינזאָן אויף אַ פֿאַרוואָרפֿענעם אינזל: פּונקט ווי אַ פּערל בלײַבט אַלעמאָל אַ פּערל, אַפילו ווען זי פֿאַרקײַקלט זיך הינטערן אַלמער.

אָט די אַלטע פֿאָרשטעלונג איז איצטער אומעטום לגמרי אָפּגעפּרעגט געוואָרן. אַ מענטש קאָן נישט עקזיסטירן, ווי אַ מענטש, דרויסן פֿון אַ מענטשלעכן קבוץ. די מענטשלעכע אייגנשאַפֿטן זענען געבונדן אָן דער מענטשלעכער שפּראַך און דעם מענטשלעכן גע-דאַנק, און אָט די גרונט-אייגנשאַפֿטן קאָנען געהאַלטן ווערן וואָך

נאָר דעמאָלט, ווען ביי איין מענטש ווערן זיי כסדר אויפגעוועקט פון די אַנדערע מענטשן. זאָל איינער פון קינדוויז אָן אַרויסגענומען ווערן פון אַ מענטשלעכער סביבה, אַזוי מוזן אַלע זיינע מענטשלעכע פעאיקייטן איינשלאָפן און לסוף אינגאַנצן פאַרחלשט ווערן.

אַ מענטשלעך לעבן איז אַ געוועב פון אַ סך מענטשן, וואָס זיצן ביי איין און דעמזעלביקן וועב־שטול און וואַרפן זיך כסדר איבער מיט זייערע פעדים.

אַ סך מענטשן מוזן זיצן ביי דעם וועב־שטול, כדי עס זאָל אַרויסקומען דאָס געוועב פון דעם מענטשלעכן לעבן. אַן איינצלנע משפחה איז דערצו נישט גענוג. אויב מען זאָל פון אַ פאָלק אויסשניידן אַ וועלכע עס איז משפחה און אַריבערפירן זי אויף אַ פאַרוואָרפענעם, איזאָלירטן אינזל, געבן איר אַלע נויטיקע געצייג און מכשירים פון דער קולטור, וואָלט זי נישט נאָר נישט געקאָנט אויפהויבן איר קולטור אויף אַ העכערע מדרגה, נאָר זי וואָלט אויך זייער שווער געקאָנט אויסהאַלטן דעם קאַמף מיט דער אַרומיקער נאַטור. סוף־כל־סוף וואָלט זי דעגראַדירט צו דער מדרגה פון אַ ריין־אַנימאַלישער עקזיסטענץ, אויב זי וואָלט נישט אויסגעשטאָרבן פון אַ צו נאָענטן פאָרן זיך צווישן זיך.

אַפילו אַ גאַנצער קלאַס, אַרויסגעשניטן פון דעם פאָלק און אָוועקגעשטעלט אין אַן איזאָלירטן צושטאַנד, וואָלט נישט געקאָנט ווייטער עקזיסטירן, ווי אַן איינצל־קלאַס. איך רעד שוין דאָ נישט וועגן יענע קלאַסן, וואָס טוען נישט באַשאַפן מיט זייערע אייגענע הענט די ערשט־נויטווענדיקסטע לעבנס־מיטלען: די אַגראַר־פּראָדוקטן. עס איז קלאָר, אַז ווען מען זאָל אַלע סוחרים, אָדער אַלע געלערנטע, אָדער אַלע פאַבריקאַנטן, אָדער אַפילו אַלע בעל־מלאכהס און שטאָטישע אַרבעטער אַרויסרייסן פון זייער פאָלק, אַוועקזעצן זיי אין דער רייכסטער נאַטור און אָפּשניידן זיי פון דער איבעריקער וועלט, וואָלטן זיי געמוזט פון הונגער אויסשטאַרבן, סיידן זיי זאָלן פון זיך אַליין אויסבילדן און לאָזן אויסוואַקסן דעם וויכטיקסטן קלאַס, וואָס זיי פעלט: דעם פויערים־קלאַס. דאָס וואָלט זיי ווידער געמאַכט צו אַ גאַנצן

פאָלק און זיי וואָלטן געקאָנט ווייטער לעבן פון זייערע באַשעפ־טיקונגען. אָ ן ד ע ם אָבער וואָלטן זיי אַ חודש נישט געקאָנט אָפּ־לעבן מחוץ פון זייער פאָלק.

אָבער אפילו אַזעלכע קלאַסן, וואָס וואָלטן געקאָנט דורך זייער פיזישער אַרבעט לעבן דירעקט פון דער נאַטור (יעגער, פישער, פויערים), וואָלטן נישט געקאָנט אויפבויען קיין ר י י ך פיל־פאַרצווייגט מענטשלעך לעבן, זיי וואָלטן אָדער געבליבן אויף זייער אַ נידעריקער מדרגה פון אַ מענטשלעכן לעבן, ווי אַ ק ל י י ן אָ ר ע ם פ ע ל ק ע ל ע, אָדער זיי וואָלטן, מיט דער אַנט־וויקלונג פון זייער קולטור, געמוזט אַרויסברענגען אויך אַנדערע באַשעפטיקונגען און דערמיט אויך די אַנדערע פעלנדיקע גרופן און קלאַסן. יעדער קלאַס מוז אויפהערן צו זיין אַ קלאַס און זיך פאַרוואַנדלען א י ן אַ פ אָ ל ק, אויב ער וויל ווייטער עקזיסטירן אויף דער וועלט, אין אַן איזאָלירטן צושטאַנד.

דערפון איז אָבער קלאָר ביז צו באַשיינפערלעכקייט, אַז נישט דער איינצלנער, נישט די פאַמיליע, נישט די גרופּע און נישט דער קלאַס, — אַז ק י י ן טייל פון אַ פאָלק, זאָג איך, קאָן נישט באַטראַכט ווערן, ווי אַ זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ, ווי אַ בריאה בפני עצמה. זיי זענען אַלע ג ל י ד ע ר פון אַ העכערן זעלבשטענדיקן באַשאַף: פון אַ פאָלק.

אַ פ אָ ל ק א י ז אַ ן אָ ר ג אַ נ י ז ם, און אין אים זענען זיינע איינצלנע טיילן נישט ווי איינצלנע פערל אין אַ שנור פערל, אַפילו נישט ווי איינצלנע פ אַ ר ש י י ד ע נ ע בלומען אין אַ בוקעט. זיי זענען אין אים, ווי שטאַם און וואָרצל, צווייג און בלאַט אין אַ לע־בעדיקן בוים. אָפּגעשניטן פון דעם בוים, מוזן זיי אָדער אָפּשטאַרבן, אָדער אַריינגעפלאַנצט ווערן אין אַן אַנדער בוים, אָדער פון זיך אַליין פאַנאַנדערוואַקסן זיך אין אַ זעלבשטענדיקן בוים. ו ו י אַ ש ט אַ ם, ו ו י אַ ו ו אָ ר צ ל, ו ו י אַ צ ו ו י י ג (און ווער שמועסט שוין: ווי אַ ב ל ע ט ל!) קאָנען זיי נישט פירן קיין זעלבשטענדיקע עקזיס־טענץ.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיט דער „מענטשהייט" און א י ר ע איינצלנע טיילן: די פעלקער. די פעלקער זענען נישט קיין

גלידער פון אַ העכערן זעלבשטענדיקן באַשאַף, און זיי זענען נישט אָנגעוויזן אויף דער מענטשהייט, כּדי צו קאָנען עקזיסטירן ווי פעלקער אויף דער וועלט.

נעמט, שניידט אויס אַ וועלכעס עס איז פאָלק פון דער מענטשהייט, און פאַרפלאַנצט עס, לאָז זיין, אויף דער לבֿנה. אויב דאָרטן זענען דאָ נאַטור-באַדינגונגען, וואָס זענען גינסטיק פאַר אַ מענטשלעכער עקזיסטענץ, וועט דאָס פאָלק קאָנען ווייטער עקזיסטירן ווי אַ פאָלק און וועט נישט דאַרפן מגולגל ווערן אין אַ העכערן באַשאַף, כּדי צו קאָנען עקזיסטירן אויף דער וועלט.

דאָס אייגענע איז, ווען איר זאָלט זיך פאָרשטעלן, אַז אַלע פעלקער פון דער ערד זענען פּלוצלונג, על פּי סבה, פאַרשוווּנדן, און עס איז געבליבן נאָר איין פאָלק, לאָמיר זאָגן אַזאַ קליין פעלקעלע, ווי די בולגאַרן, זיי, די בולגאַרן, וועלן נישט דאַרפן ערשט מגולגל ווערן אין אַ „מענטשהייט“, כּדי ווייטער צו קאָנען שפּינען אַ מענטשלעך לעבן. אמת, זיי וועלן דורך דעם פאַקט גופא, וואָס אַלע אַנדערע פעלקער זענען פאַרשוווּנדן, ווערן די מענטשהייט, אָבער דאָס וועט אַ ברעקל נישט איבערבייטן זייער אָרגאַנישן מהות. זיי דאַרפן נישט איבעראַנדערשן זייער אָרגאַנישן בוי, זיי דאַרפן נישט טראַנספאָרמירט ווערן אין אַ העכערן אָרגאַניזם „מענטשהייט“, כּדי צו קאָנען ווייטער פירן אַ „בולגאַרישע“ מענטשלעכע עקזיסטענץ.

געוויס וואָלטן דעמאָלט די בולגאַרן זיך געקאָנט פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט. געוויס וואָלטן איינצלנע בולגאַרישע גרופּן, אונטער פאַרשיידענע נאַטור-אומשטענדן, זיך געקאָנט פאַנאַנדערוואַקסן אין פאַרשיידענע נייע פעלקער. אָבער דאָס וואָלט געווען פּונקט אַזוי, ווי ווען פון פאַרשיידענע קערנדלעך פון אַ בוים וואַקסן זיך פאַנאַנדער נייע ביימער.

די פעלקער זענען געוויס טיילן פון דער מענטשהייט, אָבער נישט ווי גלידער פון אַ גוף, נאָר ווי פאַרשיידענע בלומען פון אַ בוקעט, אָדער נאָך בעסער און אמתער: ווי פאַרשיידענע פרוכטביימער פון אַ פרוכטגאָרטן. יעדער בוים איז אַ

בריאה בפני עצמה; ער קאָן עקזיסטירן און זיך פאַנאַנדערפלאַנצן דרויסן פון דעם פרוכט-גאָרטן. ווי אַ זעלבשטענדיקער לעבעדי-קער אָרגאַניזם דאַרף ער נישט אָנקומען צו אַן אַנדער אָרגאַניזם צוליב זיין עקזיסטענץ. אַ פאָלק איז אַ זעלבסטצוועק און טראָגט זיין עקזיסטענץ-באַרעכטיקונג אין זיך גופא.

עס איז דעריבער קלאָר און פאַרשטענדלעך, ווען עס ווערט געפאָדערט, אַז „פאָלק" זאָל שטיין העכער פאַר זיינע אָרגאַנישע טיילן: קלאַס, פאַמיליע, איינצל-מענטש. יענע טיילן האָבן נישט קיין עקזיסטענץ-מעגלעכקייטן דרויסן פון דעם פאָלק. ער איז זייער טרעגער און דערנערער. און ווען זיין עקזיסטענץ, ווי אַ מענטשלעך פאָלק, ווערט אַוועקגעשטעלט אין געפאַר, איז ממילא מובן, אַז קלאַס, פאַמיליע און איינצל-מענטש דאַרף מען אין די אינ-טערעסן פון דעם פאָלקס מענטשלעכער עקזיסטענץ אַוועק-שטעלן העכער פאַר די אייגענע אינטערעסן.

עס איז אָבער אויך ממילא מובן, אַז ווען מענטשהייט טרעט אַריין אין אַ קאָנפליקט מיט מיין פאָלק; ווען די מענטש-לעכע אינטערעסן פון מיין פאָלק שטויסן זיך צונויף מיט די מענטשלעכע אינטערעסן פון דער גאַנצער מענטשהייט, און אַפילו ווען דידאָזיקע, זיך צונויפשטויסנדיקע אינטערעסן זאָלן האָבן פונקט דעמזעלביקן מענטשלעכן ווערט, זאָלן שטיין אויף איין-און-דערזעלביקער מדרגה פון מענטשלעכער חשיבות, בין איך אויך דעמאָלט נישט מחויב צו געבן די איבערוואָג דעם גרויסן „רבים", דער מענטשהייט. ווייל „איך" און „מיין פאָלק" קאָנען סוף-כל-סוף אויסקומען אָן איר. און אויב זי, די מענטשהייט, קאָן נישט באַשאַפן אַזעלכע באַדינגונגען, ווו „איך" און „מיין פאָלק" זאָלן זיך קאָנען מענטשלעך אַנטוויקלען אומגעשטערטערהייט, אַרט מיר נישט, אַז זי, די מענטשהייט, וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן און מיין פאָלק וועט אַרויסברענגען פון זיך אַ נייע מענטשהייט, אין וועל-כער עס זאָלן נישט פאָרקומען אַזעלכע קאָנפליקטן.

על-כל-פנים איז נישטאָ קיין מאָראַלישער פּרינציפּ, וואָס זאָל מיך מחייב זיין צו נעמען אירע מענטש-

לעכע אינטערעסן זיך מער צום הארצן, איידער די מענטשלעכע אינטערעסן פון מיין אייגענעם פאָלק.

נאָך קלאָרער ווערט אָט דער רעזולטאַט, ווען מען ווערט אַ ביסל נעגנטער באַקאַנט מיט דעם מהות פון די מענטשלעכע אינטערעסן און מיט דער שייכות, וואָס הערשט צווישן די מענטש-לעכע אינטערעסן פון אַ פאָלק און די מענטשלעכע אינטערעסן פון דער מענטשהייט.

## III

דאָס מאָראַלישע באַוווסטזיין פון די איידלסטע מענטשן-קינדער האָט שוין פון לאַנג אָן אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז לעבן צוליב דער מענטשהייט איז אַ סך אַ העכערע מדרגה, איידער לעבן צוליב דעם אייגענעם פאָלק, און דע-ריבער מוז יעדער איינער, וואָס שטרעבט צו אַ מאָראַלישן תכלית השלמות, אַוועקשטעלן די אינטערעסן פון דער מענטשהייט הע-כער פאַר די אינטערעסן פון זיין אייגענעם פאָלק.

איך האַלט, אַז ווען מען זאָל נעמען אָט דעם געדאַנק, ווי ער שטייט און גייט, איז ער אויפגעבויט אויף אַ געוואַלטיקן טעות אין פשט. ער איז אמת נאָר אין אַ זייער באַגרע-נעצטן זין און אונטער זייער זעלטענע אומשטענדן, און בדרך כלל איז לעבן צוליב די אינטערעסן פון דעם אייגענעם פאָלק — די העכסטע מדרגה פון דעם מאָראַלישן תכלית השלמות, צו וועלכן אַ מענטש זאָל שטרעבן.

קלאָר אַרויסצוברענגען אָט דעם טעות אין פשט און אויפ-צו ווייזן יענעם באַגרענעצטן טייל אמת, וואָס ליגט אין אים, איז די אויפגאַבע פון מיין איצטיקער אַרבעט.

געוויס קאָן מען מבטל זיין יענעם געדאַנק פון „מענטש-הייט העכער פאַר פאָלק“, ווען מען איז אינגאַנצן מבטל דעם ענין פון מאָראַל, ווי פון אַ וויסטער אויסגעטראַכטער זאַך, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין ממשות אין לעבן און וואָס וועט

קיינמאָל נישט האָבן קיין ערנסטע ווירקונג אויף די מענטשלעכע מעשים...

ליידער קאָן איך מיר דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַ וויכּוח מיט אָט דער אַנטי-מאָראַלישער ריכטונג אין דער... מאָראַל-טעאָריע. איך שרייב דאָ נאָר פאַר די, וואָס זענען אָדער גאָר קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין דעם קעסל-גרוב פון יענע סאָפיזמען, וואָס לייקענען אָפּ דאָס שטרעבן צו דער העכסטער מענטשלעכער חשיבות, געבויט אויף דעם אַלטן יידישן „ואהבת", אָדער וואָס זענען שוין אַרויס בשלום פון יענעם קעסל-גרוב און האָבן שוין הינטער זיך די יוגנטלעכע שטותערייען פון דער אַמאָליקער „ראַדיקאַלעכץ".

מען קאָן זיך אויך אויסדרייען פון דעם אויבנדערמאָנטן מענטשהייטס-פּרינציפּ, ווען מען בויט-אויף אַ מאָראַל-טעאָריע אויף דעם גרונט-געדאַנק, אַז די העכסטע מענטשלעכע חשיבות ליגט און זאָל ליגן אין דעם אייגענעם „איך", און אַז די ליבע-שטראַלן פון אונזער האַרצן ווערן און זאָלן ווערן וואָס שוואַכער, וואָס ווייטער אַ וועלכער עס איז אינטערעסן-קרייז ליגט פון אונזער אייגענעם „איך". לויט אָט דער טעאָריע וואָלט ממילא אויסגעקומען, אַז „פאָלק איז העכער פאַר מענטשהייט", ווייל „פאָלק" איז אַ נענטערער אינטערעסן-קרייז צו מיין „איך", איידער „מענטשהייט".

אָבער אויך אָט די טעאָריע וועלן מיר לאָזן אָן אַ זייט. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז אויב זי וויל זיך שטיצן נישט אויף אַן אידעאַל, ווי עס זאָל זיין (ווי דאָס איז צ. ב. צו זייער אַ גרויסן גראַד דער פאַל ביי ניטשען), נאָר אויף די פסיכאָלאָגישע פאַקטן פון דער ווירקלעכקייט, איז — יענע טעאָריע גאָר פשוט אַ ריינער שקר, אַ פשוטער אויסגעטראַכטער ממזר-בלבול אויף דער מענטשלעכער נאַטור.

עס איז נישט אמת, אַז מיט דער גאַנצער גלוט און קראַפט פון אַ מענטשלעכער ליבע, ליבט דער מענטש נאָר „זיך אַליין", אַז אַ ביסל וויניקער ליבט מען די אייגענע פאַמיליע, נאָך וויניקער דעם אייגענעם קלאַס; אַז שוין גאַנץ בלאַס און קאַלט

ווערן די שטראַלן ווען זיי דערגרייכן צו דער אינטערעסן-ספערע פון דעם אייגענעם פאָלק און אַז פאַר דער „מענטשהייט" בלייבן, — אויב עס בלייבט וואָס עס איז, — נאָר די גראָע בין-השמשות-שטראַלן פון אַ פאַרגאַנגענער ליבע.

איך האָב שוין אויבן געהאַט די געלעגנהייט צו באַמערקן, אַז אין דער ווירקלעכקייט ליגט ביי דעם גרעסטן רוב מענטשן דער צענטער פון זייער אינטערעס נישט אין זייער „איך", נאָר אין זייער פאַמיליע (דער עיקר, אין „ווייב און קינד"), און אַז ביי דעמזעלביקן רוב מענטשן ווערט דער אינטערעסן-קרייז „מיין פאָלק" אַוועקגעשטעלט ווערן העכער איידער „מיין פאַמיליע" — דערהויפט, ווען די עקזיסטענץ פון „מיין פאָלק" געפינט זיך אין אַ געפאַר. דאָס באַווייזט אונז די געשיכטע אויף שריט און טריט אין אַלע קריגערישע צונויפשטויסן צווישן פאָלק און פאָלק.

דאָס באַווייזט אָבער באַשיינפערלעך, אַז אין דער ווירקלעכקייט — און נישט אין דעם אָדער יענעם פילאָזאָפישן פלפול — פאַרנעמט דער אינטערעסן-קרייז פון „מיין אייגענעם איך" גאָר דעם קנאַפּסטן שטח אין דער מענטשלעכער נשמה. עס איז אַלעמאָל אַ וועלכער עס איז, איבער-אינדיווידועלער אינטערעסן-קרייז, וואָס שלינגט איין דעם גרעסטן סכום פון די ליבע-שטראַלן פון אַ מענטשלעכן האַרצן.

אָט אויף דעם פאַקט פון דער ווירקלעכקייט קאָן זיך שטיצן די טעאָריע, וואָס פאַרלאַנגט, אַז די מענטשהייט זאָל ביי איינעם שטיין העכער, איידער זיין פאָלק, ווייל די מענטשהייט איז איינדעראמתן די ברייטסטע איבער-אינדיווידועלע אינטערעסן-ספערע.

דער טעות אין פשט, וואָס ליגט אויף דעם גרונט פון אָט דעם געדאַנק, באַשטייט איינמאָל אין דעם, וואָס דער אַריטמעטישער סכום מענטשן איז נישט דער איינציקער פראָביר-שטיין, מיט וועלכן עס דאַרף אָפּגעשאַצט ווערן אַ קאָנפליקט פון אינטערעסן. נאָך העכער פאַר אים שטייט דער מענטשלעכער ווערט פון יענע אינטערעסן, וואָס שטויסן זיך צונויף אין אַ

קאָנפליקט. דאָס האָבן מיר שוין געזען אויבן. און אין דעם צווייטן קאַפּיטל האָבן מיר געזען, אַז די מענטשלעכע אינטערעסן פון מיין פאָלק מוזן שטיין נענטער צו מיין האַרצן, איידער די אינטערעסן פון דער מענטשהייט שוין דערפאַר אַליין, וואָס „איך״ און אַלע אַנדערע טיילן פון מיין פאָלק קאָנען נישט עקזיסטירן אָן דעם פאָלק און דרויסן פון דעם פאָלק, בעת „פאָלק״ קאָן עקזיסטירן אָן דער מענטשהייט און דרויסן פון איר. די עקזיסטענץ פון „מיין פאָלק״ (אָדער פון אַ פאָלק) איז אַ נויטווענדיקער פאָרבאַדינג פאַר מיין אייגענער עקזיסטענץ, ד. ה., פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם מענטשן בכלל, בעת די עקזיסטענץ פון אַ „מענטשהייט״ איז נישט קיין נויטווענדיקער פאָרבאַדינג פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ פאָלק און ממילא פאַר דער עקזיסטענץ פון מיין אייגענעם איך, — ד. ה., פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם מענטשן בכלל.

אָט־אָ דעם, זייער וויכטיקן פונקט ווילן מיר איצטער נאָך קלאָרער מאַכן.

לאָמיר זיך אויף אַ ווײַלע פאָרשטעלן, אַז אַלע פעלקער פון דער ערד זענען פאַרשוואונדן, און עס איז געבליבן נאָר איין פאָלק,—לאָמיר זאָגן: די דייטשן. אין דעם פאַל וועלן די דייטשן זיין די מענטשהייט. אין וואָס וועלן זיך דעמאָלט אויסדריקן מיינע מענטשלעכע אינטערעסן און די מענטשלעכע אינטערעסן פון „מיין פאָלק״, ד. ה., פון דער מענטשהייט?

אַ מענטשלעך לעבן איז אַ קולטורעל לעבן. אין דערינען ליגט דער סימן מובהק, וואָס שיידט אָפּ אַ מענטשלעך לעבן פון אַ ריין־אַנימאַלישער עקזיסטענץ. דער מענטש איז פון אַלע זייטן אַרומגענומען מיט אַן אַטמאָספער פון מענטשלעכער קולטור, און די קולטור איז אַ פּראָדוקט פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און דעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק.

„מענטשן לעבן אינאיינעם, אַרבעטן אינאיינעם״ — איז דער טייטש, זיי פאַרשטענדיקן זיך, זיי טיילן מיט איינער דעם אַנדערן זייערע געדאַנקען, געפילן און וועלענישן, און קאָאָרדינירן

אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן זייערע געמיינזאַמע באַשטרע־בונגען.

די שפּראַך, אַט דער וווּנדער איבער וווּנדער, וואָס איז ביסלעכווייז אויסגעוואַקסן ביי דער פּרימיטיווער האַלב־מענטש־לעכער חיה, האָט מעגלעך געמאַכט די פאַרשטענדיקונג און די מיט־אַרבעט און דעם אַנטוויקלטן געדאַנק, ד. ה., די גאַנצע מענטש־לעכע קולטור.

די קולטור־אַטמאָספער, וואָס נעמט אונז אַרום, איז אַ גע־דאַנק־און שפּראַך־אַטמאָספער. אין דער קינדער־דערציאונג, אין דער טעכניק, אין דעם עקאָנאָמישן לעבן, אין די פאַראָרדענונגען פון דעם געזעץ, דעם מנהג און די זיטן, אין דער פּאָליטישער פאַרוואַלטונג, דער וויסנשאַפט, דער פילאָזאָפיע, דער רעליגיע, דער קונסט, די מאָראַלישע אידעאַלן, אין אַט די אַלע צווייגן פון דער מענטשלעכער קולטור פּולסירט מענטשלעכער שפּראַך־געדאַנק (אַ געדאַנק, אויסגעדריקט אין ווערטער), אַ שפּראַך־געדאַנק, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פון „מיין פאָלק", — אין אונזער היפּאָטע־טישן פאַל: פון „דער מענטשהייט".

און אין אַט דער שפּראַכלעך־גייסטיקער אַטמאָספער פון דעם פאָלק, וואָס דרינגט אַריין אין אַלע טיילכעלעך פון דער נשמה, לעבט און אָטעמט דער מענטש; זי, אַט די אַטמאָספער, באַשאַפט זיינע מענטשלעכע באַדערפענישן און באַפרידיקט זיי.

וואָס זענען זיינע מענטשלעכע אינטערעסן אין איר? דער מענטש איז פאַראינטערעסירט, אַז אַלע צווייגן פון זיין פאָלקס־קולטור, — ד. ה. אין אונזער פאַל: פון דער מענטשהייטס־קולטור, — זאָלן אויפן בעסטן אופן באַפרידיקן די אין דער קול־טור גופא אויסגעוואַקסענע באַדערפענישן: ער זאָל האָבן די בעסטע קינדער־דערציאונג, די בעסטע געזעצן, דעם רייכסטן אוצר פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור א. אַז. וו.

יעדער איינער דאַרף זיין מענטשלעך פאַראינטערעסירט אין דער אויסבעסערונג, ד. ה., אין דעם פּראָגרעס פון זיין

דייטשישער פאָלקס-קולטור, וואָס איז די קולטור פון „דער מענטשהייט״.

וואָס הייסט אין דעם פאַל די ליבע צו דער מענטשהייט? אין דעם פאַל הייסט עס, קודם כל, די ליבע צו דעם *פראָגרעס* פון דער אייגענער פאָלקס-קולטור און דערנאָך הייסט דאָס די ליבע צו אַלע קינדער פון דעם דייטשישן פאָלק (וואָס זענען די מענטשהייט), דער הייסער ווונש, אַז אַלע אָנגעזאַמלטע קולטור-אוצרות פון דעם פאָלק און אַלע זיינע נייע קולטור-שאַפונגען זאָלן זיין צוגענגלעך צו אַלעמען אין אַ גלייכער מאָס; זאָלן באַרייכערן און פאַרשענערן יעדן איינעמס לעבן.

און אין וואָס איז פאַראינטערעסירט די מענטשהייט גופא, ווי יענער אָרגאַניזם, וואָס אַרבעט אויס די מענטשלעכע קולטור? אויך אין דערזעלביקער זאַך: אין דער אַנטוויקלונג, פאַרפולקאָמענונג, אויסבעסערונג, ד. ה., אין דעם *פראָגרעס* פון דער אייגענער קולטור און אין דער פאַרטיילונג פון אירע אוצרות צווישן אַלעמען גלייך.

עס איז קלאָר, אַז אין אָט דעם פאַל, ווען „מענטשהייט״ באַשטייט נאָר פון איין פאָלק, קאָן נישט זיין קיין קאָנפליקט צווישן „מיין פאָלק״ און „דער מענטשהייט״. מיין פאָלק *איז* די מענטשהייט; מיין פאָלקס-קולטור איז די מענטשהייטס-קולטור; דער פראָגרעס פון מיין פאָלק איז דער פראָגרעס פון דער מענטשהייט; מיין ליבע צו אים איז די ליבע צו איר, מיין לעבן צוליב אים איז מיין לעבן צוליב איר.

און דער כלל גדול, וואָס הערשט אין אָט דעם פאַל, קאָן אויסגעדריקט ווערן אַזוי:

„*עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער מענטשהייט, וואָס זאָל נישט זיין אין מיין פאָלק. די העכסטע גיטער פון דער מענטשהייט, זענען די העכסטע גיטער פון מיין פאָלק. דינען דעם פאָלק הייסט דינען דער מענטשהייט*״.

איצטער לאָמיר אָננעמען, אַז לעבן דעם דייטשישן פאָלק זענען פלוצלונג אויסגעוואַקסן נאָך אַ פּאָר אַנדערע פעלקער, און

לאָמיר זען, וועלכע ענדערונגען דאַרפן אַריינגעטראָגן ווערן אין דעם נאָר־וואָס פאָרמולירטן כּלל גדול, אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס „מיין פאָלק" האָט אויפגעהערט צו זיין די גאַנצע מענטשהייט און איז געוואָרן נאָר אַ טייל פון איר, וואָס אַנשטאָט איין פרוכטבוים האָבן מיר פאַר אונז אַ פרוכטגאָרטן.

## IV

מיר האָבן נאָר־וואָס גענומען אַן אויסגעטראַכטן פאַל: עס זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אַלע פעלקער פון דער ערד און עס איז געבליבן נאָר איין פאָלק. מיט דעם גופא איז אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן דער חילוק צווישן „מיין פאָלק" און דער „מענטשהייט".

עס האָט זיך דערביי אַרויסגעשטעלט ממילא, אַז עס קאָן נישט זיין עפּעס אין דער מענטשהייט, וואָס זאָל נישט זיין אין „מיין פאָלק"; אַז די העכסטע גיטער פון מיין פאָלק זענען די העכסטע גיטער פון דער מענטשהייט; אַז פאָלק און מענטשהייט האָבן איין־און־דיזעלביקע אינטערעסן: דעם פּראָגרעס פון דער קולטור; און אַז דינען דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט הייסט דינען דעם פּראָגרעס פון דעם אייגענעם פאָלק.

מיר זענען געבליבן שטיין ביי דער שאלה: וועלכע ענדערונגען דאַרפן אַריינטרעטן אין אָט די כּללים, ווען מען גייט אַריבער פון דעם אויסגעטראַכטן פאַל צו דערווירקלעכקייט, וואָס אין איר באַשטייט די מענטשהייט נישט פון איין פאָלק, נאָר פון אַ סך פעלקער?

לאָמיר אָט די שאלה אַ ביסל נענטער באַטראַכטן.

ווען אַ מענטשהייט באַשטייט פון אַ סך פעלקער, קאָן מען נאָך דעמאָלט זאָגן, אַז „עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער מענטשהייט, וואָס זאָל נישט זיין אין מיין פאָלק?"

געוויס קאָן מען דאָס נישט, ווען מען זאָל פאַרשטיין די פראַגע אין אַן אַבסאָלוטן זין. פעלקער זענען פאַרשיידן

איינס פון דעם אַנדערן, און ממילא מוז די „מענטשהייט" האָבן אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס עס איז נישטאָ אין מיין פאָלק. „מענטשהייט" מוז זיין רייכער אין איר אינהאַלט, איידער אַן איינצל-פאָלק. בפרט איז דאָס אמת, ווען מען פאַרגלייכט אַ פאָלק, וואָס שטייט אויף אַ נידעריקערער קולטור-מדרגה, מיט פעלקער, וואָס שטייען אויף אַ העכערער.

עס זענען דאָ טויזנטער און טויזנטער זאַכן אין דער „מענטשהייט", וואָס זענען נישטאָ אין „מיין פאָלק", אויב מיין פאָלק שטייט נאָך אויף אַזאַ נידעריקער מדרגה פון דער קולטור, וואָס האָט נאָך גאָר קיין השגה נישט וועגן דער העכערער טעכניק און דער העכערער געדאַנקען-וועלט פון דער מענטשהייט.

אין אַט דעם פאַל וואָלט אויך אַבסאָלוט פאַלש געווען צו זאָגן, אַז „די העכסטע גיטער פון מיין פאָלק זענען די העכסטע גיטער פון דער מענטשהייט". עס קאָן דאָ גריילעך געמאָלט זיין דער פאַל, אַז דאָס, וואָס מיין פאָלק באַטראַכט פאַר זיינע העכסטע גיטער, האָט שוין די מענטשהייט לאַנג פאַרגעסן און אַרויסגעוואָרפן פון זיין לעבן, ווי די מאָדערנע מענטשהייט האָט שוין פאַרגעסן די פרימיטיווע פייל-און-בויגנס און די פרימיטיווע טענץ און רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס די ווילדע פעלקער האָבן באַטראַכט פאַר זייערע „העכסטע גיטער".

אָבער — מוז אויך דערביי אומגעענדערט ווערן דער דריטער כלל, אַז „פאָלק און מענטשהייט האָבן איין-און-דיזעלביקע אינטערעסן: דעם פּראָגרעס פון דער קולטור?"

ווען אַ צוריקגעבליבן פאָלק שטויסט זיך צונויף אין זיין לעבן מיט אַ העכערער, אַנטוויקלטערער קולטור און ווען אַזאַ פאָלק האָט אין זיך די פעאיקייט אויפצוהויבן זיך אויף אַ העכערער מדרגה פון פּראָגרעס, ברענט זיך אין זיין אינעווייניקסטן לעבן גופא פאַנאַנדער אַ קאַמף צווישן דעם פּראָגרעס און די „געהייליקטע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס", וואָס ווילן אָפּהיטן זיין פאַרגליווערטקייט.

אין אַט דעם פאַל וואַקסט געוויינלעך אויס די אילוזיע, אַז עס איז דאָ אַ קאָנפליקט צווישן די אינטערעסן פון „מיין פאָלק"

און די אינטערעסן פֿון דער „מענטשהייט". די, וואָס שטרעבן צו פֿאַרבײַטן זײערע אַלטע „גיטער" מיט אַלערלײ נײַעסן פֿון דער פֿרעמד שטײען אויף דעם שטאַנדפּונקט פֿון דער מענטשהייט און פֿאַרטײדיקן די אינטערעסן פֿון דער מענטשהייט; בעת די זײער חשובֿע זקנים, וואָס היטן אָפּ די הייליקייט און די אומבאַריר־לעכקייט פֿון דער אַלטער טראַדיציע, שטײען אויף דעם „נאַציאָ־נאַלן" שטאַנדפּונקט און פֿאַרטײדיקן די אינטערעסן פֿון „מײַן פֿאָלק".

אינדערעמתן אָבער איז דאָס נישט מער ווי אַן אילוזיע, אַ פֿאַרבלענדעניש פֿאַר דעם טעאָרעטישן אויג.

לאָמיר נעמען אַ גאַנץ קאָנקרעטן בײַשפּיל. צו די „הײלי־קע", „נאַציאָנאַלע" גיטער פֿון דער אַלטער טערקײ האָט געהערט דאָס אַלט־טערקישע פֿאַמיליען־לעבן מיט דעם האַרעם, וואָס אין זײַנע פֿיר ווענט זענען געווען אײַנגעשלאָסן די ווײַבער און וואָס דערמיט גופֿא זענען זײ געווען אויסגעשלאָסן פֿון דעם עפֿנטלעכן לעבן און דער אַרומיקער וועלט.

די טערקישע רעאַקציאָנערן, וואָס האָבן געקעמפֿט און קעמפֿן נאָך עד היום אַנטקעגן דער באַפֿרײַאונג פֿון דער טער־קישער פֿרוי, היטן אָפּ די „נאַציאָנאַלע אינטערעסן" פֿון זײער טערקישן פֿאָלק, צו וועלכן זײ ווילן נישט צולאָזן די „הפֿקרות" פֿון דער „צעלאָזענער מענטשהייט". אַזוי זאָגן זײ און אַזוי מײנען זײ. אָבער וועמעס אינטערעסן פֿאַרטײדיקן זײ אינדעראמתן? נישט די אינטערעסן פֿון זײער פֿאָלק, נאָר אין בעסטן פֿאַל די אינטערעסן פֿון אַ טײל פֿון דעם טערקישן פֿאָלק, — פֿון דער מאַנסביל־וועלט, וואָס וויל האַלטן פֿאַרשקלאַפֿט דעם אַנדערן טײל פֿון דעמזעלביקן פֿאָלק, — די ווײַבער־וועלט:

די טערקישע פּראָגרעסיסטן, פֿון דער אַנדערער זײַט, קאָן זײַן, מײנען, אַז זײ שטײען נישט אויף דעם „נאַציאָנאַלן" שטאַנד־פּונקט און קעמפֿן פֿאַר די „אינטערעסן פֿון דער מענטשהייט". עס איז טאַקע אמת: זײ קעמפֿן פֿאַר די אינטערעסן פֿון דער מענטשהייט. אָבער וואָס באַדײַטן דאָ אין דעם פֿאַל די אינ־טערעסן פֿון דער מענטשהייט? הייסט דאָס, אַז די

מענטשהייט, ד. ה. די איבעריקע ציוויליזירטע פעלקער, — אַ חוץ דער טערקיי, — זענען בלוטיק פאַראינטערעסירט אין דער עמאַנציפאַציע פון דער טערקישער פרוי? הייסט דאָס, אַז די טערקישע פראָגרעסיסטן קעמפן פאַר איר, ווייל דאָס ליגט אין די אינטערעסן פון דער איבעריקער ציוויליזירטער מענטשהייט — אַ חוץ דער טערקיי?

בשום אופן ועניין נישט! די איבעריקע ציוויליזירטע פעלקער, מיט וועלכע די טערקיי האָט זיך צונויפגעשטויסן אין לעבן, ליגט אפשר די טערקישע פרויען־פראַגע, ווי אויך דער גאַנצער פראָגרעס פון טערקיי, אַפילו אין דער לינקער פאה נישט. און ווען אַפילו זיי וואָלטן געווען אין דעם פאַראינטערעסירט אין דעם העכסטן גראַד, וואָלטן די פראָגרעסיסטן געקעמפט פאַר דער פרויען־באַפרייאונג נישט דערפאַר, וואָס אַנדערע פעלקער („די מענטשהייט”) זענען פאַרקאָכט אין דעם, נאָר ווייל זיי, די פראָגרעסיסטן, די קינדער פון דעם טערקישן פאָלק, גלויבן, אַז דאָס גאַנצע טערקישע פאָלק דאַרף זיין פאַראינטערעסירט אין דעם.

די „אינטערעסן פון דער מענטשהייט” האָבן דאָ דעריבער דעם טייטש: „די אינטערעסן פון דעם מענטשלעכן פראָגרעס אין די גרענעצן פון דעם טערקישן פאָלק”. אָדער נאָך קירצער און פינקטלעכער: „די פראָגרעסיווע אינטערעסן פון דעם טערקישן פאָלק”.

די אינטערעסן פון דער מענטשהייט זענען דעריבער אין דעם פאַל נישט קיין אַנדער זאַך ווי אַן אינעווייניקסטע „נאַציאָנאַלע” אָנגעלעגנהייט פון „מיין פאָלקס” פראָגרעס. „פאָלק” און „מענטשהייט” זענען אויך דאָ אין תוך אַריין איין־און־דיזעלביקע זאַך, פונקט ווי ווען די גאַנצע מענטשהייט וואָלט באַשטאַנען נאָר פון איין־איינציקן טערקישן פאָלק. קיין קאָנפליקט צווישן פאָלק און מענטשהייט קאָן אויך דאָ נישט געמאָלט זיין, ווייל אויך דאָ האָבן „פאָלק” און „מענטשהייט” איין־און־דעמזעלביקן אינטערעס: דעם פראָגרעס פון דער מענטשלעכער קולטור. ממילא איז אויך דאָ בלייבן ריכטיק דער פערטער פון די אויבנגע־

בראַכטע כּללים, וואָס זאָגט, אַז „דינען דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט״ איז אינדעראמתן דער טייטש: „דינען דעם פּראָגרעס פון דעם אייגענעם פאָלק״.

נאָך בולטער און שאַרפער טרעט אַרויס דערזעלביקער רע־זולטאַט, ווען מיר באַטראַכטן יענע פעלקער, וואָס שטייען אויף דערזעלביקער הויכער מדרגה פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג.

אויך דאָ, פאַרשטייט זיך, קאָן נישט זיין אמת אין דעם בוכשטעבלעכן זין פון דעם וואָרט דער ערשטער כּלל, אַז עס איז גאָרנישט נישטאָ אין דער מענטשהייט, וואָס עס זאָל נישט זיין אין מיין פאָלק. קוים זענען דאָ פאַרשיידנקייטן צווישן פעל־קער, אַזוי מוז ביי די אַנדערע פעלקער זיין עפּעס אַזוינס, וואָס עס פעלט ביי מיין פאָלק, ווי צוריק: מיין פאָלק מוז האָבן עפּעס אַזוינס, וואָס פעלט „דער גאַנצער מענטשהייט״.

אָבער אָט די אַלע פאַרשיידנקייטן רירן נישט אָן דעם תּוך פון דער אַלמענטשלעכער קולטור.

זיי זענען אָדער פאַרשיידנקייטן פון דער ריינער פאָרם, אין וועלכער די אַלמענטשלעכע קולטור דריקט זיך אויס, ווי צ. ב. די פאַרשיידנקייט אין שפּראַכן. „מיין פאָלק״ האָט נישט אַזוי פיל ווערטער פאַר דעם באַגריף: „טיש״, וויפל „די גאַנצע מענטש־הייט״ האָט; „עס פעלן״ דעם יידישן פאָלק די ווערטער: „טעיבל״ און „שולחן״ און „סטאָל״ און נאָך אַנדערע. אָבער דעם „תּוך״ פון דעם ענין האָבן מיר אין אונזער איין וואָרט. און פון דער „גאַנצער מענטשהייט״ קאָנען מיר נישט אַריבערנעמען קיין איין וואָרט, וואָס זאָל רייכער מאַכן אונזער באַגריף וועגן אַ טיש.

צווייטנס זענען די פאַרשיידנקייטן צווישן די ציוויליזירטע פעלקער נאָר פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פון דיזעלביקע אַלגעמיין־מענטשלעכע קולטורעלע דערשיינונגען, ווען איר פאַר־גלייכט, צ. ב., די מאָדערנע שיינע ליטעראַטור (דעם ראָמאַן, צ. ב., אָדער די דראַמע) ביי די פּראָגרעסיווע פעלקער פון דער וועלט, ביי וועמען די ליטעראַטור שטייט אויף דערזעלביקער הויכער מדרגה, וועט איר געפינען, אַז איר תּוך איז אומעטום דערזעלביקער, נאָר די איינצלנע לעבנס־עלעמענטן, וועלכע זי־

שפּיגלט אָפּ, זענען אַ ביסל אַנדערש גרופּירט, און דאָס אייגע־נע איז בדרך כּלל אמת בנוגע כּמעט אַלע אַנדערע וויכטיקע צווייגן פון דער מענטשלעכער קולטור, ווי דערציאונג, בעזעצן, גאַראַנ־טיעס פאַר פּערזענלעכער פרייהייט א. א. וו.

דריטנס אָבער דריקן זיך אויס די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנ־קייטן אין דעם פאַרשיידענעם גראַד פון אינטערעס, וואָס די פעלקער האָבן צו די פאַרשיידענע קולטור־פעלדער, אין פאַרשיי־דענעם גראַד פון טאַלענט און זשעני, וואָס זיי ווייזן אַרויס אויף יענע פעלדער. די איטאַליענער, צ. ב., זענען גאָרנישט קיין מאַדימס אין דער פילאָזאָפיע און די ענגלענדער ווייזן אַרויס נאָך ווייניקער גבורה אין דער מוזיק, ווי די דייטשן אין די אינסטיטוציעס פון פּאָליטישער פרייהייט.

גיט נאָך צו, אַז איין־און־דיזעלביקע קולטורערע רעזולטאַטן קאָנען די פעלקער דערגרייכן אויף פאַרשיידענע וועגן און אופנים (ווי דאָס איז צ. ב. דער פאַל מיט דער פראַנצויזישער און יידי־שער מאַטעמאַטיק פון איין זייט און דער דייטשישער פון דער אַנדערער) און אַז איין פאָלק קאָן, לויט זיין טבע, לייגן מ ע ר געוויכט אויף אַ געוויסן מענטשלעכן אידעאַל, איידער דאָס טוט אַן אַנדער פאָלק, האָבן מיר אויסגערעכנט כּמעט אַלע וויכטיקסטע פּרטים, אין וועלכע עס אונטערשיידן זיך אַלע מאָדערנע קולטורן, וואָס שטייען אויף איין־און־דערזעלביקער הויך פון דער מענטש־לעכער אַנטוויקלונג.

דאָ איז אוודאי אמת, אַז די קולטור פון יעדן פאָלק איז אין אַלע אירע צווייגן נישט מער, ווי אַ זייער אינטערעסאַנטע און העכסט־וויכטיקע ו ו א ר י א צ י ע פון איין־און־דעמזעלביקן גרונט־מאָטיוו, — דעם מאָטיוו פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור.

און ממילא קאָן מען מיט דעם פולן רעכט זאָגן, אַז א י ן ת ו ך א ר י י ן איז אפילו ווען מיר נעמען אַ מענטשהייט, וואָס באַשטייט פון אַ סך פעלקער, נישטאָ קיין זאַך אין דער מענטש־הייט, וואָס זאָל נישט זיין אין מיין פאָלק. „מיין פאָלק״ איז אַ

זעיר־אַנפּין פון דער מענטשהייט. די אינטערעסן פון „מיין פאָלק" זענען די אינטערעסן פון דער מענטשהייט.

V

אלע פעלקער האָבן איין־און־דיזעלביקע עובדא אויף דער וועלט, צו באשאפן מענטשלעכע קולטור און אויפצוהויבן זי אויף דער העכסט־מעגלעכער שטופע פון פולקאָממענהייט. זייערע אינטע־רעסן זענען דעריבער דיזעלביקע ביי אלעמען.

אלע פעלקער דארפן אין א גלייכער מאָס שטרעבן דערצו, אז זייער קולטור זאָל זיין געבויט אויף דעם יסוד פון דער גרעסט־מעגלעכער פערזענלעכער פרייהייט און אז זי, די קולטור, מיין איך,—זאָל אויפהויבן יעדן יחיד אויף דעם העכסטן שטאפל פון מענטשלעכער אנטוויקלונג, וואָס אן איינצלנער קאָן דערגרייכן אין זיין צייט.

אלע פעלקער האָבן דעמזעלביקן אינטערעס, אז זייער קול־טור זאָל זיין א וואָס ריי כערע, אלע פעלקער מוזן שטענדיק אָנזאמלען וואָס מער מאטעריעלע און גייסטיקע אוצרות. און זיי מוזן אויך זיין אין א גלייכן גראד פאראינטערעסירט, אז זייער סאָציאל לעבן זאָל פארשאפן פאר יעדן קינד פון דעם פאָלק א גלייכן צוטריט צו דעם נישט־אויסצושעפנדיקן ים פון מענטשלעכע קולטורעלע רייכקייטן.

פערזענלעכע פרייהייט און פארפולקאָממענונג, קולטורעלע רייכקייט און סאָציאלע גלייכהייט, — דאָס איז די העכסטע פאָר־מול פאר אלע אלגעמיין־מענטשלעכע אידעאלן, וואָס דארפן פארווירקלעכט ווערן אין די גרענעצן פון יעדן פאָלק באזונ־דער.

דורך דעם גופא ווערט פאראמתט אויך דער צווייטער פון די כללים, וועלכע מיר האָבן פריער ארויסגעשטעלט: „די העכ־סטע גיטער פון מיין פאָלק זענען די העכסטע גיטער פון דער מענטשהייט", און דעריבער בלייבט אין זיין קראפט אויך דער

לעצטער כלל, וואָס זאָגט, אז מיט די ווערטער: „דינען דעם פּראָגרעס פון .יער מענטשהייט" דארף מען מיינען נישט קיין אנדער זאך, ווי נאָר: „דינען דעם פּראָגרעס פון דעם אייגענעם פאָלק".

עס קאָנען דעריבער נישט זיין קיין קאָנפליקטן צווישן די אינטערעסן פון „מיין פאָלק" און די אינטערעסן פון דער „מענטשהייט" כּל זמן „מיין פאָלק" איז טריי צו זיין „מיסיע": פאַרווירקלעכן אין זיין לעבן די פאָדערונגען פון דעם אלמענטשלעכן פּראָגרעס.

און די ווערטער: „אלמענטשלעכער פּראָגרעס" קאָנען דאָ נישט האָבן קיין טייטש: „דער פּראָגרעס פון אלע מענטשן, וואָס געפינען זיך מחוץ פון מיין פאָלק". ניין! זיי מוזן אלעמאָל אויסגעטייטשט ווערן אין איין־און־דעמזעלביקן זין: „דער פּראָגרעס פון דעם „מהות מענטש" איז אין אונז אלעמען, אלץ איינס, ווו ער ווייזט זיך ארויס פריער, אין די גרענעצן פון מיין פאָלק, אָדער אין די גרענעצן פון אן אנדער פאָלק.

א פּאָר ביישפּילן וועלן, האָף איך, נאָך קלאָרער מאכן דעם ענין, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ.

לאָז זיין, אז „מיין פאָלק" האָט אין זיין לעבן ארויסגעבראכט א סאָציאלע איבערקערעניש, וואָס פאַרווירקלעכט אויף דעם בעסטן אופן יענע שטרעבן פון דעם „אלמענטשלעכן פּראָגרעס", וועלכער באשטייט אין דער פאָדערונג פון סאָציאלער גלייכהייט און גערעכטיקייט. און לאָמיר אויך אָננעמען — וואָס איז נישט איבעריקס ווייט פון דעם איצטיקן מנהג העולם — אז די גאנצע „מענטשהייט", ד. ה. אלע אנדערע פעלקער זענען קעגן אזא איבערקערעניש, און זיי דערקלערן „מיין פאָלק" א ביטערן קריג אויף לעבן און טויט.

מיר האָבן דאָ דעם קלאָרסטן פאל פון א קאָנפליקט צווישן „מיין פאָלק" און דער „מענטשהייט". „מיין פאָלק" שטרעבט דאָ צו אזא אידעאל, וואָס גייט להיפך צו די „אלגעמיין־מענטשלעכע" אידעאלן, ד. ה., די אידעאלן פון אלע איבעריקע פעלקער, א חוץ אים. מיין חוב האָט דעריבער געדאַרפט זיין — תמיד גע־

דענקען, אז „מיין פאָלק" איז נאָר א ט י י ל פון דער מענטש־הייט (דעם סכום פון אלע פעלקער) און אז א טייל מוז מען מקריב זיין צוליב דעם גאנצן כלל. מיין טעטיקייט מוז דעריבער באשטיין אין דעם, אז „מיין פאָלק" זאָל זיך אונטערגעבן „דער גאנצער מענטשהייט" און אָפּזאָגן זיך פון דעם סאָציאלן פּראָגרעס, וואָס עס האָט דורכגעפירט אין זיין לעבן, ווייל ער גייט להיפך צו דעם אויסגעשפּראָכענעם ווילן פון דערדאָזיקער „מענטש־הייט" (ד. ה., דעם סכום פון אלע פעלקער, א חוץ מיינעם).

נישט קוקנדיק אָבער אויף אזא קלאָרן פאל פון א ווירק־לעכן קאָנפליקט צווישן „פאָלק" און „מענטשהייט", וועט קיין פּראָגרעסיוועך מענטש, אפילו קיין קאָסמאָפּאָליט, וואָס שטעלט אוועק די „מענטשהייט" העכער פאר דעם אייגענעם „פאָלק", נישט זאָגן, אז „מיין פאָלק" דארף זיך דאָ אונטערגעבן צו דער „מענטשהייט". נאָכמער: ער וועט לגמרי לייקענען, אז דאָ קומט פאָר אַ קאָנפליקט צווישן „מיין פאָלק" און דער „מענטשהייט".

פארוואָס ?

דער ענטפער אויף אָט דער שאלה פירט אונז גלייך אריין אין דעם רעכטן צענטער פון דעם ענין: עס איז אין דעם פאל בישטאָ קיין קאָנפליקט צווישן „פאָלק" און „מענטשהייט", מחמת אָט וואָס פאר א טעם:

פאר דעם היסטאָרישן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט, איז „מענטשהייט" נישט אלעמאָל דער טייטש: דער סכום פון די ווירקלעכע פעלקער. אין די וויכטיקסטע פאלן, איז „מענטשהייט" דער טייטש: דער סכום פון די אלגעמיין־מענטשלעכע אידעאלן, וואָס דארפן אין יעדער צייט זיך אויפ־הויבן אויף אן אלץ העכערער שטופע און פאר־ווירקלעכט ווערן אין דעם לעבן פון יעדן פאָלק.

עס איז אוממעגלעך, אז אלע פעלקער זאָלן מיטאמאָל, ווי א רעגימענט סאָלדאטן אקסל לעבן אקסל, א הויב טאָן זיך

פון א נידעריקערער שטופע אויף א העכערער. איין פאָלק גייט אלעמאָל אין א וועלכן עס איז פרט פון פראָגרעס פאראויס פאר אלע פעלקער. עס מאכט דעם אָנהויב. און ווען „מיין פאָלק" האָט געמאכט דעם אָנהויב אין דעם סאָציאלן פראָגרעס, איז „מיין פאָלק" געוואָרן די מענטשהייט. ווייל מענטשהייט איז דאָ דער טייטש: „מענטשלעכער פראָגרעס", און דער קאָנפליקט, וואָס קומט פאָר אין דער ווירקלעכקייט איז דעריבער נישט קיין קאָנפליקט צווישן מיין פאָלק און דער מענטשהייט, נאָר צווישן יענע פעלקער און דער מענטשהייט, וואָס מיין פאָלק איז געוואָרן איר פאָנען-טרעגער.

קאָן מען אָבער אויך זאָגן, אז דאָס איז א קאָנפליקט צווישן יענע פעלקער און דער מענטשהייט?

לאָמיר נעמען אַן אַנדער פאַל, פונקט דעם היפך פון דעם פריערדיקן:

אַלע פעלקער (אַ חוץ „מיין פאָלק") האָבן פאַרווירקלעכט אין זייער לעבן די פאָדערונגען פון דעם סאָציאַלן פראָגרעס, און „מיין פאָלק" ווייל דערפון נישט וויסן, און אַזוי ווי עס איז אַ שטאַרק פאָלק, אַ קריגעריש פאָלק און האָט אַ גרויסן חיל, בעת די אַנדערע פעלקער האָבן אַ דאַנק דעם פראָגרעס זיך אינגאַנצן אַנטוואָפנט, ווייל עס דורך דער מאַכט פון זיינע כלי-זין אַרויפצווינגען אויף דער איבעריקער מענטשהייט דעם אַלטן סאָציאַלן סדר.

דאָ קאָן גאָר קיין ברעקל ספק נישט זיין, אַז מיר האָבן פאַר אונז אַ פאַל, ווו „מיין פאָלק" קעמפט אַנטקעגן דער גאַנצער מענטשהייט (דעם סכום פון די אַנדערע פעלקער) און פאַרזינדיקט זיך אַנטקעגן איר.

אָבער דער, וואָס האָט קלאָר אין אויג דעם פריערדיקן פאַל, ווען „מיין פאָלק" איז געווען דער פאָנען-טרעגער פון דעם מענטשלעכן פראָגרעס, יענער וועט גלייך איינזען, אַז די זינד, וואָס מיין פאָלק באַגייט אין דעם איצטיקן פאַל, באַשטייט נישט אין דעם, וואָס עס גייט זיך פאַנאַנדער מיט דער מענטשהייט, ווי דעם סכום פון די איבעריקע פעלקער, נאָר זיין גרויסע זינד באַשטייט

אין דעם, וואָס עס קעמפט אַנטקעגן דער מענטשהייט, ווי א פּאַנען־טרעגער פון דעם אַלמענטשלעכן פּראָגרעס.

דיזעלביקע זינד אַנטקעגן דער מענטשהייט וואָלט עס אָבער באַגאַנגען, ווען עס וואָלט געלאָזן די פּראָגרעסיווע פעלקער צורו און וואָלט נאָר געקעמפט אַנטקעגן יענע קינדער פון זיין אייגענעם פאָלק, וואָס ווילן אַרייַנפירן אין זיין לעבן די העכסטע שטופע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

נמצא, ווערט שוין דאָ דער קאָנפליקט צווישן „מיין פאָלק" און דער „מענטשהייט" צוריקגעפירט צו אַ גאַנץ אַנדער זאַך; דהיינו: צו אַ קאָנפליקט צווישן איין טייל פון מיין פאָלק און אַן אַנדער טייל זייַנעם, — אַ קאָנפליקט צווישן רעאַקציע און מענטשלעכן פּראָגרעס אין די גרענעצן פון איין־און־דעמזעלביקן פאָלק.

דער ווירקלעכער קאַמף און אַפילו קריג, וואָס קומט פאָר צווישן מיין פאָלק און די פעלקער, איז דאָ, אין גרונט גענומען, נאָר אַ פּועל יוצא פון יענעם אינעווייניקסטן צונויפשטויס, וואָס קומט פאָר אין פאָלק גופא.

אַזאַ צונויפשטויס שפּילט זיך אָבער אַלעמאָל אָפּ נאָר צוליב די אינטערעסן פון דעם אייגענעם פאָלק, מחמת אויך די פּראָגרעסיווע גרופּן זייַנע, וואָס טרעטן אַרויס ווי פּאַנען־טרעגער פון דעם אַלמענטשלעכן פּראָגרעס, האָבן דאָ אויך אין זינען קודם כל זיין אייגענע פּראָגרעסיווע אַנט־ וויקלונג.

און דאָס, וואָס איז אמת בנוגע איין פאָלק, וואָס וויל קעמפן אַנטקעגן דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט, איז ממילא אמת פאַר אַלע פעלקער, וואָס וואָלטן אינאיינעם אויפגעהויבן דעמזעלביקן קאַמף אַנטקעגן אַ פּראָגרעסיוו פאָלק, וואָס ווערט דער פּאַנען־טרעגער פון די מענטשלעכע אידעאַלן.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי זענען די גרעסטע מאַיאָ־ ריטעט פון דער מענטשהייט און דאָס פּראָגרעסיוו פאָלק איז נישט מער ווי אַ מיעוט, איז עס „די מענטשהייט" און נישט זיי.

מיר קומען דעריבער צום שלוס, אַז אומעטום, ווו עס קומט פאָר אַ קאָנפליקט צווישן „מיין פאָלק" און דער „מענטשהייט" אויף דעם באָדן פון יענע פרינציפּן, וואָס דאַרפן באַהערשן די מענטשלעכע קולטור, איז דאָס אין תּוך אַריין נישט קיין צו־נויפשטויס פון פאָלק און מענטשהייט, נאָר אַ צונויפשטויס פון... ווילדקייט און מענטשלעכקייט אין די גרענעצן פון אַ פאָלק.

פאָלק איז די מענטשהייט. אַלגעמיין־מענטשלעכע אידעאַלן — נישט קיין אַנדער זאַך ווי פאָלקס־אידעאַלן, ד. ה. אידעאַלן, ווי אַזוי אַ פאָלק זאָל אַלץ מער און מער פאַרלירן זיין ווילדקייט, אין וועלכער ער איז געבאָרן געוואָרן, און דערגרייכן אַלץ העכערע מדרגות אין זיין פּראָגרעסיווער מענטש־לעכער אַנטוויקלונג.

עס זענען אָבער דאָ גאַנץ אַנדערע אַרטן צונויפשטויס צווישן „פאָלק" און „מענטשהייט", ווו דער באַגריף „מענטשהייט" דאַרף שוין אָנגעווענדעט ווערן אין זיין געוויינלעכער באַדייטונג, ווי אַ סכום פון פעלקער.

## VI

אין דעם פאַרלויף פון אונזערע באַטראַכטונגען האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס וואָרט „מענטשהייט" האָט צוויי פאַרשיי־דענע טייטשן. איינמאָל פאַרשטייט מען אונטער דעם וואָרט דעם סכום פון אַלע פעלקער. אַן אַנדער מאָל דאַרף מען דאָס וואָרט „מענטשהייט" פאַרשטיין אינם זין פון מענטשלעכקייט, פון מענטשלעכן פּראָגרעס אין די גרענעצן פון איין־איינציקן פאָלק, דאָס שטרעבן פון יעדן פּראָגרעסיוון פאָלק צו פאַרווירק־לעכן אין זיין לעבן די אידעאַלן פון פערזענלעכער פרייהייט און פאָלקאָמענהייט, פון קולטורעלער רייכקייט און סאָציאַלער גע־רעכטיקייט.

מיר האָבן אויך געזען, אַז אָט די אידעאַלן און פאָדערונגען

פון דעם מענטשלעכן פראָגרעס זענען פאַר אַלע פעלקער איינע־און־דיזעלביקע אין זייער אינעווייניקסטן תּוך. די פראָגרעסיווע פעלקער שיידן זיך דאָ פאַנאַנדער נאָר אין די פּרטים פון דער דורכפירונג, אין די פאַרשיידענע פ אָ ר מ ע ן, אין וועלכע עס דריקט זיך בײַ זיי אויס דער תּוך פון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן פראָגרעס.

און כמעט יעדער מענטשלעכער תּוך, יעדע מענטשלעכע שאַפונג, — דער עיקר אין די העכערע עולמות פון דער קול־טור, — מוז אָננעמען בײַ די פאַרשיידענע פעלקער אַ פאַרשיי־דענע געשטאַלט.

פעלקער לעבן אין פאַרשיידענע ל ע נ ד ע ר, וואָס לייגן אַרויף מיט זייער קלימאַט און זייער גאַנצער געאָגראַפישער סביבה אַ געוויסן שטעמפּל אויף דער פאָלקס־נשמה. בײַ יעדן פאָלק אין די אָדערן שטראָמט אַ גאַנץ אַנדער „מענטשלעך“ בלוט, וואָס באַ־שטימט זיין ספּעציפישע ר אַ ס ע, יעדעס פאָלק האָט אין דעם משך פון זיין ג ע ש י כ ט ע דורכגעלעבט גאַנץ אַנדערע פּאַסירונ־גען, וואָס האָבן איבערגעלאָזן אין זיין זכּרון פאַרשיידענע דערי־בערונגען און ט ר אַ ד י צ י ע ס. יעדעס פאָלק — אָדער כּ מ ע ט יעדעס פאָלק, — רעדט זיין אייגענע ש פּ ר אַ ך, באַשאַפט אַ באַ־שטימטן פורעם, אין וועלכן עס גיסן זיך אויס זיינע געדאַנקען און ווי זיי ווערן געפורעמט.

לאַנד און שפּראַך, ראַסע און געשיכטלעכע איבערלעבונגען שמידן אויס די אינדיווידואַליטעט, די אייגנאַרטיקייט פון אַ פאָלק, וואָס צווינגט אים אַרויסצוברענגען גאַנץ אַנדערע פאָרמען פון דער מענטשלעכער קולטור, איידער די, וועלכע ווערן אַרויסגע־בראַכט פון אַן אַנדער פאָלק מיט אַן אַנדערער אייגנאַרטיקער אינדיווידואַליטעט.

אָבער אָט די פאַרשיידענע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פאָרמען פון דער מענטשלעכער קולטור זענען נישט קיין גלייכגילטיקע צווייט־גראַדיקע זאַך אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. זיי שפּילן די וויכטיקסטע ראָלע אין דעם זיך פאַנאַנדערבליען און

פאַנאַנדערוואַקסן פון דער „מענטשלעכקייט” און דער מענטש־הייט.

קודם ברענגען זיי אַרויס אַן אומגעהייערע ר י י כ ק י י ט אין דעם שאַפן פון דער גאַנצער מענטשהייט, דערעיקר אין די העכערע עולמות פון דער גייסטיקער קולטור. דער בעסטער ביישפּיל און באַווייז דערצו איז די אַזוי אָנגערופענע שיינע ליטעראַטור.

נעמט, לאָז זיין, דעם רעאַליסטישן ראָמאַן, וואָס האָט זיך אומעטום פאַנאַנדערגעבליט ביי די מאָדערנע פּראָגרעסיווע פעלקער. אין רוסלאַנד — די גאָגאָלס, טורגעניעווס, טאָלסטאָיס, פּיסעמסקיס; אין ענגלאַנד — די טעקערייס און די דיקענסעס; אין פראַנקרייך די באַלזאַקס, זאָלאַס, דאָדעס און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער.

די רייכקייט שטאַמט דאָ נישט פון דעם, וואָס אַ סך מ ע נ ט ש ן האָבן זיך, ווי יחידים, באַטייליקט אין דעם פּראָצעס פון דעם רעאַליסטיש־ליטעראַרישן שאַפן, נאָר דערפון, וואָס אַ סך פ ע ל ק ע ר, ווי קולטור־שאַפנדיקע אָרגאַניזמען, האָבן אויפגענומען איין־און־דיזעלביקע קולטור־אויפגאַבע אויף זייערע אייגענע אייגנאַרטיקע פלים. איין פאָלק, — און ווען אַפילו עס וואָלט אַריינגענומען אין זיך די גאַנצע מענטשהייט, — וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסברענגען אַזויפיל פאַרשיידנפאַרביקע נואַנסאָנאַלע מ י נ י ם פון איין־און־דערזעלביקער מענטשלעכער קולטור־דערשיינונג, דעם רעאַליסטישן ראָמאַן.

און וואָס עס איז אמת פאַר איין ריכטונג אין דער ליטעראַטור, איז אמת פאַר אַלע אירע ריכטונגען אין דעם גאַנצן משך פון איר געשיכטע. און וואָס עס איז אמת פאַר דער ליטעראַטור, איז אויך אמת פאַר אַלע אַנדערע צווייגן פון דער מענטשלעכער העכערער קולטור. פאַר דער קונסט בכלל, פאַר דער פילאָזאָפיע, פאַר דער רעליגיע.

דער גרעסטער טייל פון אָט די געשאַפענע העכערע גייסטיקע אוצרות בלייבט אין די גרענעצן פון יענעם פאָלק, וואָס האָט זיי באַשאַפן. אָבער דער גרעסטער טייל פון די ב ע ס ט ע

פּראָדוקטן, וואָס אַ פּאָלק ברענגט אַרויס, ווערן איבערגענומען — אין איבערזעצונגען — אין די קולטורן פון די אַנדערע פעלקער און באַרייכערן זיי אויף אַן אומגעהייערן אופן.

אָט די אומגעהייערע באַרייכערונג פון דער מענטשלעכער קולטור האָבן מיר גאַנץ זיכער צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס די מענטשהייט באַשטייט פון פאַרשיידענע פעלקער, פון זעלבּשטענדיקע קולטור־אָרגאַניזמען. אָבער נישט נאָר דאָס אַליין האָבן מיר צו פאַרדאַנקען יענעם פאַקט. נאָך אַ וויכטיקערע זאַך שטאַמט פון אים: די מעגלעכקייט פון אַ נישט־איינגעשטילטן וויטער־ברויזן פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעסיוון שאַפן.

וואָלט די מענטשהייט באמת באַשטאַנען נאָר פון איין־איינציקן פאָלק, מיט איין שפּראַך, מיט איין אַרט בלוט אין די אָדערן, מיט איין אַרט קולטור און מיט פונקט דיזעלביקע געשיכטלעכע איבערלעבונגען, וואָלט זי זיך באַלד געפונען אין דעם צושטאַנד פון יענע מיליאָנען כינעזער, וואָס האָבן זיך אַמאָל אַרומגערינגלט מיט אַ שטיינערנער וואַנט און אויף אַזאַ אופן זיך אָפּגעשיידט פון די איבעריקע פעלקער. זייער קולטור איז באַלד, ווי אַ שטייענדיק וואַסער, פאַרזומפּט און פאַרוואַקסן געוואָרן.

דער שטענדיק פאָראויס־ברויזנדיקער שטראָם פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס ווערט נישט איינגעהאַלטן און נישט איינגעשטילט נאָר דערפאַר, וואָס די מענטשהייט באַשטייט נישט פון איין פאָלק נאָר פון מערערע פעלקער, וואָס ווירקן איינע אויף די אַנדערע. יעדעס מאָל קומט אַ וואַסער עס איז פאָלק אַרויס מיט אַ וואַסער עס איז נ י י ס, וואָס רודערט אויף די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע אַנדערע פעלקער און לאָזט זיי נישט איינשלאָפן.

זיי לערנען איינס פון דעם אַנדערן, בייטן זיך אויס מיט זייערע דערפאַרונגען און פּראָדוקטן און וואַרפן זיך איבער מיט די פעדים פון יענעם געוועב, וואָס יעדעס פאָלק וועבט פאַר זיך אַליין, אָבער וואָס ווערט, — אַ דאַנק אָט דעם שטענדיקן איבערוואַרפן זיך מיט די פעדים, — צ ו נ ו י פ ג ע ו ו ע ב ט

*אינאיינעם*, נישט נאָר אין איין מענטשלעכער קולטור, נאָר אויך אין איין מענטשלעכער *פיל־פעלקערלעכער* קולטור.

אין אָט דעם פונקט טרעט ערשט אַרויס די גאַנצע באַדייטונג פון דער „מענטשהייט״, ווי אַ סכום פון פאַרשיידענע פעלקער. מיט דער פיל־פעלקערלעכקייט ווערט באַשאַפן אַ ניי פעלד פון דער מענטשלעכער קולטור: *די צווישנפעלקערלעכע באַציאונגען*. עס שטייען אויף נייע „*אינטערעסן פון דער מענטשהייט*״: ווי אַזוי אויסצוגעשטאַלטן די באַציאונגען צווישן די פעלקער, אַז עס זאָלן האַרמאָניזירן זייערע אַלע־מענס שטרעבונגען צו „מענטשלעכקייט״ אין דעם אינעווייניקסטן לעבן פון יעדן פאָלק און אין דעם צונויפלעבן פון די פעלקער אין איין „מענטשהייט״, און עס ווערט געבאָרן נאָך אַ פערטער וואָרצלהאַפטער *אידעאַל* ביי דער מענטשהייט: *די אַנטוויקלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט*.

אויך אָט דער אידעאַל פון אַ סאָלידאַריש־לעבנדיקער מענטשהייט איז קודם כל אַ מענטשלעכקייטס־אידעאַל, און זיין טראַגישע אַנטוויקלונג גייט לויט דערזעלביקער פאָרמול, וואָס פאַר יעדער פּראָגרעסיווער שטרעבונג: „מאפילה לאור גדול״: פון דער געדיכטער פינסטערניש צו דער ליכטיקער צוקונפט, פון דער טיפסטער ווילדקייט צו די העכסטע שטאַפּלען פון הומאַניטעט.

די צווישנפעלקערלעכע באַציאונגען הויבן זיך אָן מיט אַ צושטאַנד פון בוכשטעבלעכן קאַניבאַליזם, פון מענטשנפרעסעריי. פעלקער האָבן *געפרעסן* איינס די אַנדע־ע, אין דעם פשוטן בייסנדיקן, קייענדיקן און שלינגענדיקן זין פון וואָרט. מיט אַזאַ נידעריקער שטופע פון ווילדקייט האָט זיך נישט אָנגעהויבן קיין איין מענטשלעכער אידעאַל, און קיין איין מענטשלעכער אידעאַל האָט נישט געהאַט אויסצושטיין אַזאַ האַרטן ביטערן קאַמף מצד דער ווילדקייט.

אַ סך פרימיטיווע פעלקער, וואָס האָבן זיך אין זייער אינעווייניקסטן לעבן אויפגעהויבן צו אַ גאָר הויכער מדרגה פון מענטשלעכקייט אין דעם פרט פון ברידער־ליבע צו די קינדער

פון דעם אייגענעם פאָלק, האָבן נישט בלויז מתיר געווען, נאָר געהאַלטן פאַר אַ מאָראַלישן הויך-געשעצטן חוב אויפצוועסן זייערע „פיינט״, די קינדער פון אַן אַנדער פאָלק, ווען זיי פלעגן אַריינפאַלן אין זייערע הענט אין קריג.

שפּעטער איז דער קאַניבאַליזם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שקלאַפעריי, נאָך שפּעטער — אין לענדער-און-פעלקער-שלינגעריי, ווו דער גוף און אויך די פערזענלעכע פרייהייט פון דעם „פרעמדן״ ווערט (אויך דאָס נישט אומעטום!) אָנערקענט און געשיצט, אָבער דאָס פ אָ ל ק ס-ל ע ב ן פון דעם פרעמדן פאָלק, זיין זעלבשטענדיקע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, זיין מיסיע אויף דער וועלט, — אַרויסצוברענגען אַן אייגנאַרטיקע מענטשלעכע קולטור, — ווערט געטראָטן מיט די פיס.

אין אָט דעם פעריאָד פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס לעבן מיר נאָך איצטער, דער ווילדקייטס-צושטאַנד פון דער „מענטשהייט״ בנוגע דעם אינטערנאַציאָנאַלן אידעאַל איז גענוג בולט אַרויסגעטראָטן סיי אין דעם וועלט-קריג און סיי אין דעם ווערסאַלער „וועלט-פרידן״, מען זאָל זיך דאַרפן באריכות אָפּשטעלן אויף זיין שילדערונג. און בעת די לעצטע פאַר יאָרהונדערטן האָבן געבראַכט גאַנץ קלאָרע, ממשותדיקע נצחונות פאַר די דריי אַנדערע אידעאַלן פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, האָט דער געדאַנק פון צווישנפעלקערלעכער ברידערלעכקייט נאָך ערגעץ-נישט אַרויסגעבראַכט קיין ממשותדיקן רעזולטאַט, אויף וועלכן מען זאָל קאָנען שוין אָנווייזן אין דעם פּאָליטישן לעבן.

און אַפילו מיט דעם ערשטן קערנדל פון אַזאַ ממשותדיקער פאַרווירקלעכונג, מיט דער פאַרהויקערטער „פעלקער-ליגע״, וועלכע די פּראָגרעסיווסטע מענטשהייט האָט אויסגעאַרבעט און וואָס טראָגט נאָך אַזוי פיל סימני-ווילדקייט אויף זיך, איז מען נאָך אויך נישט זיכער, עס קאָן זיין, אַז אַפילו אַ זאַ פעלקער-ליגע איז נאָך אַ ווייטער חלום פאַר אונזער איצטיקער מענטשהייט.

די אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דער „מענטשהייט״, ד. ה. פון אַזעלכע פעלקער, וואָס דאַרפן לעבן ברידערלעך צווישן

זיך, שטויסן זיך דאָ אָן אָן די עגאָאיסטישע אינטערעסן פון די איינצלנע פעלקער.

איך דאַרף אָבער נישט פיל באַווייזן דעם לייענער, אַז אויך אָט דער צוזאַמענשטויס איז נישט קיין אַנטאַגאָניזם פון פאָלקס־אינטערעסן און מענטשהייטס־אינטערעסן, ווייל די אַנטוויקלונג פון אינטערנאַציאָנאַלע געפילן און געזינונגען איז, — ווי יעדער אידעאַל פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, — אין ערשטער ליניע אַן אינעווייניקסטע פאָלקס־אָנגעלעגנהייט.

אויך דער קאַמף פאַר אינטערנאַציאָנאַליזם מוז זיך אָפּשפּילן אין די גרענעצן פון יעדעס פאָלק באַזונדער. און אויך דאָ איז עס נישט קיין אַנדער זאַך ווי דער קאַמף פאַר דעם פאָלקס־פּראָגרעס, אַ קאַמף פון זיינע אייגענע קינדער אַנטקעגן זיין ווילדקייט צוליב אַ העכערער שטופע פון זיין מענטשלעכקייט.

VII

די עובדא פון דער „מענטשהייט״ אויף דער וועלט איז אַרויסצובערענגען „מענטשלעכקייט״, מענטשלעכן פּראָגרעס. דער מענטשלעכער פּראָגרעס האָט אַ פירפאַכע וואָרצל: פּערזענלעכע פרייהייט און פאַרפולקאָמענונג, קולטורעלע רייכקייט, סאָציאַלע גערעכטיקייט און אינטערנאַציאָנאַלע ברידערלעכקייט.

פּערזענלעכע פרייהייט און סאָציאַלע גערעכטיקייט קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן אין די גרענעצן פון איינאיינציקן פאָלק, אַפילו ווען עס זאָל זיין אינגאַנצן אויסגעשלאָסן פון דער איבעריקער מענטשהייט. קולטורעלע רייכקייט ווערט דערגרייכט אַ דאַנק דער ווירקונג און אַנטקעגן־ווירקונג פון איין פאָלק אויף דעם אַנדערן, און אינטערנאַציאָנאַלע ברידערלעכקייט פאַרלאַנגט שוין אַן אָרגאַניזירטע פאַראייניקונג פון אַלע פעלקער אין איין אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

אָבער אויך די צוויי לעצטע אידעאַלן קאָנען און מוזן

דורכגעפירט ווערן קודם כל אין די גרענעצן פון יעדן איינצל-פאָלק. די רייכקייט פון דער פיל-פעלקערלעכער קולטור האָט נאָר דעמאָלט אַ רעאַלע ממשות, ווען יעדעס פאָלק קאָן האָבן אַ צוטריט צו איר, ד. ה., ווען די בעסטע פּראָדוקטן פון אירע אוצרות, וואָס זענען אָנגעזאַמלט אין די פאַרשיידנסטע שפּראַכן, ווערן איבערגענומען דורך איבערזעצונגען אין די קולטור-שפּייכלערס פון די איינצלנע פעלקער. און די אינטערנאַציאָנאַלע ברידערלעכקייט, וואָס דאַרף זיך אויסדריקן אין אַ פאַראייניקונג פון פעלקער, קאָן נאָר דעמאָלט האָבן אַ קיום, ווען יעדעס איינצל-פאָלק וועט זיך באַפרייען פון דער פּרימיטיווער ווילדקייט, וועט אויפהערן צו קוקן אויף די קינדער פון אַן אַנדער פאָלק, ווי אויף זיינע נאַטירלעכע שונאים, און וועט איינזען, אַז אַלע פעלקער מוזן לעבן פאַראייניקט, כדי יעדעס פאָלק זאָל קאָנען אומגעשטערט ווייטער פירן דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

כל זמן גרויסע טיילן פון אַזאַ פּראָגרעסיוון פאָלק, ווי די אַמעריקאַנער, קאָנען נאָך אויפהויבן אַ געשריי: „אונזער פאָלק איז אין געפאַר!" ווייל אַמעריקע ווערט איינגעלאַדן צוצושטיין צו אַ שוואַכן, האַלב-באַרבאַרישן אָנהויב פון אַ צווישנפעלקערלעכער פאַראייניקונג; כל זמן יענע טיילן האָפן צו געווינען דאָס פאָלק פאַר זיך, ווען זיי וועלן קעמפן פאַר „אַמעריקאַניזם אַנטקעגן אינטערנאַציאָנאַליזם", קאָן נאָך פון אַן אמתער צווישנפעלקערלעכער ברידערשאַפט נישט זיין קיין ערנסטע רייד.

דער אינטערנאַציאָנאַליזם קאָן נאָר דעמאָלט מקוים ווערן אין דער מענטשהייט, ווען ער וועט פריער מקוים ווערן אין דער געזינונג פון „מיין פאָלק", ווען „מיין פאָלק" וועט אים אויפנעמען, ווי איינעם פון אירע העכסטע גיטער.

אויף אַזאַ אופן ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך דעמאָלט, ווען מיר נעמען די מענטשהייט אין דעם געוויינלעכן זין פון דעם וואָרט, ווי אַ סכום פון פאַרשיידענע פעלקער, איז אמת דער גרונט-כלל פון „אין בכלל אלא מה שבפרט": „עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער מענטשהייט, וואָס זאָל נישט זיין אין „מיין פאָלק".

און ממילא ווערן נאָך קלאָרער אַלע אַנדערע כּללים, וואָס זענען אַזוי וויכטיק פֿאַר אונזער ענין: „די העכסטע גיטער פֿון דער מענטשהייט זענען די העכסטע גיטער פֿון מיין פֿאָלק״; „די אינטערעסן פֿון דער מענטשהייט זענען די אינטערעסן פֿון מיין פֿאָלק״ און „דינען דער מענטשהייט האָט נישט קיין אַנדער טייטש, ווי נאָר: דינען דעם אייגענעם פֿאָלק״.

מחמת: מיין פֿאָלק איז דער טרעגער פֿון דער מענטשהייט. אין אים ווערט „מענטשהייט״ געבאָרן, פֿאַרווירקלעכט, אויפֿגעהאַלטן און ווייטער געפֿירט.

מיין חוב בנוגע צו דער מענטשהייט איז דעריבער אַזאַ: איך דאַרף אָנווענדן אַלע מיינע כּחות, אַז מ י י ן פֿאָלק זאָל תּמיד קאָנען זיין אַ פֿרייער טרעגער און באַשאַפֿער פֿון דער „מענטשהייט״; אַז אין ז י י ן לעבן זאָלן אויפֿן פֿולקאָמסטן אופֿן פֿאַרווירקלעכט ווערן די פֿירפֿאַכע פֿאָדערונגען און אידעאַלן פֿון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

דערצו איז אָבער נויטיק ד ע ר ע ר ש ט ע ר פֿ אָ ר ב אַ ד י נ ג, אַ תּנאַי מוחלט, פֿון וועלכן ק י י ן פֿאָלק טאָר זיך נישט אָפּזאָגן: ד י פּ אָ ל י ט י ש ע פֿ ר י י ה י י ט א ו ן ז ע ל ב ש ט ע נ ד י ק י י ט, די פֿולסטע מעגלעכקייט צו זיין דער געשטאַלטער פֿון דעם אייגענעם לעבן, דער פֿאַרווירקלעכער פֿון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

אָט די פּאָליטישע פֿרייהייט און זעלבשטענדיקייט פֿון „מיין פֿאָלק״ קאָן באַגרענעצט ווערן פֿון דער „מענטשהייט״ נאָר צוליב די פֿאָדערונגען פֿון דעם פֿערטן גרונט־אידעאַל: ד ע ר אִ י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ב ר י ד ע ר ל ע כ ק י י ט. נ אָ ר אַ פֿ אַ ר־אֵ י י נ י ק ו נ ג פֿ ו ן פֿ ע ל ק ע ר, אין וועלכער מיין פֿאָלק זאָל אַריינגיין, ו ו י אַ ן אַ ב ס אָ ל ו ט ג ל י י כ ע ר מ י ט ג ל י ד א ו ן ב ר ו ד ע ר, קאָן אַרויפֿלייגן אויף אים געוויסע התחייבותן, וואָס רעגולירן אַלע צווישנפֿעלקערלעכע באַציאונגען פֿאַר אַלעמען גלייך. און יענע התחייבותן דאַרפֿן זיין אַזעלכע, וואָס זאָלן קיין פֿאָלק נישט שטערן, נאָר אדרבא, יעדן פֿאָלק העלפֿן אין דער אַרויסברענגונג פֿון „מענטשהייט״: ד. ה. פֿון פֿערזענלעכער פֿרייהייט

און פאַרפּאָלקאָמונג, פון קולטורעלער רייכקייט, פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און פון אינטערנאַציאָנאַלער ברידערלעכקייט.

דאַרף איך נאָך איצטער באַזונדערס אויסטייטשן, וועלכע אויפגאַבן עס וואַקסן דערפון אַרויס פאַר דער פּראָגרעסיווער טעטיקייט פון „מיין פאָלק", ד. ה., דעם יידישן פאָלק?

זאָל יעדער איינער פאַר זיך, מיט אַ בלייפען אין דער האַנט, מאַכן דעם חשבון פאַר אונזער פאָלק! זאָל ער פּרווון ענטפערן זיך אַליין, וואָס אונזער פאָלק קאָן איצטער אויפטאָן פאַר דער אַרויספירעגונג פון „מענטשהייט" אין דעם אייגענעם לעבן!

קאָנען מיר, צעזייעט און צעשפּרייט צווישן אַנדערע פעלקער, פאַרזיכערן און אויסבויען פּערזענלעכע פרייהייט פאַר יעדן איינעם פון אונז? — — — בעת מיר קאָנען נאָך אפילו נישט פאַרזיכערן דאָס פּערזענלעכע לעבן פון יעדן יידן, בעת דאָס לעבן פון מיליאָנען קינדער פון אונזער פאָלק איז איבערגעגעבן אויף דעם גענאָד און אומגענאָד פון פעלקער, וועלכע שטעקן נאָך אין דער טיפסטער ווילדקייט!

קאָנען מיר שטרעבן אין דער אָרגאַניזאַציע פון אונזער דערציאונג אַרויסצופירעגן פון אונזערע קינדער וואָס פולקאָמענערע מענטשן? — — — בעת דאָס רעכט, מיר אַליין זאָלן דערציען אונזערע קינדער, זאָלן רעדן צו זיי אין אונזער שפּראַך, איז נאָך אומעטום אָפּגעפרעגט, אָדער, לפחות, אומעטום אַרומגערינגלט מיט די גרעסטע שוועריקייטן!

קאָנען מיר אַרויסברענגען אַ רייכע יידישע קולטור, — אַ מאַטעריעלע און גייסטיקע, — אַ גאַנצע, פילזייטיקע און אייגנאַרטיקע; אַ שפּייז-קאַמער פאַר זיך און אַ באַרייכערונג פאַר די איבעריקע פעלקער פון דער מענטשהייט? — — — בעת עס פעלט אונז דער באָדן, אין וועלכער אַזאַ אייגנאַרטיקע נאָרמאַלע קולטור קאָן איינגעפלאַנצט ווערן, — אַן אייגן לאַנד! בעת עס פעלט אונז די לופט, אין וועלכער אַזאַ אייגנאַרטיקע קולטור קאָן זיך פאַנאַנדערוויקלען: אַן אייגענע אומגעשטערטע נאַציאָנאַלע סביבה!

איז דאָ אַ מעגלעכקייט פֿאַר אונז דורכצופֿירן אין אונזער לעבן די פֿאָדערונגען פֿון סאָציאַלער גערעכטיקייט?... בעת מיר זענען אומעטום אַ קליינינקער מיעוט, און אונזער סאָציאַל לעבן ווערט דיקטירט פֿון דער מאַיאָריטעט, צווישן וועלכער מיר לעבן, פֿון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וועלכע יענע מאַיאָריטעט באַשאַפֿט, פֿון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג, וועלכע יענע מאַיאָריטעט באַשטימט!

קאָנען מיר וואָס עס איז אויפֿטאָן פֿאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער ברידערלעכקייט? בעת מיר האָבן קיין ברעקל שטים און דעה נישט אין די צווישנפֿעלקערלעכע באַציאונגען! בעת די קליינע פֿייערלעך פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער געזינונג און ברודער־ליבע צו דער מענטשהייט, וועלכע מיר, פּראָגרעסיווע יידן, זענען מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג אויפֿצוהאַלטן אין דעם לעבן פֿון אונזער פֿאָלק, — בעת אָט די קליינע פֿייערלעך, זאָג איך, ווערן טאָג־טעגלעך אויסגעלאָשן פֿון טייכן יידיש בלוט, וואָס די „מענטשהייט״ גיסט אויף זיי, — די־זעלביקע „מענטשהייט״, וואָס דאַרף אונז זיין איינגעבאַקן אין האַרצן!!

זאָל יעדער איינער, זאָג איך, מאַכן פֿאַר זיך, מיט אַ בלייפֿעדער אין דער האַנט, דעם חשבון פֿאַר אונזער פֿאָלק, און ער וועט צו זיין איבעררעשונג אויסגעפֿינען, אַז אין דער איצטיקער מענטשהייט איז נאָר דאָ איין פֿאָלק, וואָס קאָן ביי דעם בעסטן ווילן גאָרנישט נישט טאָן פֿאַר איר, פֿאַר דער מענטשהייט, — דאָס יידישע פֿאָלק.

דאָס יידישע פֿאָלק, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין דער וועלט־געשיכטע אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק פֿון אַן איינהייטלעכער מענטשהייט! וואָס האָט צום ערשטן מאָל אויפֿגעשטעלט די פֿאָדערונג, אַז מענטשן זאָלן לעבן ווי ברידער אין די גרענעצן פֿון איין פֿאָלק און אַז פֿעלקער זאָלן לעבן ווי ברידער אין די גרענעצן פֿון איין מענטשהייט! וואָס האָט אַרויסגעבראַכט פֿון זיך די בערנעס, וועלכע האָבן געפּריידיקט, אַז די אינטערעסן פֿון דער מענטשהייט דאַרפֿן שטיין העכער פֿון די אינטערעסן פֿון „מיין פֿאָלק״!

אָט דאָס יידישע פאָלק קאָן איצטער גאָרנישט נישט טאָן פאַר דער מענטשהייט, נישט קוקנדיק אויף די אומגעהייערע קרבנות, וועלכע די איינצלנע קינדער זיינע ברענגען אויף דעם מזבח פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

אונזער פאָלק קאָן ביי דעם בעסטן ווילן גאָרנישט נישט טאָן פאַר דער מענטשהייט, ווייל כדי צו קאָנען עפּעס טאָן דאַרף מען זיין פריי, דאַרף מען זיין דער באַלעבאָס אויף די אייגענע האַנדלונגען. אונזער פאָלק איז אָבער דאָס פאַרשקלאָפּטסטע פאָלק אין דער וועלט! עס קאָן נישט אַרויסברענגען פריי זיין אייגענעם ווילן, נישט אין דעם עקאָנאָמישן לעבן, נישט אין דעם יורידישן לעבן, נישט אין דעם סאָציאַלן לעבן, נישט אין דעם פּאָליטישן לעבן, נישט אויף דעם פעלד פון צווישנפעלקערלעכע באַציאונגען, אַפילו נישט אין דער אַטמאָספער פון דעם ריין־קולטורעלן שאַפן.

עס איז פאַרשקלאַפּט, זיין ווילן איז געבונדן אין אַלע פּרטים פון אַ פאָלקס־לעבן.. וואָס קאָן אַ שקלאַף אויפטאָן פאַר דער מענטשהייט ? און וואָס פאַר אַ ווערט קאָן אַ שקלאַף האָבן פאַר דער מענטשהייט ?

און וואָס פאַר אַ ווערט ער האָט פאַר דער מענטשהייט, אַזאַ מערכה האָט עס ביי איר...

דער, וואָס וועט אַזוי דורכנעמען כסדר, פונקט נאָך פונקט, דעם חשבון פון אונזער פאָלק, וועט מוזן קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז אין דער איצטיקער צייט איז פאַר אַ יידן דאָ נאָר איין וועג, ווי צו „דינען דער מענטשהייט": דאָס איז די אַרבעט צוליב דער פולער און גאַנצער באַפרייאונג פון דעם אייגענעם פאָלק. די אַרבעט, וואָס זאָל אַוועקשטעלן דאָס פאָלק אין אַזעלכע לעבנס־באַדינגונגען, ווו עס זאָל ווידער קאָנען ווערן דער גאַנצער באַלעבאָס אויף זיין אייגענער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, אויף זיין באַשטרעבן אַרויסצוברענגען „מענטשהייט" אין זיך, — אויף זיין באַשטרעבן צו פאַרווירקלעכן די פאָדערונגען פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס אין פּערזענלעכער פולקאָמענהייט און פרייהייט, אין קולטורעלער

דייכקייט, אין סאָציאַלער גערעכטיקייט או ן אינטערנאַציאָנא-
לער ברידערלעכקייט.

אָט דער אידעאַל פון דער פולער פאָלקס-באַפרייאונג דאַרף
ווערן די צענטראַל-זון פון דער יידישער פּראָגרעסיווער טעטיקייט...
צוליב דער „מענטשהייט". איר צ שטראַלן דאַרפן באַלייכטן אונ-
זער יעדן שריט.